# גי דע מאָפּאַסאַן'ס

## געזאַמעלטע ווערק

איבערזעצט פון

## לעאָן קאָבריז.

# X.

ארויסגעגעבען פון „פאָרווערטס"
175 איסט בראָדוויי, ניו יארק
1918

# אינהאַלטס-פערצייכניס:

צאָהל פון
פּײדזשעס.

# קאַקאַנים, קאַקאַנים, פרישע קאַקאַנים!



יך האָב געהערט ווי מען דערצעהלט פונ׳ם טויט פון מיין אָנקעל אַל. וויער.

איך האָב געוואוסט, אז אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט שטיל און רוהיג געזאָלט אויסהויכען זיין לעצטען אָטהעם אין שאָטען פון זיין גרויס צימער, וואו די לאָדענס זיינען פערמאכט געווען צוליעב דער ברענענדיגער זון, האָט זיך אין דער שטיקענדיגער שטילקייט פון דעם דאָזיגען הייסען זומערדיגען נאָכמיטאג, פּלוצים דער־הערט אין גאס דאָס קלינגען פון א קליין גלעקעלע. גלייך נאָכ־דעם האָט א הילכיגע שטימע דורכגעשניטען די שווערע לופט: „פרישער קאָקוסנים, דערפרישט זיך, ווער עס וויל, קאָקוסנים, קאָקוס־נים, ווער וויל קאָקוסנים!". דער אָנקעל האָט געמאכט א בעוועגונג, עטוואס עהנליכעס צו א שמייכעל האָט א שוועב געטהאָן אויף זיי־נע ליפּען, דער לעצטער שטראהל פון פרייד האָט א בליץ געטהאָן אין זיינע אויגען, וועלכע זיינען באלד אויף אייביג פערלאָשען גע־וואָרען.

איך בין געווען דערביי, ווען מען האָט געעפענט זיין צואה. מיין קאָזין זשאַק האָט, פערשטעהט זיך, גע׳ירשנ׳ט דאָס גאנצע איי־גענס פון זיין פאָטער. מיינע עלטערן איז, אלס אן ערינערונג, אָב־געזאָגט געוואָרען געוויסע שטיקער מעבעל, אָבער דער שלום פון דער צואה איז געווען געווענדעט צו מיר: „מיין קליינעם פּלי־מעניק פּיער, לאָז איך איבער א מאַנוסקריפּט פון עטליכע בויגעלאָך פּאַפּיער, וועלכע מען וועט געפינען אין דעם לינקען שופלאָד פון מיין שרייבטיש, דאן 500 פראנק אויף צו קויפען א יעגער ביקס

און הונדערט פראַנק וועט ער אָבגעבען פון מיר דעם ערשטען הענד־לער מיט קאַקוסנים, וועלכען ער וועט בעגעגענען !...״

דאָס האָט אַלעמען פערוואונדערט. אָבער די פערשריעבענע בלעטלעך האָבען מיר ערקלעהרט די דאָזיגע מערקווירדיגע צוואה.

איך גיב זיי איבער וואָרט אין וואָרט:

„דער מענש האָט אַלע מאָל געלעבט אונטער דעם דרוק פון אַבערגלויבען. אמאָל האָט מען געדענקט, אז אַ שטערן ווערט אָנ־געצונדען אין דעם מאָמענט, ווען אַ קינד ווערט געבאָרען און אז דער דאָזיגער שטערן בעגלייט איהם אויף זיין גאַנץ לעבען אומע־טום, בעצייכענענדיג זיין גליק מיט אַ העלען פינקלען, און בלייך ווערענדיג ביי זיינע אונגליקען. איצט גלויבט מען אין דעם איינ־פלוס פון קאָמעטען, אין עבור־יאָהרען, אין פרייטאַג, אין דעם נומער דרייצעהן. מען דענקט, אז געוויסע מענשען קענען אַן עין הרע געבען. מע זאָגט: „ווען איך טרעף זיך מיט איהם פּאַסירט מיר אַן אונגליק.״ דאָס אַלעס איז אמת. איך גלויב אין דעם. איך וועל עס ערקלעהרען: איך גלויב ניט אין דעם געהיימניספו־לען איינפלוס פון זאַכען אָדער מענשען, נור איך גלויב אין דער מאַכט פון צופאַל. עס איז בעוואוסט, אז דער צופאַל האָט ארויס־גערופען וויכטיגע פּאַסירונגען אין דער צייט, ווען קאָמעטען האָבען זיך אויפ׳ן הימעל בעוויזען, אז ער, דער צופאַל, האָט אָנגעפילט מיט זיי די עבור־יאָהרען, אז געוויסע אונגליקען האָבען צופעליג פּאַסירט פרייטאַג אָדער דעם דרייצעהנטען, אז דאָס לעבען פון גע־וויסע מענשען איז פערבונדען מיט דער ווידערהאָלונג פון געוויסען און אזוי ווייטער. פון דעם אַלעמען נעהמט זיך דער אבערגלויבען. ער קומט ארויס פון אַן אויבערפלעכליכער בעאָבאַכטונג, וועלכע זעהט די אורזאכע אין אַן איינפאַכען צופאַל, און זוכט שוין ניט ווייטער.

„און מיין שטערן, מיין קאָמעטע, מיין פרייטאַג, מיין דריי־צעהנטער, מיין בייז אויג, איז אָהן צווייפעל געווען דער הענדלער מיט קאַקוסנים.

„מען זאָגט, אז אין דעם טאָג וואס איך בין געבאָרען געוואָרען האָט איינער פון זיי געשריען אונטער אונזערע פענסטער.

„ווען איך בין אכט יאָהר אלט געווען און געגאנגען מיט מיין ניאַנקע אין די עליסעער פעלדער, האָט איינער פון די דאָזיגע הענד־לער פלוצים גענומען קלינגען הינטער מיין רוקען. מיין ניאַנקע איז אין דער מינוט געווען שטארק פערטהאָן קוקענדיג אויף דעם פערבייגעהענדען פאָלק. איך האָב זיך אומגעקעהרט א קוק צו טהאָן אויפ'ן הענדלער. א בליסטשענדע קארעטע, מיט צוויי פערד געשפאַנט, איז שנעל ווי א בליץ געפלויגען גלייך אויף אונז. דער קוטשער האָט געשריען, אָבער ניט איך און ניט די ניאַנקע האָבען געהערט. איך בין געוואָרען אומגעשליידערט, אָבגעשלעפּט און צו קוועטשט... איך געדיינק ניט, ווי אזוי איך האָב זיך פלוצים געפינען אויף די הענד פון דעם הענדלער מיט קאָקוסנים, וועל־כער, אום מיך צו ברייננען צו זיך, האָט אונטערגעשטעלט מיין מויל אונטער איינעם פון זיינע קראַנען, האָט איהם געעפענט און די פרישע זאַפט פון די קאָקוסנים האָט מיך אָבגעפרישט. דאָס האָט מיך אין גאנצען ווידער אויף די פיס געשטעלט.

„מיין ניאַנקע האָט דאַן צוּבראָכען דעם נאָז און אויב זי האָט נאָך אַלץ געקוקט אויף די סאָלדאַטען, האָבען זיי אָבער אויף איהר שוין מעהר ניט געקוקט.

„א יאָהר זעכצעהן אלט, ווען איך האָב נור וואָס געקויפט מיין ערשטען יעגער ביקס, מיט א טאָג פאר דעם ווי דער גייעג האָט זיך אָנגעפאנגען, בין איך אוועק אין דער קאַנטאָר פון דיליזשאַנסען מיט מיין אלטינקער מוטער, וועלכע איז געגאנגען זעהר לאַנגזאַם צוליעב איהר רעוומאַטיזם. פלוצים דערהער איך הינטער אונז א געשריי: „קאָקוסנים, פרישע קאָקוסנים!“ דער קול איז צוגעקור־מען נעהנטער, איז געגאנגען נאָך אונז, האָט אונז פערפאָלגט. מיר האָט זיך געדאכט, אז דאָס שרייט ער צו מיר, אז דאָס לאַכט ער אָב פון מיר, בעליידיגט מיך. מיר האָט זיך געדאכט, אז מען קוקט אויף מיר, אז די פערבייגעהער שפּאָטען פון מיר און דער מענש האָט נאָכאנאַנד געהאלטען אין איין שרייען: „פרישער קאָקוסנים!“ עפעס אזוי ווי ער וואָלט אויסגעלאכט מיין בליסטשענדיגען שווערד, די נייע יעגער סומקע, מיין גאנץ נייעם יעגער אנצוג פון ברוינעם סאמעט.

„און שוין אפילו זיצענדיג אין עקיפּאַזש האָב איך איהם נאָך אַלץ געהערט.

„אויפ׳ן צווייטען טאָג, ווען מיר זיינען אויף געיעג אוועק, האָב איך פון די חיות גאָר נישט געקענט דערשיסען, אָבער איך האָב דער׳הרג׳עט אַ פערביילויפענדיגען הינטעל, וועמען איך האָב אָנגענומען פאַר אַ האָז; אַ יונגע היהנדעל, וואָס האָט זיך מיר אויסגעוויזען ווי אַ קוראָפּאַטקע; אַ קליין פויגעלע האָט זיך אוועק־געזעצט אויף אַ פּאַרקאַן, איך האָב אויסגעשאָסען, זי איז אוועק־געפלויגען, אָבער אַ שרעקליכער רעוועז האָט מיך צוגעשמידט צום אָרט. דאָס רעוועז האָט אָנגעהאַלטען ביז אין דער נאַכט אריין... אַך! מיין אָרימער פּאָטער האָט נעבאַך געמוזט בעצאָהלען אַן אָרי־מען פּאַרמער פאַר אַ קוה.

„ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָהר פינף־און־צוואַנציג, האָב איך עפּעס איין מאָל אַן אין דער פריה דערזעהן אַ הענדלער מיט קאַקוסנים. ער איז געווען שרעקליך צוקאַרטשעט, איינגעבויגען, האָט זיך קוים געשלעפּט, אָנשפּאַרענדיג זיך אויפ׳ן שטעקען, עפּעס אַזוי ווי צודריקט פון דער שווערער משא אויף זיך. מיר האָט ער אויסגעזעהן, ווי עפּעס אַ מין סימבאָל, אַ פּאַטריאַרך, דער קאָפּ פון אַלע הענדלער מיט קאַקוסנים. איך האָב אויסגעטרונקען אַ גלאָז קאַקוס זאַפט און בעצאָהלט צוואַנציג סו. אַ טיעפער קול, וועל־כער איז דאַכט זיך ארויסגעקומען ניכער פון דער בלעכענער כלי, ווי פון דעם מענשען, וואָס האָט זי געטראָגען, האָט אויסגעקרעכצט: „דאָס וועט אייך ברייננגען גליק, טהייערער הערר“.

„אין יענעם טאָג בין איך בעקאַנט געוואָרען מיט מיין צוקינפ־טיגער פרוי, וועלכע האָט מיר גראָד גליקליך געמאַכט.

„און צום סוף, אָט ווי אַזוי אַ הענדלער מיט קאַקוסנים האָט מיר געשטערט צו ווערען אַ פּרעפעקט.

„עס איז געווען גלייך נאָך דער רעוואָלוציאָן, איך האָב גע־זאָלט ווערען אַ געזעלשאַפטליכער טהוער, ווייל איך בין געווען רייך, געאַכטעט און געהאַט בעקאַנטשאַפט מיט אַ מיניסטער. ביי איהם האָב איך געבעטען אַן אוידיענץ, אָנווייזענדיג אויף דעם צוועק פון

מיין וויזיט. די דאָזיגע אוידיענץ איז מיר בעווילּיגט געוואָרען אויף דעם פריינדליכסטען אופן.

„אין דעם בעשטימטען טאָג (דאָס איז געווען זומער, עס איז געווען א שרעקליכע היץ), האָב איך אָנגעטהאָן העלע הויזען, העלע האַנדשוה און העלע שיך מיט לאַקירענע שפּיצען. די גאַסען זיי־נען געווען ווי אָנגעבּרענט. די פיס האָבען זיך ווי צוגעקלעפּט צו די ווייך געוואָרענע טראָטואַרען. גרויסע פעסער וואַסער, פון וועל־כע מען האָט די גאַסען בעגאָסען, האָבען אָנגעמאַכט מיסט אויפ'ן ברוק. דאָ און דאָרטען האָבען גאַסען קעהרער צוזאַמענגענומען גרויסע קופּעס פון דעם דאָזיגען וואַרימען, עפּעס אַזוי ווי קינסטלי־כען שמוץ און עס אריינגעקעהרט אין די רינשטאָקען אריין. איך האָב געטראַכט בלויז פון מיין אוידיענץ און בין געגאַנגען שנעל, ווען איך האָט אָנגעטראָפען איינעם פון אָט די רינשטאָקען; איך האָב געוואָלט אריבערשפּרינגען, — בין זיך פונאַנדערגעלאָפען... איינס... צוויי... און פּלוצים האָט א שרעקליכער געשריי מיר א שניט געטהאָן דעם אויער: „קאָקוס, קאָקוס, ווער וויל קאָקוס!“ ניט ווילענדיג האָב איך געמאַכט א פערוואונדערטע בעוועגונג... און האָב זיך אויסגעגליטשט... עס האָט פּאַסירט עטוואָס שרעק־ליכעס, א רחמנות געווען צו קוקען: איך בין געזעסען אין דער שמוציגער לוזשע... מיינע הויזען זיינען טונקעל געוואָרען, מיין ווייסע העמד איז געווען פערשפּריצט מיט בּלאָטע און מיין הוט האָט געשוואומען צוזאַמען מיט מיר. און א בענומענער, הייזערי־גער פון שטענדיגען שרייען קול, האָט פאָרטגעזעצט: „קאָקוס, קאָקוס!“ און פאַר מיר האָבען א מענשען צוואַנציג זיך געטריי־סעלט פאַר געלעכטער, געמאַכט פערשיעדענע גרימאַסען און זיך געהאַלטען פאַר די זייטען, קוקענדיג אויף מיר.

„איך האָב זיך געלאָזט לויפען אהיים, האָב זיך איבערגעטהאָן, אָבער די שטונדע פון דער אוידיענץ איז שוין געווען אריבער.“

דער מאַנוסקריפּט האָט זיך געענדיגט אַזוי:

„ווער דער פריינד פון א הענדלער מיט קאָקוסניס, מיין קליי־נער פּיער; און וואָס אנבעלאַנגט מיר, וועל איך אוועקגעהן א צו־

פריעדענער פון דער וועלט, ווען שטאַרבענדיג, וועל איך דערהערען זיין געשריי..."

אויפ'ן צווייטען טאָג האָב איך אויף די עליסעער פעלדער בע־געגענט אַן אַלטען־אַלטען הענדלער מיט קאַקוסנים, ער האָט מיר אויסגעוויזען אַזוי אָרעם, אַזוי אונגליקליך. און איך האָב איהם אוועקגעגעבען מיין אָנקעל'ס הונדערט פראַנק. ער האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן פאר פערוואונדערונג און פרייד, דערנאָך האָט ער געזאָגט: „איך דאַנק אייך, מיין הערר, דאָס וועט אייך ברייגגען גליק."



# די בעלוינונג

## ערשטע סצענע

(מאַסיע דע גאַרעלל, אליין, זיצט אין א פאָטעל).



א ר ע ל ל: אַט בין איך אין קאַננעס אלס בחור. א קאָמישע געשיכטע, איך בין א בחור! א פרייער אונ־פערהייראַטהער מאַן! אין פּאַריז האָב איך דאָס גאַר־נישט בעמערקט; אָבער אויף דער רייזע איז שוין גאַר אַן אנדער זאַך, און איך בין גאַנץ צופריעדען דערמיט. און מיין פרוי איז ווידער פערהייראַט!

מיין נאָכפאָלגער מוז זיין א גליקליכער מענש, גליקליכער פון מיר. און אַן אָקס מוז ער זיין אויך א גאַנץ גרויסער, אז ער האָט זי געהייראַט נאָך מיר. איבעריגענס מוז איך צוגעבען, אז איך בין אויך ניט געווען א סך קליגער, ווען איך בין געוואָרען איהר ערש־טער מאַן. און דאָך האָט זי געהאַט אייגענשאַפטען... אייגענשאַפ־טען קערפּערליכע... זעהר גרויסע. אָבער אויך זעהר וויכטיגע מאָ־ראַלישע פעהלערען. ביטרע איז זי געווען און ליגנעריש, קאָקעטיש און בעצוויבערנד פאַר אַלע מענער. האָט זי מיר הערנער ארויפ־געזעצט? מייפעל! עס איז א ביטערער עסק זיך צו שטעלען די דאָזיגע פראַגע פון פריה ביז נאַכט און דאָך ניט האָבען קיין געוויסהייט.

און איך האָב אזוי פיעל וועגען אויסגעפּרובירט, אום זי צו בעאָבאַכטען און צו שפּיאָנירען און האָב קיינמאָל גאַרנישט אויס־געפונען. נו, מילא, אויב איך בין געווען א בעטראָגענער מאַן, בין איך עס איצט אויף יערען פאַל ניט מעהר. אזא שיידונג איז דאָך אייגענטליך די לייכטסטע זאַך. מיר האָט עס מעהר ניט געקאָסט

ווי א בייטש פאר צעהן פראנק און די רעכטע האנד האט מיר דער־נאך אביסעל וועה געטהאן. אבער דערביי רעכען איך ניט דעם פערגעניגען וואס איך האב, אנצוברעכען גום די ביינער דער פרוי, אויף וועלכער איך האב געהאט א פערדאכט, אז זי בעטריגט מיך. (ער הויבט זיך אויף לאבענדיג, טהוט א פאאר טריט, און זעצט זיך ווידער אוועק).

ביי יעדען איז זי נעבליבען גערעכט און איך אונגערעכט.

און איצט וועל איך דעם ווינטער פארברייגגען אין זידען אלס בחור. דאס איז דאך וואונדערבאר! איז עס ניט רייצענד אזוי ארומצורייזען, אימער מיט דער האפנונג זיך אנצושטויסען אויף עפעס א ליעבעס אינטריגע. וואס וועט מיט מיר פאסירען, וועמען וועל איך בעגעגענען? און וואו? אין האטעל גלייך אויפ'ן ארט? אדער אפשר שפעטער אויף דער גאס? וואו איז זי וועלכע וועט מיך מארגען ליעבען און וועמען איך וועל ליעבען? וואס פאר א אויגען האט זי, וואס פאר א ליפען, האאר, וואס פאר א שמייכעל? ווי וועט די ערשטע פרוי אויסזעהען, וועלכע וועט צו מיר אויסשטע־לען דעם מויל און וועלכע איך וועל אויך אין מיינע ארעמס ארייג־נעהמען. ברוין אדער בלאנד, הויך אדער קליין, ערנסט אדער לוס־טיג, דיק אדער... זי מוז זיין דיק.

ווי איך בעדויער די אלע מענשען, וועמען עס איז פרעמד דער רייץ פון ערווארטונג אדער די, וועלכע זיינען שוין אבגעלעבט און קענען עס שוין מעהר ניט פיהלען. די פרוי, וועלכע איך ליעב אויף אן אמת, איז די אונבעקאנטע, נאך איהר בענקט און האפט מיין הארץ, הגם מיינע אויגען האבען נאך קיינמאל איהר געשטאלט ניט געזעהען. וואו איז זי? אין דיעזען האטעל, הינטער דיעזער טהיר? אין איינעם פון די צימערען פון דעם דאזיגען הויז? גאנץ נאהענט נעבען מיר אדער נאך ווייט? אלץ איינס! אזוי לאנג ווי איך בענק נאך איהר און איך פיהל אז איך וועל זי טרעפען. און איך וועל זי גאנץ זיכער היינט טרעפען, היינט אדער מארגען, די וואך אדער די פאלגענדע, פריהער אדער שפעטער. איך מוז זי טרעפען.

און איך וועל פערזוכען דעם טעם פון דעם ערשטען קוש, דער

ערשטער צערטליכקייט און דעם גאַנצען צויבער פון אַ נייער ליעבע.
אַ, די נאַרען, וואָס פערשטעהען ניט דעם וואונדערבאַרען רייץ פון
אַ בילד, ווען מען הויבט אויף פון איהם דעם שלייער צום ערשטען
מאָל! אַ, די נאַרישע מענשען, וועלכע האָבען חתונה! דען צו
אָפט... טאָר מען דעם שלייער ניט אויפהויבען... פון דעם זעלבען
בילד.

אָט איז אַ פרוי!...

(אַ פרוי, עלעגאַנט, שלאַנק, מיט אַ שמאָלער טאַליע געהט פון הינ־
טען פאַרביי).

צום טייפעל! דאָס איז מיין פרוי, אָדער ניין, בעסער גע־
זאָגט, טשאַנטעווערס פרוי. אָבער שעהן איז זי טראָץ דעם.

איך וואָלט בלויז וועלען וויסען, צו איך וואָלט זי איצט ווי־
דער וועלען הייראַטען? גוט, איצט האָט זי זיך געזעצט און לעזט
דעם גיל בלאַז. איך וועל זיך מאַכען ניט זעהענדיג.

מיין פרוי! ווי מאָדנע דאָס קומט מיר אויס; מיין אייגענע
פרוי. אייגענטליך איז שוין אַ יאָהר צייט, נאָך מעהר ווי אַ יאָהר,
אַז זי איז מיין פרוי ניט געווען. יאָ, זי האָט געהאַט גאַנץ בע־
דייטענדע קערפערליכע איינענשאַפטען. דיעזער פוס! דאָס האַרץ
הויבט אָן ביי מיר צאַפּלען, ווען איך טהו נור אַ טראַכט וועגען דעם.
און אַ בוזעם, אַך וואָס פאַר אַ בוזעם! אין דער ערשטער צייט
האָבען מיר זיך אימער געשפּיעלט ווי אויף אַ סמאַטר: רעכטס־
לינקס, רעכטס־לינקס. אַך, דער בוזעם! רעכטס אָדער לינקס —
איבעראַל שעהן.

אָבער מאָראַליש... אַזאַ בעסטיע.

האָט זי געהאַט ליעבהאָבער? ווי האָב איך פון דעם דאָזיגען
צווייפעל געליטען. נו, מילאַ, איצט איז אַ סוף דערמיט. מיר
געהט עס מעהר גאָרנישט אָן.

איך האָב קיינמאָל ניט געזעהן קיין מעהר פערפיהרערישען
וועזען ווי זי, ווען זי איז אין בעט אריין. זי האָט געהאַט עפּעס
אַ בעזונדערע אַרט און ווייזע זיך אויפצוהויבען און זיך אין די
דעקעס איינצוטוליען...

צום טייפעל! איצט פערליעב איך זיך ווידער אין איהר.

טאָמער וואָלט איך פּרובירט מיט איהר רעדען? וואָס וועט זי זאָגען?

זי וועט שרייען נאָך הילף. אזא שלים מזל! איך בין אפשר טאקע געווען אביסעל צו ברוטאל.

ווען איך זאָל איצט מיט איהר נעהמען רעדען, וואָלט עס נאָכדעם, וואָס צווישען אונז האָט פּאסירט, געווען אי קאָמיש, אי פרעך פון מיין זייט. אבער זאָל מיך דער טייפעל נעהמען, זאָל זיין וואָס עס וויל, איך רעד מיט איהר... און דאַן וועלען מיר זעהן.

## צווייטע סצענע.

(ער געהט צו צו דער יונגער פרוי, וועלכע לעזט אויפמערקזאם די צייטונג און זאָגט מיט א ווייכער שטימע:)

ג א ר ע ל: ערלויבט מיר, מאדאם, אייך אויף מיר אויפמערקזאם צו מאכען.

(מאדאם דע טשאַנטאווער הויבט שנעל אויף דעם קאָפּ, לאָזט ארויס א געשריי און וויל אנטלויפען. ער פערשטעלט איהר דעם וועג און זאָגט גאנץ בעשיידען:)

ג א ר ע ל: האָט קיין מורא ניט, מאדאם, איך בין ניט מעהר אייער מאַן.

מ א ד א ם ט ש א נ ט א ו ו ע ר: איהר וואגט עס נאָך דעם אלעמען וואָס איז געשעהן.

ג א ר ע ל: איך וואג עס און איך וואג עס ניט. קוריז, דענקט זיך, ווי איהר ווילט. ווען איך האָב אייך דאָ דערזעהן, איז מיר געווען אונמעגליך, איך זאָל צו אייך ניט נעהמען רעדען.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: איך האָף, אז דער שפּאס איז פאראיבער, ניט אמת?

ג א ר ע ל: עס איז גאָר קיין שפּאס ניט, מאדאם.

מ א ד א ם ט ש א נ ט א ו ו ע ר: דאַן איז עס מסתמא א וועט, אויב ניט אן אונפערשעהמטהייט. א מאן, וועלכער שלאָגט א פרוי, איז צו אלעם פעהיג.

ג א ר ע ל: איהר זייט הארט, מאדאם. איהר האָט מיר איצט ניט געדאַרפט אויפוואַרפען א היציגע האנדלונג, וועלכע איך

בעדויער היינט זעהר שטארק. גיכער האָב איך ערוואָרט פון אייך, און דאָס זאָג איך אייך אָפען, אז איהר זאָלט מיר דאנקען.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר (שטארק ערשטוינט): וואָס? איהר זייט פערריקט, אָדער איהר ערלויבט זיך מיט מיר צו מאכען אונפאסענדע שפאסען.

ג א ר ע ל: דורכאוים ניט, מאדאם. און אויב איהר פער־שטעהט מיך ניט, דאן מוזט איהר זיין זעהר אונגליקליך.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: וואָס זאָל דאָס הייסען?

ג א ר ע ל: ווען איהר וואָלט געווען גליקליך מיט דעם, וועל־כער האָט פארנומען מיין פלאַץ, דאן וואָלט איהר מיר דאנקבאר געווען פאר מיין היציגקייט, וועלכע האָט אייך געהאָלפען דעם נייעם בונד צו שליסען.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: דאָס איז שוין אביסעל צו וויים! איך בעט אייך לאָזט מיך צו־רוה.

ג א ר ע ל: און דאָך, מאדאם, בעדענקט זיך; ווען איך וואָלט ניט בעגאנגען די גראָבקייט אייך צו שלאָגען, וואָלטען מיר נאָך ביז היינטיגען טאָג אונזערע קייטען געטראָגען.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר (בעליידיגט): אויף יע־דען פאַל האָט איהר מיר א גרויסע טובה געטהאָן.

ג א ר ע ל: ניט אמת? א טובה, וועלכע פערדיענט א בע־סערע אויפנאהמע, ווי די וואָס איהר האָט מיר געגעבען.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: דאָס קען זיין, אָבער אייער פנים איז מיר אונאנגענעהם.

ג א ר ע ל: דאָס קען איך וועגען אייערען ניט זאָגען.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: אייערע שמייכלערייען זיינען מיר פונקט אזוי אונאנגענעהם, ווי אייערע גראָבקייטען.

ג א ר ע ל: אָבער איהר פערשטעהט דאָך אליין, מאדאם, איך האָב איצט ניט מעהר קיין רעכט אייך צו שלאָגען, מוז איך דאָך זיין ליעבענסווירדיג.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: דאָס איז וויניגסטענס אָפען. אָבער אויב איהר ווילטווירקליך זיין ליעבענסווירדיג, דאן בעט איך אייך, געהט אוועק, געהט גלייך אוועק פון דאנען.

גארעל: ניט קוקענדיג אויף מיין וואונש איך צו גע־פעלען, קען איך אָבער דאָס ניט טהאָן.

מאדאם טשאנטאווער: אלזאָ, וואָס ווילט איהר?

גארעל: מיין אונרעכט ווידער גוט מאכען, דאָס הייסט, אויב איך בין טאקע געווען אונגערעכט.

מאדאם טשאנטעווער (עמפּערט): וואָס? אויב איהר זייט געווען אונגערעכט? איהר ווייסט הפּנים אליין ניט וואָס איהר רעדט? איהר האָט מיך געשלאָגען און איהר דענקט נאָך, אז איהר האָט זיך מיט מיר זעהר ערדעל בעגאנגען?

גארעל: אפשר?

מאדאם טשאנטעווער: וואָס מיינט דער אפשר?

גארעל: יא, מאדאם, איהר ווייסט דאָך די קאָמעדיע וועגען די בעטראָגענע, וועלכע האָבען געקריגען קלעפּ און זיינען געווען צופריעדען. איצט איז די פראגע: בין איך געווען א בע־טראָגענער, צי ניט? דאָס איז די הויפּט זאך. אויף יעדען פאל האָט איהר געקריגען די קלעפּ און זייט מיט זיי ניט געווען צו־פריעדען.

מאדאם טשאנטעווער (הויבט זיך אויף): איהר בעליידיגט מיך.

גארעל: (מיט היץ): איך בעט אייך, הערט מיך איין מינוט אויס. איך בין געווען אייפערזיכטיג, א בעוויז, אז איך האָב אייך געליעבט. איך האָב אייך געשלאָגען, א נייער בעוויז דער־פאר. און גוט געשלאָגען — דאָס איז דער סאמע בעסטער בעוויז. נו, אלזאָ, ווען איהר זייט מיר טריי געבליבען און טראָצדעם האָט איהר געקריגען קלעפּ, דאן איז עס ווירקליך טרויעריג, דאן מוז מען מיט אייך מיטלייד האָבען, איך גיב עס אליין צו.

מאדאם טשאנטעווער: איך נויטיג זיך ניט אין אייער מיטלייד.

גארעל: וואָס מיינט איהר דערמיט? דאָס קען מען פערטייטשען אויף צוויי אופנים: עס קען הייסען, אז איהר פער־אכטעט מיין מיטלייד אָדער אז איהר פערדיענט עס ניט. און אויב איהר פערדיענט ניט מיין מיטלייד, דאן האָט איהר די קלעפּ,

די גוטע קלעפּ, וואָס איך האָב אייך געגעבען, מעהר ווי כשר פערדיענט.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: רענקט אייך ווי איהר ווילט.

ג א ר ע ל: גוט, איך פארשטעה. אלס אייער מאַן, מאדאם, האָב איך אלזאָ געטראָגען הערנער.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: דאָס האָב איך ניט געזאָגט.

ג א ר ע ל: אָבער איהר האָט עס מיר געלאָזט פיהלען.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: איך לאָז אייך פיהלען, אז איך פערלאנג אייער מיטלייד ניט.

ג א ר ע ל: מיר וועלען זיך דאָך ניט ארומדרעהען ארום דעם וואָרט. זייט זיך איינפאָך מודה, אז איך...

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: איך קען אייך; רעדט ניט ארוים דעם דאָזיגען העסליכען וואָרט, וועלכער עמפּערט און עקעלט מיך.

ג א ר ע ל: איך שענק אייך דאָס וואָרט, אָבער זייט זיך מודה אין דער טהאט.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: קיינמאָל ניט. עס איז ניט אמת.

ג א ר ע ל: דאַן בעדויער איך פון טיעפסטען הארצען, און דער פאָרשלאג וואָס איך האָב אייך געוואָלט מאכען, איז איצט ניט נויטיג.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: וואָס פאר א פאָרשלאג?

ג א ר ע ל: איך קען אייך איהם מעהר ניט מאכען, ווייל ער האָט נור דאַן א זין, ווען איהר האָט מיך ווירקליך בעטראָגען.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: דאַן לאָמיר אויף א מינוט אָננעהמען, אז איך האָב אייך יאָ בעטראָגען.

ג א ר ע ל: דאָס איז ניט גענוג; איהר מוזט זיך אין דעם מודה זיין.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: גוט, איך בין זיך מודה.

ג א ר ע ל: דאָס איז מיר אויך ניט גענוג; איך מוז האָבען בעווייזע.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר (שמייכעלט): דאָס איז שוין אביסעלע צופיעל פערלאַנגט.

ג א ר ע ל: נייןֿ, מאדאם, ווי איך האָב אייך געזאָגט, האָב איך אייך געוואָלט מאכען זעהר אַן ערנסטען פאָרשלאַג, אַז ניט, וואָלט איך צו אייך ניט גערעדט נאָך דעם, וואָס צווישען אונז איז געשעהן, וואָס מיר האָבען געטהאָן איינער דעם אנדערען, פריהער איהר מיר און דערנאָך איך אייך. דער דאָזיגער פאָרשלאַג, וועל־בער קען פאר אייך האָבען ערנסטע פאָלגען, וואָלט ניט געהאַט קיין שום ווערט, ווען איך וואָלט אויף אַן אמת פון אייך ניט געוואָרען בעטראָגען.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: איהר זייט אַ מאָדנער מענש! איך זאָג אייך, איך האָב אייך בעטראָגען; וואָס נאָך ווילט איהר?

ג א ר ע ל: איך מוז האָבען אַ בעווייז.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: אָבער וואָס פאר אַ בע־ווייז קען איך אייך געבען? איך האָב דאָך איצט ניט מעהר קיין בעווייזע. איך גלויב, מיין וואָרט דאַרף זיין גענוג פאר אייך.

ג א ר ע ל (פארנייגט זיך): זייט איהר בערייט עס צו בע־שווערען?

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר (הויבט אויף די האַנד): איך שווער.

ג א ר ע ל (זעהר ערנסט): איך גלויב אייך, מאדאם. אַלזאָ מיט ווע֒מען האָט איהר מיך בעטראָגען?

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: דאָס איז שוין צופיעל.

ג א ר ע ל: איך מוז אונבעדינגט זיין נאָמען וויסען.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: דאָס קען איך אייך ניט זאָגען.

ג א ר ע ל: פאר וואָס ניט?

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: ווייל איך בין אַ פער־הייראַטע פרוי.

גארעל: נו, איז וואָס האָט עס דערמיט צו טהאָן?

מאַדאַם טשאַנטעווער: אלזאָ, אויב איהר ווילט שטאַרק וויסען, איך האָב אייך בעטראַגטען מיט מאָסיע דע־טשאַנ־טעווער.

גארעל: דאָס איז ניט אמת.

מאדאם טשאַנטעווער: פאַר וואָס?

גארעל: ווייל ער וואָלט דאַן מיט אייך ניט געהייראט.

מאדאם טשאַנטעווער: אזאַ אונפערשעהמט־הייט! און וואָס ווילט איהר מיר פאַרשלאָגען?

גארעל: הערט אויס: איהר האָט מיר נור וואָס אליין מודה געווען, אַז איך בין געווען איינער פון יענע נאַרען, וועלכע מאַכען אַ קאָמישען איינדרוק, ווען זיי שווייגען, און זיינען נאָך ערגער, ווען זיי שרייען; מיט איין וואָרט, איינס פון יענע בע־שעפעניסען, וועלכע מען רופט דער גענאַרטער מאַן. אלזאָ, מאַדאַם, עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז די פּאָאר שמיץ מיט'ן בייטש, וועלכע איהר האָט געקריגען, האָבען ניט אויסגעגליכט די בעליידיגונג, וועלכע איהר האָט מיר אָנגעטהאָן. איהר זייט מיר שולדיג אַ סך מעהר און מוזט מיר בעצאָהלען אויף אַ פיעל ערנסטערען אופן, איבער־הויפּט איצט, ווען איך בין ניט מעהר אייער מאַן.

מאדאם טשאַנטעווער: וואָס ווילט איהר דער־מיט זאָגען?

גארעל: איך וויל דערמיט זאָגען, אַז איהר דאַרפט מיר היינט צוריק געבען די רייצענדע שטונדען, וועלכע איהר האָט ביי מיר גע'גנב'עט, ווען איך בין געווען אייער מאַן, אום עס צו שענקען איך ווייס אליין ניט וועמען.

מאדאם טשאַנטעווער: איהר זייט פערריקט.

גארעל: עס הייבט זיך גאָר נישט אָן. אייער ליעבע האָט געהערט צו מיר, ניט אמת? אייערע קושען, אַלע אייערע קושען אָהן אויסנאַהמע, זיינען געווען מיינע, ניט אמת? איהר האָט אַ טהייל דערפון אַן אנדערען אוועקגעגעבען. נו, אַלזאָ, איז עס מיין וואונש צוריק צו קריגען מיינס אָהן אַ סקאַנדאַל, שטילערהייד, ווי

מען טהוט געוועהנליך מיט גנבים, וועמעס שאם נעפיהל מען וויל פארשוינען.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: פאר וועמען האלט איהר מיך דען?

ג א ר ע ל: פאר דער פרוי פון מאסיע דע־טשאנטעווער.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: דאס איז שוין צו פרעך.

ג א ר ע ל: ענטשולדיגט מיך, דער וועלכער האט מיך בע־טראגען, האט אייך דאך געהאלטען פאר דער פרוי פון מאסיע דע־גארעל. עס איז דאך ניט מעהר ווי גערעכט, אז איצט זאל זיין מיין רייהע. צו פרעך איז, וואס איהר ווילט מיר ניט אבגעבען דאס, וואס געהערט מיר ביי רעכט.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: און ווען איך זאל זאגען יא... דאן וואלט איהר געקענט...

ג א ר ע ל: אבער געוויס.

מ א ד א ם ט ש נ ט ע ו ו ע ר: צו־וואס האט אונז דאן געטויגט זיך צו שיידען?

ג א ר ע ל: אום אונזער ליעבע אויף דאס ניי צו פער־שטארקען.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: איהר האט מיך קיין מאל ניט ליעב געהאט.

ג א ר ע ל: איך גיב אייך דאך דעם שטארקסטען בעוויז פון מיין ליעבע.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: וועלכען בעוויז?

ג א ר ע ל: וואס הייסט וועלכען? ווען א מאן איז גענוג פעריקט פריהער צו בעטען א פרוי, זי זאל מיט איהם הייראטהען און דערנאך פערלאנגט ער צו ווערען איהר געליעבטער, דאן בע־ווייזט עס, אז ער האט זי ליעב, אדער איך פערשטעה איבערהויפט גארנישט פון דער ליעבע.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: אה, ניין. מיר דאר־פען דאס ניט צוזאמענמישען. מיט א פרוי צוהייראטען בעווייזט ליעבע אדער בענקעניש נאך איהר, אבער מיט איהר א פערהעלטניס אנקניפען, בעדייטעט גארנישט, אויסער... פעראכטונג. אין דעם

ערשטען פאל נעהמט מען אויף זיך אלע לאסטען, אלע אונאנגע־נעהמליכקייטען, יעדע פעראנטוואָרטליכקייט פון דער ליעבע; אין צווייטען פאל לאָזט מען איבער די אלע לאסטען דעם געזעצליכען בעזיצער און מען בעהאלט פאר זיך נור דאָס פערגעניגען מיט דער מעגליכקייט צו פערשווינדען אין דעם טאָג, ווען די געליעבטע הערט אויף צו געפעלען. דאָס איז עטוואָס גאנץ אנדערעס.

ג א ר ע ל: ליעבע פריינדין, איהר ציהט א גאנצען פאלשען שלום. ווען מען ליעבט א פרוי, דארף מען זי ניט הייראטען, ווייל ווען מען הייראט זי, ווייס מען בעשטימט, אז זי וועט אייך בעטרי־גען הינטערן רוקען, ווי איהר האָט עס מיר געטהאָן. איהר האָט זיך דאָך אליין מודה געווען אין דעם; בעת עס איז גאָר קיין צוויי־פעל ניט, אז א געליעבטע בלייבט דעם געליעבטען טריי. די זעלבע מיה און מיטעל, וואס זי ווענדעט אָן צו נארען דעם מאן, געברויכט זי אויף פאר דעם געליעבטען, אום איהם טריי צו זיין, ניט אמת? ווען א מאן וויל אַ פרוי צו זיך צושמיעדען מיט אן אונצוברעכליכער קייט, דאן דארף ער איהר לאָזען הייראטען מיט אן אנדערען. דאָס פאמיליען־לעבען איז א שטריק, וועלכען מען קען צושניידען, ווען עס פאסט אונז ניט מעהר. די פרייע ליעבע איז א קייט, וועלכע איז אונצוברעכליך. מיר האָבען דעם שטריק צושניטען... איך שלאָג אייך פאָר די קייט.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: איהר זייט זעהר אינ־טערעסאנט, אָבער איך נעהם אייער פאָרשלאָג ניט אָן.

ג א ר ע ל: דאן וועל איך עס זאָגען מאָסיע דע־טשאנ־טעווער.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: וואָס וועט איהר איהם זאָגען?

ג א ר ע ל: איך וועל איהם זאָגען, אז איהר האָט מיך בע־טראָגען.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: אז איך האָב אייך בע־טראָגען... איך?

ג א ר ע ל: יאָ, ווען איהר זייט מיין פרוי געווען.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: נו, איז וואָס?

ג א ר ע ל: איז וואָס, פרענט איהר? ער וועט דאָס אייך ניט פערגעבען.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: ער?

ג א ר ע ל: יא. אזעלכע זאכען גיבען דאָך איהם ניט קיין גאראנטיע, אז ער קען מיט אייך זיכער זיין.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר (לאַכענדיג): הענרי, דאָס וועט איהר דאָך ניט טהאָן!

(אויף די טרעפ דערהערט זיך אַ שטימע רופענדיג: מאַטהילדע!)

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר (שטיל): מיין מאַן. אדיע!

ג א ר ע ל (שטעהט אויף): איך וועל אייך בעגלייטען און שטעלט מיך פאַר איהם פאָר.

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: טהוט עס ניט.

ג א ר ע ל: פאַר וואָס ניט?

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: איך בעט אייך.

ג א ר ע ל: דאַן נעהמט אָן די קייט, וועלכע איך שלאָג אייך פאָר.

א ש ט י מ ע: מאטהילדע!

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: לאָזט מיך געהן.

ג א ר ע ל: וואו וועל איך אייך ווידער זעהען?

מ א ד א ם ט ש א נ ט ע ו ו ע ר: דאָ, היינט ביי נאכט... נאָכ'ן עסען.

ג א ר ע ל: (קושט איהר די האַנד): איך ליעב אייך... (זי אנטלויפט. ער קעהרט זיך אום צוריק צו זיין פאָטעל און לאָזט זיך לאַנגזאַם אויף איהם ארונטער).

ג א ר ע ל: ביי גאָט, ביי גאָט, די ראָלע איז מיר א סך ליעבער ווי די פריהערדיגע! וואָרים זי איז רייצענד, זעהר רייצענד און נאָך פערפיהרערישער איז זי געוואָרען, זייט איך האָב געהערט איהר איצטיגען מאַן'ס שטימע, ווען ער האָט איהר גערופען „מאַטהילדע!" מיט דעם טאָן פון א בעזיצער, מיט וועלכען די פערהייראטע מענער רעדען געוועהנליך צו זייערע פרויען.

# טימבוקטו



ין דעם גאָלדענעם גלאַנץ פון דער אונטערגעהענדיגער זון, האָט דער בולוואַר, דער דאָזיגער שטראָם פון לעבען, געשווירבעלט פון מענשען. דער גאַנצער הימעל איז געווען פורפור רויט און הינטער דער מאַדעליינע האָט אַ גרויסער, לייכטענדער וואָלקען געגאָסען זיין פינקלענדיגען שטראַהלען־רעגען אויף דער גאַנצער גאַס ארונטער, וועלכע איז געווען אין אַ שטראַהלענדיגען נעבעל איינגעוויקעלט.

אַ לוסטיגער עולם האָט זיך בעוועגט ארויף און אראָב אין דעם דאָזיגען פלאַטענדיגען נעבעל, ווי אין אַ הימעלשען וואָלקען. די פּנים'ער האָבען געשטראַהלט, די צילינדער היט האָבען געבליסטשעט און די שוואַרצע רעק האָבען געגלאַנצט אין פורפורנעם שיין; דאָס לאַקיר פון די שטיוועל האָט געוואָרפען אַ שטראַהלענדען גלאַנץ אויף דעם אספאַלט פון טראָטואַר.

פאַר די קאַפעעס זיינען געזעסען מאסען מענשען און האָבען געטרונקען גלענצענדע, פאַרבינע געטראַנקען, וועלכע האָבען אויסגעזעהען ווי טהייערע, אין קריסטאַל איינגעפאַסטע עדעלשטיינער.

אין מיטען צווישען די געסט, אין לייכטע דונקעלע אַנצוגען, זיינען געזעסען צוויי אָפיצירען אין פולער יוניפאָרם, און די פאַרבייגעהער האָבען געמוזט פאַרזשמורען די אויגען, אזוי שטאַרק האָט די זון געבליסטשעט אויף דעם גאָלד פון זייערע רעק.

זיי האָבען פרעהלאַך געפלוידערט און זיך געפיהלט גוט אויפגעלייגט אין דעם שטראָם פון דעם דאָזיגען פרעהליכען לעבען, אין דער ליעבער ווארימקייט פון דעם שטראַהלענדיגען זומער אָבענד. זיי האָבען בעטראַכט די מענשען, וועלכע זיינען פאַרבייגעגאַנגען, די מענער מיט זייער לאַנגזאַמען טראָט, די פרויען מיט זייער

איילינגען אונטערטאַנצענדיגען גאַנג, וועלכע האָבען איבערגעלאָזען הינטער זיך אַ וואָלקען פון זיסען, בערוישענדען פּאַרפיום.

פלוצים איז פאַר זיי פאַרבייגעגאַנגען אַ ריעזיגער בעליבטער נעגער אין שוואַרצע קליידער אָנגעטהאָן, אויף וועמעס העלער וועסט עס זיינען געהאנגען אַ גאַנצע מאַסע מעדאַלען. ער האָט אויסגעזעהן זעהר פרעהליך, האָט געלאַכט צו די פאַרבייגעהער, געלאַכט צו די צייטונגס פערקויפער, געלאַכט אין דעם שטראַהלענדען הימעל אריין, געלאַכט אויף גאַנץ פּאַריז.

ער איז געוועזען אַזוי הויך, אַז ער האָט זיך אַרויסגעזעהן איבער אַלעמענס קעפּ, און הינטער איהם האָבען זיך געדרעהט מענשען, אום איהם צו בעטראַכטען. אָבער פלוצים האָט ער דערזעהען די ביידע אָפיציערען, האָט זיך דורכגעשטופּט דורך די געסט, און אַזוי שנעל ווי ער איז פאַר זייער טיש געשטאַנען, האָט ער זיי אָנגעקוקט גליקזעליג, שטראַהלענדיג און די ווינקלען פון זיין מויל האָבען זיך פאַר שמחה צושפּרייט ביז צו די אויערען, אַזוי דאָס מען האָט געקענט זעהען זיינע ווייסע צייהן, העלבליטשענדיג ווי אַ האַלבע לבנה אויף אַ דונקעלען הימעל.

ביידע מענער זיינען געוואָרען ערשטוינט, האָבען בעטראַכט דעם שוואַרצען ריעז, ניט פאַרשטעהענדיג וואָס איהם פרעהט אַזוי, אָבער ער האָט אויסגערופען מיט אַ שטימע, פון וועלכער אַלע אַרומיגע האָבען זיך צולאַכט:

— אַ גוטען טאָג! אַ גוטען טאָג, הערר לייטענאַנט!

איינער פון די אָפיציערען איז געוועזען מאַיאָר, דער אַנדערער אָבערסט. דער ערשטער האָט געזאָגט:

— איך קען אייך ניט, איך וויים ניט וואָס איהר ווילט?

— דער נעגער האָט געענטפערט:

— איך דיך האָב ליעב, לייטענאַנט פּעדיע, דו בעלאַגערט בעצו, איך וויינטרויבען געזוכט!

דער אָפיציער איז געוואָרען שטאַרק ערשטוינט און האָט אויפמערקזאַמער בעטראַכט דעם מאַן. ער האָט געזוכט אין זיינע ערינערונגען טאָמער וועט ער זיך עפּעס דערמאָהנען און פלוצים האָט ער אויסגערופען:

— דאָס ביזטו? טימבוקטו?

דער נעגער איז געוואָרען מלא שמחה, ער האָט זיך געפּאַטשט אויף די קניע, האָט אַרויסגעלאָזען עפּעס אַ ווילדען געשריי און אויסגערופען:

— יאַ, יאַ, הערר לייטענאַנט, דערקענט, איך טימבוקטו, וואָס איהר מאַכט?

דער מאַיאָר האָט איהם אויסגעשטרעקט די האַנד און זיך צולאַכט פון גאַנצען הארצען. דאַן איז טימבוקטו געוואָרען ערנסט און שנעל, אַז יענער זאָל עס ניט קענען הינדערן, האָט ער איהם אַ קוש געטהאָן אין האַנד. דער אָפיציער האָט געזאָגט פערלעגען און מיט אַ שטרענגען אויסדרוק:

— טימבוקטו, מיר זיינען ניט אין אַפריקאַ, אָבער זעץ זיך אַקאָרשט אַוועק און דערצעהל מיר, ווי דו קומסט אהער.

טימבוקטו האָט זיך אַ זעץ געטהאָן אין ברוסט און געשטאַמעלט שלינגענדיג די ווערטער, אַזוי שנעל האָט ער גערעדט:

— פיעל געלד געמאַכט, פיעל רעסטאָראַנען. טימבוקטו קייזער קאָך, מיר קריגט 2,000 פראַנק, כאַ, כאַ, כאַ!

און ער האָט זיך געדרעהט פאַר געלעכטער און גערעוועט פאַר פרייד.

אָבער דער אָפיציער האָט זיין אָרט רעדען גוט פערשטאַנען און נאָך דעם ווי ער האָט ביי איהם נאָך אַ פּאָאַר זאַכען געפרעגט, האָט ער געזאָגט:

— נו, און איצט לעב וואָהל, טימבוקטו. צום ווידערזעהן!

דער נעגער האָט זיך גלייך אויפגעהויבען, האָט דאָס מאָל אַ דריק געטהאָן די האַנד, וועלכע יענער האָט איהם אויסגעשטרעקט, האָט ווידער גענומען לאַכען און געזאָגט:

— גוטע אָבענד! גוטע אָבענד! הערר לייטענאַנט.

און ער איז אַוועק אַזאַ פרעהליכער, האָט פאַר זיך געלאַכט און געמאַכט מיט די הענד און די מענשען אַרום האָבען איהם אַנגענומען פאַר אַ משוגענעם.

דער אָבערסט האָט געפרעגט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מין בעשעפעניש?

דער מאיאָר האָט געענטפערט:

— ער איז אַ בראַווער יונג און אַ גוטער סאָלדאַט. איך וועל אייך דערצעהלען, וואָס איך ווייס פון איהם. עס איז זעהר קאָמיש.

* * *

איהר ווייסט, אַז אין אַנהויב פון'ם קריעג אין די זיבעציגער יאָהרען בין איך איינגעשלאָסען געוואָרען אין בעצירעס, וואָס דער נעגער רופט אַן בעצי. מיר זיינען אייגענטליך ניט געוועזן בעלאַגערט, נור בלאָקירט. די פּרייסישע מיליטער האָבען אונז אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען; זיי האָבען אויף אונז ניט געשאָסען, אָבער זיי האָבען אונז ביסלעכווייז אויסגעהונגערט.

איך בין דעמאָלט געוועזן אַ לייטענאַנט. אונזער גאַרניזאָן איז בעשטאַנען פון די פערשיעדענסטע סאָרטען טרופּען, איבערבלייבאַכצען פון פערניכטעטע רעגימענטען, אַנטלאָפענע, מאַראָדירען פון פערשיעדענע אַרמעע קאָרפּוסען, אַלעס איז דאָ געווען, און איין אָבענד זיינען אַפילו אַנגעקומען עלף טורקאָס; קיין מענש האָט ניט געוואוסט פון וואַנען זיי האָבען זיך גענומען.

זיי האָבען זיך בעוויזען ביים שטאָדט טויער, זעהר אויסגעצעהרט, אַרומגעריסען און שיכור. מען האָט זיי איבערגעגעבען אין מיינע הענד. איך האָב גלייך דערזעהען, אַז מען קען זיי ניט אונטערוואַרפען אונטער קיין דיסציפּלין, אַז זיי טרייבען זיך שטענדיג ערגעץ אַרום און זיינען שיכור. איך האָב פּרובירט זיי צו האַלטען אונטער אַרעסט, זאָגאַר אין געפענגניס, עס האָט גאָרנישט געהאָלפען; די חברה־לייט זיינען פערשוואונדען געוואָרען אויף גאַנצע טעג, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען אין דר'ערד אַריין; דאַן פלעגען זיי צוריק קומען טויט שיכור. זיי האָבען ניט געהאַט קיין געלד. וואו האָבען זיי זיך געקענט אָנ'שיכור'ען? ווי אַזוי און פון וואָס?

דאָס האָט מיך באַלד זעהר נייגעריג געמאַכט און אין אַלגעמיין האָבען די דאָזיגע ווילדע ברואים מיט זייער אויביגען געלעכטער, מיט זייער מאָדנעם אַרט לעבען פון גרויסע, זאָרגלאָזע קינדער, מיך פעראינטערעסירט.

דאַן האָב איך אויסגעפונען, אַז דעם גרעסטען פון זיי, דעם

וואָס איהר האָט נור וואָס געזעהען, פאַלגען זיי בלינדערהייד. ער האָט זיי פאַלקאָם בעהערשט; ער האָט זיי געפיהרט אויף זייערע געהיימע אונטערנעהמונגען.

איך האָב איהם געלאָזט רופען און אויסגעפרעגט. דריי שטונ־דען נאָכאַנאַנד האָט געדויערט אונזער אונטעררעדונג, אַזוי שווער איז געווען צו פערשטעהען זיין משונה'דיגען לשון. דער אָרימער טייפעל האָט פּרובירט אויף אַלע מעגליכע וועגען זיך צו מאַכען פערשטענדליך, האָט אויסגעטראַכט ווערטער, געמאַכט מיט די הענד, האָט געשוויצט פון אנשטרענגונג, זיך געווישט דעם שטערן, געשוויגען א ווייל און ווידער גענומען רעדען, ווען עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער האָט געפונען א נייעם מיטעל ווי זיך פער־שטענדליך צו מאַכען.

איך האָב זיך אָנגעשטויסען, אַז ער מוז זיין דער זוהן פון עפּעס א גרויסען הויפּטלינג, א מין סאָרט קעניג ניט ווייט פון טימבוקטו. איך האָב געפרעגט זיין נאָמען, ער האָט געענטפערט עפּעס אזוינס, וואָס איז אונמעגליך געווען נאָכצוזאָגען.

איך האָב בעשלאָסען, אַז דאָס בעסטע וועט זיין איהם צו רופען נאָך זיין לאַנד טימבוקטו, און אין אכט טאָג ארום האָט איהם דער גאַנצער גאַרניזאָן גערופען מיט דיזען נאָמען.

אָבער מיר זיינען געשטאָרבען פאר נייגערדע צו דערגעהן, ווי אזוי און וואו דער אפריקאַנישער פּרינץ מיט זיינע לייטע שיכור'ן זיך אָן און מיר האָבען דאָס ענטדעקט אויף א גאַנץ זעלט־זאַמען אופן.

איין מאָל אָ פריהמאָרגען בין איך געשטאַנען אויף דער פעס־טונגס־וואַנט און האָב געקוקט אין דער וויטקייט ארוים. פּלוצים האָב איך דערזעהען אין א וויינבאַרג עטוואָס, וואָס האָט זיך בע־וועגט. עס איז געווען אין דער צייט, ווען מען נעהמט די טרויבען פון די בוימער ארונטער. די וויינטרויבען זיינען געווען רייף, אָבער דאָס איז מיר גאָר ניט איינגעפאַלען. איך האָב געדענקט, אַז א שפּיאָן קומט דאָ אָן אין שטאָדט אריין און איך האָב גלייך צו־זאמענגעשטעלט א פּאַטרול, אום דעם יונג צו כאַפּען.

איך האָב אליין איבערגענומען די פיהרונג נאָך דעם ווי איך

האָב פון׳ם גענעראַל די ערלויבנים געקריגען. פון דריי פערשיע־דענע טויערען האָב איך דריי קליינע טרופען ארויסגעשיקט, וועל־כע האָבען זיך געזאָלט טרעפען ניט וויט פון דעם פערדעכטיגען בוים און איהם ארומרינגלען פון אלע זייטען. כדי אָבצושניידען דעם שפּיאָן דעם וועג אויף צוריק, האָט איינע פון די טרופען גע־מוזט מארשירען אַ שטונדע צייט. אַ מאַן, וועלכען איך האָב אי־בערגעלאָזען אויף דער פעסטונג אלס בעאָבאַכטער, האָט מיר גע־געבען צייכענס, אויב דער מענש האָט שוין דעם וויין־בארג פער־לאָזען אָדער ניט.

מיר זיינען געגאַנגען שטיל, ניט רעדענדיג קיין וואָרט, האָ־בען געקלעטערט, געקראָכען אויף אלע פיער, געדוטשט אויפ׳ן בויך, צום סוף זיינען מיר אָנגעקומען צו דעם בעצייכענטען פונקט. פלוצים גיב איך מיינע סאָלדאַטען אַ צייכען, זיי וואַרפען זיך אריין אין דעם וויינבאַרג און געפינען טימבוקטו, וועלכער קריכט אויף אלע פיער צווישען די סטוואָלעס און עסט וויינטרויבען, אָדער בע־סער געזאָגט, ער פערשלינגט זיי ווי אַ הונד מיט אַ פולען מויל פון וויינשטאָק ארונטער. איינע נאָך דער אנדערער רייסט ער די טרוי־בען מיט זיינע צייהן ארונטער.

איך האָב איהם געוואָלט לאָזען אויפשטעהן, עס איז ניט גע־גאַנגען. דאַן האָב איך פערשטאַנען, פארוואָס ער רוטשט אויף די הענד און די קניע. אזוי שנעל ווי מען האָט איהם אויף די פיס געשטעלט, האָט ער זיך גענומען שאָקלען, האָט אויסגעשטרעקט די הענד און האָט זיך אויסגעצויגען אין דער גאַנצער לענג. ער איז געוועזען אזוי שיכור, אַז איך האָב נאָך אזוינס קיינמאָל ניט גע־זעהן.

מיר האָבען איהם אוועקגעשלעפּט אין שטאָדט. דעם גאַנצען וועג האָט ער געלאַכט און געשלאָגען ארום זיך מיט די הענד און די פיס. דאָס אלזאָ איז געוועזען דער גאַנצער וואונדער: די חברה־לייט האָבען זיך אָנגעשיכור׳ט פון וויינשטאָק אליין; און ווען זיי זיינען דערנאָך געוואָרען אזוי שיכור, דאָס זיי האָבען זיך מעהר ניט געקענט ריהרען, זיינען זיי איינגעשלאָפען דאָרט, וואו זיי האָבען זיך געפונען און געשלאָפען אזוי לאַנג, ביז דער רויש איז זיי

פון קאפ ארויס. טימבוקטו׳ס ליידענשאפט פאר דעם וויינבארג האט איבערשטיגען אלעס וואס מען קען זיך פארשטעלען. ער האט כמעט איינגאנצען דארט געלעבט.

* * *

אין א געוויסען אבענד האט מען מיך גערופען. אויפ׳ן פלאַכען וועג האט מען געזעהען עטוואס, וואס האט זיך דערנעהנטערט צו אונז. איך האב מיט מיר ניט געהאט מיין פעלד־שפאקטיוו און האב גארנישט געקענט אונטערשיידען. עס איז געווען ווי א גרויסע שלאנג, וועלכע האט זיך געקייקעלט צו אונז צו.

איך האב געשיקט א פאאר מענשען אנטקעגען דעם מערקווירדיגען קאראוואן, וועלכער איז באלד אנגעקומען אין טריאומף. טימבוקטו און זיינע ניין בעגלייטער האבען געטראגען אויף אזא מין אלטאר פון פעלד־שטוהלען געמאכט, אכט אבגעשניטענע, בלוטיגע, אויסגעשצירעטע קעפ; דער צעהנטער טורקא האט געהאלטען א פערד פאר׳ן עק, אן וועלכען נאך איינער איז געווען אנגעבונדען און נאך זעקס אנדערע האבען געפאלגט אויף דעם זעלבען אופן.

איך האב זיך דערוואוסט פאלגענדעס: ווען די אפריקאנער זיינען ווידער אין וויינבארג געגאנגען, האבען זיי פלוצים דערזעהן א פרייסישע אבטהיילונג מיליטער, וועלכע זיינען צוגעקומען צום דארף. אנשטאט צו אנטלויפען, האבען זיי זיך בעהאלטען און דאן, ווען די אפיציערען זיינען אריין אין שענק עפעס איבערצוכאפען, האבען זיך די עלף יונגען אויף זיי ארויפגעווארפען און זיי בעפאלען.

די אולאנער, וועלכע האבען געמיינט, אז זיי האבען דא צו טהאן מיט א גרויסער מחנה, זיינען אנטלאפען; די אפריקאנער האבען געטוידטעט צוויי פאסטען, דעם אבערסט און פינף אפיציערען פון זיין שטאב.

אין יענעם טאג האב איך ארומגענומען טימבוקטו. אבער איך האב בעמערקט, אז ער קען זיך קוים שלעפען. איך האב געמיינט, אז ער איז פערוואונדעט, אבער ער האט זיך צולאכט און געזאגט:

— איך ניט אומזיסט קעמפף!

טימבוקטו, דאַרפט איהר וויסען, האָט געפיהרט קריעג ניט צוליעב כבוד וועגען, נור צוליעב דעם געווינס. אַלעס וואָס ער האָט געפונען און וואָס האָט אין זיינע אויגען געשיינט צו האָבען וועלכען ניט איז ווערט, איבערהויפט אַלעס וואָס האָט געבליסטשעט, האָט ער אריינגעשטעקט צו זיך אין קעשענע.

און אַזוי האָט ער אַבגעטרענט דאָס גאָלד פון די פריישישע יוניפאָרמען, די עפּאָלעטען, די קוקאַרדעס אויף די היטלען, די קנעפּ און דערמיט אָנגעשטאָפּט זיינע קעשענעס אזוי פול, דאָס זיי האָבען שיער ניט געפּלאַצט. יעדען טאָג האָט ער זיך זיינע קעשענעס אָנגעפילט. יעדער בליסטשענדיגער געגענשטאַנד וואָס איז איהם אונטער די אויגען געקומען, אַ גאָלדשטיק אָדער אַזוי אַ שטיק מעטאַל, איז פאַר איהם געווען אַ סחורה. מאַנכעס מאָל האָט ער אויסגעזעהן ווי אַ פּשוט'ער משוגענער.

דאָס האָט ער אַלעס אין זינען געהאַט שפּעטער מיטצונעהמען אין דאָס לאַנד פון די שטראַאוסען, און וואָס וואָלט ער געקענט אָנהויבען צו טהאָן אָהן די קעשענעס? אָבער יעדען פריהמאָרגען זיינען זיינע קעשענעס געווען ליידיג; ער האָט אַלזאָ געמוזט האָבען אַ הויפּט מאַגאַזין, וואו ער האָט אַלע זיינע רייכטהימער אָנגעזאַמעלט, אָבער וואו, האָב איך ניט געקענט דערגעהן.

דער גענעראַל, וועמען מען האָט געמעלדעט וועגען טימבוקטו'ס טהאַט, האָט גלייך געלאָזען בעערדיגען די קערפּערס פון די געקעפּטע פריסען, וועלכע זיינען געלעגען ניט ווייט פון דאָרף, כדי מען זאָל ניט בעמערקען, אַז מען האָט זיי די קעפּ אָבגעהאַקט. אויפ'ן צווייטען טאָג האָבען זיך די פריסען אומגעקעהרט צוריק. דער פאַרשטאַנד אין יעדען פון די אָנגעזעהענסטע איינוואוינער זיינען גלייך דערשאָסען געוואָרען אלס שטראָף דערפאַר, ווייל עס האָט געהייסען, דאָס זיי האָבען פערראַטען די דייטשען און זיי איבערגעגעבען אין אונזערע הענד.

* * *

דער ווינטער איז אָנגעקומען, מיר זיינען געווען זעהר פערצווייפעלט; טעגליך זיינען פאָרגעקומען געפעכטען. נור די אכט טורקאָס (איינער איז געטויטעט געוואָרען) זיינען געבליבען ריק

און פּעס, קרעפטיג און אימער בערייט צו קעמפּפען. טימבוקטו איז זאָגאר געוואָרען שטאַרק בעליבט. אין א געוויסען טאָג רופט ער זיך אָב צו מיר:

— דו הונגעריג, איך גוטע פלייש!

און ניט לאַנג וואַרטענדיג האָט ער מיר געבראַכט אַן אויסגע־צייכענטע שטיק פלייש; אָבער פון וואַנען? מיר האָבען ניט געהאַט מעהר קיין אָקסען, קיין שאָף, קיין ציעגען, קיין עזלען, קיין חזירים; עס איז אפילו געווען אונמעגליך זיך צו פערשאַפען א פערד.

נאָך דעם ווי איך האָב מיין בראַטען אויפגעגעסען, האָב איך וועגען דעם אַלעמען געגומען נאָכדענקען. און פּלוצים איז מיר אויפ'ן זינען אַרויף א שרעקליכער געדאַנק: די דאָזיגע נעגערס זיינען געבאָרען געוואָרען ניט וויים פון דעם לאַנד, וואו מען עסט מענשען־פלייש! און טאָג טעגליך זיינען אזוי פיעל סאָלדאַטען גע־פאַלען אין די פערשיעדענע שלאַכטען אַרום דער שטאָדט.

איך האָב געפרעגט ביי טימבוקטו, אָבער ער האָט מיר ניט געוואָלט ענטפערען. איך האָב איהם מעהר נישט געפרעגט, אָבער פון דאַן אָן האָב איך מעהר גאַרנישט גענומען ביי איהם צו עסען.

ער האָט מיך זעהר ליעב געהאַט. איין נאַכט, ווען מיר זיינען געווען אין פעלד אויף וואַך, האָט אויסגעבראָכען א גרויסער שנעע שטורעם. מיר זיינען געזעסען אויף דר'ערד. מיט מיטלייד האָב איך בעטראַכט די אָרימע נעגערס, וועלכע האָבען אונטער דעם דאָ־זיגען ווייסען, וייכען שטויב געציטערט. אזוי ווי מיך האָט שטאַרק געפראָרען, האָב איך גענומען הוסטען. דאָ האָב איך דערפיהלט אַרום די אַקסלען עטוואָס ווי א גרויסע, ווייכע דעקע. עס איז געווען טימבוקטו'ס מאַנטעל, וועלכען ער האָט מיר אויף די אַקסלען אַרויפגעוואָרפען.

איך בין אויפגעשטאַנען און איהם צוריק אָבגעגעבען זיין ראָק.

— בעהאַלט עס פאַר זיך, מיין יונג, דו דאַרפסט עס נויטיגער ווי איך!

ער האָט געענטפערט

— ניין, הערר לייטענאנט, פאר דיר, איך ניט דארף, איך היים, היים!

און ער האט אויף מיר געקוקט מיט געבעט. איך האב גע־ענטפערט:

— פאלג דיין עלטסטען, בעהאלט דיין מאנטעל, איך בעפעהל עס דיר!

דאן איז דער נעגער אויפגעשטאנען, האט ארויסגעצויגען זיין שווערד, וועלכען ער האט געקענט מאכען שארף, ווי א קאסע, און נעהמענדיג דעם מאנטעל מיט דער צווייטער האנד האט ער אויס־גערופען:

— דו נישט טראגען מאנטעל, איך צושניידען מאנטעל!

און ער וואלט עס טאקע געטהאן אויף אן אמת, ווען איך וואלט ניט נאכגעגעבען.

* * *

אין אכט טאג ארום האבען מיר זיך אונטערגעגעבען. א פאאר פון אונז האבען געקענט אנטלויפען, די איבעריגע האבען געמאר־שירט פון דער שטאדט אלס געפאנגענע פון די זיגער.

איך בין אוועק צום פערזאמלונגס־פלאץ, ערשט איך זעה דארט א ריעזיגען נעגער אין ווייסען לייווענט געקליידעט מיט א שטרוי־הענעם הוט אויפ'ן קאפ. דאס איז געווען טימבוקטו.

ער האט געשיינט צו זיין זעהר גליקליך און איז ארומגעלא־פען מיט די הענד אין די קעשענעס פאר א קליינערביידעל הין און צוריק, אויף וועלכער אלס א שילד זיינען געהאנגען צוויי טע־לער און צוויי גאפלען. א פארוואונדערטער האב איך איהם גע־פרעגט:

— וואס טהוסטו דא?

ער האט געענטפערט:

— איך ניט געה אוועק, איך גוט קאכען, האב אין אלזשיער געמאכט עסען פאר אבערסט, איך עסען געבען פרייסען, א סך גע־גנב'עט, א סך, א סך!

עס איז געווען צעהן גראד קעלט; איך האב זיך געטרייסעלט ביים אנבליק פון'ם נעגער אין זיין ווייסען לייווענטענעם אנצוג.

דאַן האָט ער מיך גענומען פאַר אַ האַנד און מיך אַריינגעפיהרט אינעווייניג.

איצט האָב איך דערזעהען אַ ריעזיגען שילד, וועלכען ער האָט געוואָלט אויפהענגען פאַר דער טהיר, אַזוי שנעל ווי מיר וועלען אוועקמאַרשירען, ווייל ער האָט זיך פאַרט אביסעל געשעהמט פאַר אונז. און אויף דעם שילד האָב איך איבערגעלעזען פאָלגענדעס:

מיליטערישער רעסטאָראַן פון הערר טימבוקטו.
קאָך־שעף פון זיין מייעסטעט דעם קייזער.
פאַריזער קיך — מעסיגע פרייזען.

טראָץ דער פערצווייפלונג, וועלכע איך האָב אין מיין האַרצען געטראָגען, האָב איך דאָך געמוזט לאַכען און איך האָב איבערגעלאָזען מיין נעגער ביי זיין נייעם בערוף. איז דען ניט אַזוי געווען בעסער, ווי איהם אין געפאַנגענשאַפט מיט זיך צו שלעפען?

איהר האָט נור וואָס געזעהן, אַז עס האָט איהם אָבגעגליקט, דעם קערל. היינט געהערט בעצירעס צו דייטשלאַנד, אָבער טימבוקטו'ס רעסטאָראַן איז דער ערשטער שריט צו רעוואַנש.



# ציערונג.

—o—

הערר לאנטין האט בעגעגענט דאס יונגע מיידעל אויף אן אבענד געזעלשאפט ביי זיין פארגעזעצטען, און די ליעבע האט איהם ווי מיט א נעץ פערשטריקט. זי איז געוועזן די טאכטער פון א שטייערן־קאָלעקטאָר אוים דער פראווינץ, וועלכער איז שוין זייט עטליכע יאהר געשטארבען. נאך זיין טויט איז זי מיט דער מוטער קיין פאריז אוועק. די מוטער האט אין איהר אומגעגענד געמאכט א בעזוך אין עטליכע גוטע, בירגערליכע פאמיליעס, אין דער האפנונג, דאס יונגע מיידעל צו פערהייראטען. זיי זיינען געוועזן ארעם, אנשטענדיג, רוהיג און זאנפט. דאס יונגע מיידעל האט געשיינט צו זיין דער טיפ פון א גוטער הויז־פרוי, וועמען אן אנשטענדיגער יונגער מאן האט רוהיג געקאנט זיין לעבענסגליק אנפערטרויען. איבער איהר שעהנהייט איז געלעגען א צויבער פון בעשיידענהייט און אמת הימלישער ריינקייט. אויף איהר מויל האט אימער געשפיעלט א ליעב שמייכעלע ווי דער אבגלאנץ פון איהר הארצען.

די גאנצע וועלט האט איהר געזונגען לויב געזאנגען און אלע, וואס האבען זי געקענט, האבען ניט אויפגעהערט צו ווידערהאלען: „ווער עס וועט האבען דאס גליק זי צו קריעגען, קען בעשטימט זאגען, קיין בעסערע איז אויף דער וועלט נישטא.“

הערר לאנטין איז דאן געוועזן אבערבעאמטער אין מיניסטעריום מיט א געהאלט פון 3500 פראנק א יאהר. ער האט זיך איהר ערקלעהרט אין ליעבע און זי געהייראט.

ער איז מיט איהר געוועזן גליקליך. זי האט געפיהרט איהר בעל הבית'ישקייט מיט אזא שפארזאמקייט און אזוי

געשיקט, אז עס האָט געמאכט דעם איינדרוק, ווי זיי וואָלטען געווען רייך. פאר איהר מאַן האָט זי שטענדיג געהאַט אלע אויפמערקזאמקייטען, אלע צערטליכקייטען, אלע שמייכלערייען, וועלכע מען קען זיך נאָר דענקען, און זי איז גאַנצען איז געווען אזוי פול חן, אז ער האָט זי אין זעקס יאָהר נאָך דער חתונה נאָך מעהר ליעב געהאַט ווי אין אָנהויב.

ער האָט נור צוויי זאכען געהאַט געגען איהר אויסצוזעצען: איהר ליעבע צום טעאַטער און צו פאַלשע ציערונג.

איהרע פריינדינען (זי האָט געקאָנט א פּאָר איינפאַכע פרויען פון בעאמטע) האָבען איהר שטענדיג פערשאַפט בילעטען פאר אַן ערפאָלג־שטיק, זאגאר פאר ערשטע פארשטעלונגען. און זי האָט געשלעפּט איהר מאַן, צי ער האָט געוואָלט צי ניט, צו די דאָזיגע פערגעניגענס מיט זיך, הגם זיי האָבען איהם נאָך זיין שווערען ארבייטס טאָג מיעד געמאכט. און דאַן האָט ער געבעטען זיין פרוי, זי זאָל געהן אין טעאַטער מיט א בעקאַנטער, וועלכע זאָל זי דערנאָך ברענגען אהיים. א לאַנגע צייט האָט זי עס נישט געוואָלט טהאָן, זי האָט געדענקט, אז עס פּאַסט נישט צו געהן אָהן דעם מאַן. אָבער צום סוף האָט זי איהם נאָכגעגעבען און ער איז איהר געווען אָהן א ברעג דאַנקבאר דערפאר.

דאָס פערגניגען, וואס זי האָט געהאַט פונ׳ם געהן אין טהעאַטער, האָט אין איהר אין גיכען ערוועקט דאָס בעדירפעניש, זיך שעהן אָנצוטהאָן. איהרע קליידער זיינען אָבער געבליבען גאַנץ איינפאַכע, הגם זעהר געשמאַקפאָל, אָבער בעשיידען. און איהר זיסער חן, די אונווידערשטעהליכע ליעבליכקייט פון איהר בעשיידענהייט, דער צויבער פון איהר שמייכעל איז פון דער איינפאכקייט פון א׳הרע קליידער נאָך ווי פערשטאַרקט געווארען. אָבער זי האָט זיך איינגעוואָהנט, צוויי גרויסע שטיינער, וועלכע האָבען אויסגעזעהן ווי דיאַמאַנטען, זיך אין די אויערען אָנצוהייענגען, און האָט געטראָגען פאַלשע פערל, בראַסלעטען און קאַמען, בעזעצט מיט בליסטשענדע גלעזלאך, וואס האָבען אויסגעזעהן ווי בריליאַנטען.

דער דאָזיגער געשמאַק פאר פאַלשע ציערונג האָט פערדראָסען איהר מאַן, און ער האָט אָפט צו איהר געזאָגט:

— ליעבעס קינד, ווען מען איז ניט אימשטאנד זיך אמת'ע ציערונג צו קויפען, דאן ציינט מען זיך נור בעציערט פון דער איי־גענער שעהנהייט און דעם נאטירליכען חן. דאס איז אימער די שעהנסטע ציערונג!

אבער זי האט בלויז זיס געשמייכעלט און געענטפערט:

— אך, לאז מיך צורוה, וואס זאל איך טהאן, איך האב עס פארט ליעב, דאס איז מיין פעהלער. איך וויים, אז דו ביזט גע־רעכט, אבער איך קען זיך נישט איבערמאכען. אה, ווי איך וואלט וועלען האבען בריליאנטען!

און זי האט א פיהר געטהאן מיט די פינגער איבער דעם האלז־באנד און מיט די געשליפענע קריסטאל אנטקעגען ליכט געשפיעלט, בעת זי האט געזאגט:

— זעה אקארשט, ווי שעהן דאס איז געמאכט! דאס מוז דאך יעדערער האלטען פאר עכטע.

ער האט א שמייכעל געטהאן און געזאגט:

— דו האסט אביסעל דעם געשמאק פון א ציגיינער.

ווען זיי זיינען אין אבענד צוזאמען ביים קאמין געזעסען, דאן פלעגט זי מאנכעס מאל אויפ'ן טיש, אויף וועלכען זיי האבען טהעע געטרונקען, איהר סאפיאן קעסטעלע ארויפשטעלען, און וועלכען זי האט איהר „בעהאנג", ווי הערר לאטין פלעגט עס רופען, פערבאר־גען געהאלטען. און זי האט בעטראכט די פאלשע שטיינער מיט ליידענשאפטליכער אויפמערקזאמקייט, ווי זי וואלט דערביי א געהיי־מען, טיעפען גליק געפיהלט. און טראץ זיין וועהרען זיך, פלעגט זי איהם אנהייננען א האלזבאנד אויפ'ן האלז, אום דאן פון גאנצען הארצען זיך אויסצולאכען און זאגען:

— אך, ווי קאמיש דו זעהסט אויס!

דאן פלעגט זי זיך א ווארף טהאן צו איהם אויף דער ברוסט און פלעגט איהם ליידענשאפטליך קושען.

איין מאל ווינטער ביי נאכט איז זי געקומען שפעט אהיים פון דער אפערא, שוידערנדיג פאר קעלט. אויפ'ן צווייטען טאג האט

זי געהוסט און אין אכט טאָג ארום איז זי געשטאָרבען פון א לונג־
גענענטצינדונג.

לאַנטין האָט איהר געוואָלט נאָכשפּרינגען אין גרוב אריין. ער
איז געווען אזוי־פערצווייפעלט, אז זיינע האָר זיינען אין איין מאָנאַט
ווייס געווארען. ער האָט געוויינט פון אין דער פריה ביז ביינאכט,
דאָס הארץ פון אונערטרעגליכען וועהטאָג צוריסען; אָהן אויפהער
נעפלאגט פון דער עראינערונג אָן איהר, און איהר שמייכעל, איהר
שטימע, דעם גאנצען צויבער פון דער געליעבטער טויטער.

די צייט האָט זיין שמערץ ניט געלינדערט. אָפט, בעת דער
ארבייט, ווען די קאָלעגען זיינען געלאָפען אהין און אהער, אום צו
פלויעדערן א ווײלע וועגען די נייעס פון טאָג, פלעגט זיך זיין פּנים
פלוצים פערציהען, די נאָזלעכער נעהמען ציטערען און טרעהרען
האָבען זיך אין זיינע אויגען בעוויזען. ער האָט דאָס פּנים פער־
קרימט און גענומען שלוכצען.

דאָס צימער פון זיין פרוי האָט ער געלאָזען פונקט אזוי, ווי
ער איז פריהער געווען, און דאָרט האָט ער זיך יעדען טאָג איינ־
געשלאָסען, אום וועגען איהר צו טראכטען. אלע מעבעל, אפילו אלע
איהרע קליידער, זיינען געבליעבען אויף דעם פּלאַץ, אויף וועלכען
זיי זיינען אין דעם לעצטען טאָג פון איהר לעבען געוועזען.

אָבער דאָס לעבען איז איהם פערביטערט געווארען. זיין גע־
האַלט, וועלכער האָט אין זיין פרוי'ס הענד געסטאַיעט אויף אלע
אויסגאבען, איז איצט פלוצים פאר איהם אליין וויניג געווארען.
און ער האָט זיך גאנץ ערשטוינט געפרעגט, ווי איז דאָס פאר איהח
מעגליך געווען, איהם יעדען טאָג גוטען ווײן צו דערלאנגען, און די
געקליעבענע טהייערע שפּייזען, פון וועלכע ער האָט זיך ביי זיינע
קליינע פערדיענסטען געמוזט אָבזאָגען.

ער האָט אָנגעמאכט חובות און געזוכט צו קריעגען געלד אויף
דעם געוועהנליכען וועג פון פעראָרעמטע מענשען.

איין מאָל א אין דער פריה, ווען ער האָט נאָך א גאַנצע וואָך
פאר'ן ענדע מאָנאַט ניט געהאַט קיין סו אין קעשענע, האָט ער גע־
נומען טראכטען וועגען עפּעס צו פערזעצען. גלייך איז איהם אריין

א גערדאנק זיין פרוי׳ס „בעהאנג“ צו פערשאכערען. ווייל אין דער טיעפעניש פון זיין נשמה האט ער געטראגען א האס צו די פאלשע אויגען „פערבלענדער“, און זייער בלויזער אנבליק האט יעדען טאג איהם דאס אנדענקען אן זיין געליעבטער פרוי פערביטערט.

א לאנגע צייט האט ער זיך געראיעט אין דעם הויפען ציערונג, וואס זיין ווייב האט איבערגעלאזט, ווייל זי האט ביז צו איהר לעצ־טען טאג נאך געהאלטען אין איין קויפען נייע שמוקזאכען און האט כמעט יעדען אבענד א נייעם געגענשטאנד מיטגעבראכט. צום סוף האט ער אויסגעקליבען דעם גרויסען האלזבאנד, וואס זי האט אם ליעבסטען געהאט, און וועלכער, ווי ער האט געדענקט, איז ווערטה א זעקס־אכט פראנק, ווייל פאר א נאכגעמאכטע זאך איז עס ווירק־ליך זעהר שעהן געארבייט געווארען.

ער האט עס אריינגעלעגט אין קעשענע און איז אוועק איבער די בולווארען זוכענדיג א יובעליר געשעפט, וואו ער זאל קענען ריזיקירען, עס פארצושלאגען.

צום סוף האט ער געפונען, וואס ער האט געזוכט און איז אריין אינעווענינ עטוואס פערשעהמט, ארויסצואווייזען זיין נויט פאר מענשען, מיט דעם וואס ער וויל פערקויפען אזא ווערטהלאזע זאך. ער האט געזאגט צום יובעליר:

— איך וואלט גערן וועלען וויסען, וויפיעל דאס קען ווערטה זיין?

דער מאן האט גענומען דעם האלזבאנד, האט עס בעטראכט, געדרעהט עס אהער און אהין, געוואוינען עס אויפ׳ן האנד, צוגערופען א יונגען מאן און גערעדט צו איהם אין דער שטיל. דאן האט ער אוועקגעלעגט דעם האלזבאנד אויף דעם קאנטאר און עס פון וויי־טען בעטראכט, אום א בעסערען איינדרוק צו קריעגען.

הערר לאנטין, וועמען עס איז אונאנגענעהם געווען די גאנצע געשיכטע, האט בעמערקט:

— אה, איך ווייס וואויל, אז עס איז ניט פיעל ווערטה!

אבער דער יובעליר האט געענטפערט:

— אלץ וואס איך קען אייך זאגען איז, אז דאס איז ווערטה

פון צוועלף ביז פופצעהן טויזענד פראנק. אָבער איך קען עס נישט קויפען סיידען איהר וועט מיר געבוי אָנגעבען פון וואנען דאָס קומט צו אייך.

דער אַלמן האָט ברייט אויפגעריסען די אויגען און איז גע־בליעבען שטעהן מיט אַן אָפענעם מויל, ווי ער וואָלט ניט פער־שטאַנען, וואס מען רעדט צו איהם. צום סוף האָט ער אַרויסגע־שטאַמעלט?

— וואָס זאָגט איהר? זייט איהר אין דעם זיכער?

דער אַנדערער האָט פערגעסען זיין פערוואונדערונג און גע־ענטפערט מיט אַ טרוקענעם טאָן:

— איהר קענט זיך נאָכפרעגען ערגעץ אַנדערש וואו, אויב מען וועט אייך געבען מעהר. ווען איהר וועט אין ערגעץ ניט קריעגען מעהר וועט איהר קומען צוריק.

הערר לאַנטין האָט געפיהלט, ווי מען וואָלט איהם דעם קאָפּ צוזעצט, ער האָט גענומען זיין האַלזבאַנד און איז אוועק, ווייל ער האָט געהאַט עפּעס אַן אונבעשטימטען פערלאַנג צו בלייבען אַליין און נאָכצודענקען.

אָבער אַזוי גיך ווי ער איז אויף דער גאַס אַרויס, איז אויף איהם אָנגעפאַלען אַ ווילדע לוסט צו לאַכען און ער האָט ביי זיך גע־טראַכט:

— אוי, וואָס פאַר אַן אָקס! אוי, אַביסעל אַן אָקס! שעהן וואָלט עס געוועזען, ווען איך וואָלט איהם גלייך ביים וואָרט גענו־מען! דאָס איז אַ פיינער יובעליר, קען אַפילו ניט אונטערשיידען פון עכטע ביז נאָכגעמאַכטע שטיינדלאַך!

און ער איז אריין צו אַן אַנדער סוחר אין ראָג פון דער רו־דע לאַ פּער. אַזוי גיך ווי דער אייגענטהימער פון געשעפט האָט דערזעהן דאָס האַלזבאַנד, האָט ער אויסגערופען:

— ניין, וואָס זאָגט איהר נישט דערצו! דעם האַלזבאַנד קען איך דאָך, דאָס שטאַמט פון מיין געשעפט.

הערר לאַנטין האָט געפרעגט זעהר אויפגערעגט:

— וואָס איז ער ווערטה?

— איך האָב עס פערקויפט פאר פינף־און־צוואנציג טויזענד פראנק. ווען איהר קענט מיר אָנגעבען, ווי אזוי עס איז צו אייך געקומען, איך מוז, פערשטעהט איהר מיך, אָבהיטען די געזעץ פאָר־שריפטען — דאַן בין איך בערייט, עס צוריקצונעהמען פאר אכט־צעהן טויזענד פראנק.

הערר לאָנטין האָט זיך אוועקגעזעצט נעלעהמט פאר ערשטוי־נען. ער האָט ווידער אָנגעהויבען:

— איך בעט אייך, קוקט עס נאָך אמאָהל אויפמערקזאם אָן, ווייל איך האָב ביז אהער גערענקט, אז דאָס איז ניט עכט.

דער יובעליר האָט געענטפערט:

— ווילט איהר זיין אזוי גוט און מיר אָנגעבען אייער נאָמען?

— זעהר גערן, איך הייס לאָנטין און בין א בעאַמטער אין מי־ניסטעריום דעם אינערען. איך וואָהן אין רו דעם מארטירערס נומער 16.

דער קויפמאן האָט געעפענט די ביכער, האָט א ווייל אין זיי געבלעטערט און דאַן געזאָגט:

— יאָ, עס שטימט, דאָס דאָזיגע האלזבאנד איז צו פרוי לאָנ־טין, רו דעם מארטירערס נומער 16 דעם 20טען יולי 1876 געשיקט געווארען.

און די ביידע מענער האָבען איינער דעם אַנדערען אָנגעקוקט, דער בעאַמטער אין גאנצען א דערשלאָגענער פון איבערראשונג, דער יובעליר מיינענדיג, אז ער האָט פאר זיך א גנב.

יענער האָט ווידער אָנגעהויבען:

— ווילט איהר דאָס דאָזיגע שטיק ציערונג איבערלאָזען ביי מיר אויף פיער־און־צוואנציג שטונדען? איך וועל אייך ארויסגעבען א צעטעל אויף דעם.

הערר לאָנטין האָט געשטאַמעלט:

— געוויס, זעהר גערן.

און ער איז אוועק מיט דעם פאפיר אין האנד, האָט עס צו־זאמענגעלעגט און אין קעשענע בעהאלטען.

דאַן האָט ער גענומען לויפען פון גאס, האָט זיך צוריק אומגע־

קעהרט, און בעמערקט, אז ער איז מיט א פאלשען וועג אוועק, האָט ער גענומען גהען אין דער ריכטונג פון די טוליעריען, דאן איבער דעם בריק אויף דער סיינע, און צום סוף ווידער בעמערקט, אז ער האָט א טעות געהאט, האָט ער זיך קוים מיט צרות דערשלעפּט צו די שאנפ־עליסעס, ניט זייענדיג אימשטאנד צו דענקען פון וואס ניט איז. ער האָט זיך געצוואונגען די זאך צו איבערלעגען, צו פערשטעהן, בעגרייפען. זיין פרוי האָט דאך אזא טהייערען גע־גענשטאנד ניט געקאָנט קויפען! ניין, דאס געוויס ניט. ווי באלד אזוי האָט עס געמוזט זיין א געשענק — א געשענק. א גע־שענק... פון וועמען? און פארוואס?

ער איז געבליעבען שטעהן אין מיטען גאס. א מורא'דיגער צווייפעל איז איהם בעפאלען... זי?... אויב אזוי, דאן זיינען אלע אנדערע ציערונג אויך געשענקען... עס האָט זיך איהם גערדאכט, אז די ערד וואקעלט זיך אונטער זיינע פיס, ווי פאר איהם וואָלט א גרויסער בוים איינגעפאלען. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענד און איז געפאלען אין חלשות.

אין אן אפטהעק, וואוהין א פּאָר פארבייגעהער האָבען איהם אריינגעטראָגען, איז ער צו־זיך געקומען. ער האָט געבעטען מען זאָל איהם ברענגען צו זיך אהיים און האָט זיך דאָרט איינגעשלאָסען.

ער האָט פערצווייפעלט געוויינט ביז די נאכט איז אנגעפאלען און געביסען זיין טאשענטוך, אום ניט צו שרייען. דאן האָט ער זיך געלעגט אין בעט א פערמאטערטער פון מיעדקייט און קומער און איז אריינגעפאלען אין א טיעפען שלאָף.

א שטראהל פון דער זון האָט איהם אויפגעוועקט. ער האָט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען אום אין מיניסטעריום צו געהן. עס איז איהם אָנגעקומען שווער נאָך אזעלכע אונגעריכטע פּאסירונגען צו ארבייטען. ער האָט געטראכט, אז ער קען זיך ענטשולדיגען ביי זיין שעף און האָט צו איהם אָנגעשריעבען עטליכע ווערטער. דאן איז איהם איינגעפאלען, אז ער מוז געהן צום יובעליר און ער איז געוואָ־רען רויט פאר שאנדע. א לאנגע צייט האָט ער נאָכגעטראכט. ער האָט דאָך ניט געקאָנט איבערלאָזען דאָס האלזבאנד ביי דעם מאן דאָרט. ער האָט זיך אָנגעטהאָן און איז אוועק.

עס איז געווען א שעהנער וועטער, א בלויער הימעל האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער דער לאַבעדיגער שטאָדט. שפּאַציערגעהער מיט הענד אין די קעשענעס, זיינען געגאַנגען זייער וועג.

און לאַנטין, קוקענדיג אויף זיי האָט צו זיך געזאָגט:

— ווי גליקליך מען מוז זיין, ווען מען האָט געלד; מיט געלד קען מען אפילו שמערצען אויף בעסער אריבערטראָגען, מען געהט וואו מען וויל, מען רייזט, מען צושטרייט זיך. אַך, ווען איך וואָלט געווען רייך.

דאַן האָט ער זיך געכאַפּט אז ער איז הונגעריג, דען ער האָט זייט פיער־און־צוואַנציג שטונדען גאָר נישט געגעסען. אָבער זיי־נע קעשענעס זיינען געווען לעדיג און ער האָט זיך ווידער דער־מאָנט אָן דעם האַלזבאַנד. אכטצעהן טויזענד פראַנק! אכטצעהן טויזענד פראַנק! דאָס איז א שעהנע סומע געלד!

ער איז אוועק צו דער רו דע לאַ פּער און גענומען ארומגעהן הין און צוריק פאַר'ן געשעפט. אכטצעהן טויזענד פראַנק! צוואַנ־ציג מאָל אודאי האָט ער געוואָלט אריינגעהן אינעווייניג, אָבער יעדעס מאָל האָט איהם די שאַנדע אָבגעהאַלטען. אָבער דאָ האָט ער פּלוצים געפאַסט אַן ענטשלוס, איז שנעל אריבערגעלאָפען איבער דער גאַס, אום זיך ניט צו לאָזען קיין צייט צו איבערלעגען און האָט זיך א לאָז געטהאָן אין יובעליר קראָם.

אַזוי שנעל ווי דער אייגענטהימער האָט איהם דערזעהען אריינ־קומענדיג, האָט ער איהם מיט א העפליכען שמייכעל דערלאַנגט א שטוהל. די יונגע לייט פון געשעפט זיינען צוגעקומען און אָנגעקוקט לאַנטינ'ען פון אַלע זייטען און אויף זייערע ליפען און אין זייערע אויגען האָט ווי א שמייכעל געשפּיעלט.

דער יובעליער האָט געזאָגט:

— איך האָב זיך אויף אייך נאָכגעפרעגט, און אויב איהר האָט אייער ענטשלוס ניט געענדערט, דאַן בין איך בערייט אייך צו געבען די סומע, וועלכע איך האָב אייך נעכטען פאָרגעשלאָגען.

דער בעאַמטער האָט געשטאַמעלט:

— ניין, איך האָב ניט געענדערט, געוויס ניט.

דאַן האָט דער יובעליר אַרויסגענומען פון אַ שופלאָד אַכט־צעהן גרויסע באַנקנאָטען, זיי נאָכאַמאָל איבערגעציילט און אַריינגערוקט זיי לאַנטינ׳ען אין האַנד אַריין. יענער האָט אונטערגעשריבען אַ צעטעל, און מיט ציטערדיגע הענד האָט געלד אין קעשענע בעהאַלטען.

איידער ער איז אַוועק, האָט ער זיך נאָך אַמאָל אַ קעהר געטהאָן צו דעם נאָך אימער שמייכלענדען קויפמאַן און געזאָגט, אויסמיידענדיג יענעמס בליק:

— איך האָב נאָך אַנדערע זאַכען, וועלכע שטאַמען פון דער זעלבער ירושה. וואָלט איהר יענע זאַכען אויך ביי מיר צוגענומען?

דער יובעליר האָט זיך פערנייגט:

— גאַנץ נאַטירליך.

איינער פון די יונגעלייט אין קראָם האָט געמוזט אַרויסגעהן, אום ניט אַרויסצופּלאַצען מיט אַ געלעכטער, אַן אַנדערער האָט שטאַרק געסמאַרעט מיט דער נאָז.

לאַנטין איז רויט געוואָרען, אָבער ער האָט געזאָגט גאַנץ געלאַסען און ערנסט:

— איך וועל זיי אייך ברענגען.

און ער האָט גענומען אַ דראָשקע אום די ציערונג צו ברענגען.

ווען ער איז אין אַ שטונדע אַרום צוריקגעקומען צום יובעליר, האָט ער נאָך ניט געהאַט געפריהשטיקט. זיי האָבען איבערגעקוקט די זאַכען איינס נאָך דאָס אַנדערע, אום זייער ווערט אָבצושאַצען. כמעט אַלע האָבען געשטאַמט פון דעם געשעפט.

איצט האָט לאַנטין זיך שוין גענומען דינגען. דעם יובעליר׳ס אָבשאַצונג איז איהם ניט געפעלען געווען, ער האָט זיך געערגערט און פערלאַנגט די געשעפטסביכער נאָכצוזעהן, און וואָס מעהר די סומע איז געשטיגען, אַלץ זיכערער איז זיין שטימע געוואָרען.

די גרויסע בריליאַנטענע אויערינגלאַך זיינען אָבגעשאַצט געוואָרען אויף צוואַנציג טויזענד פראַנק, די אָרעמבענדער פינף און דרייסיג טויזענד, די בראָשקעס, רינגען און מעדאַליאָנען זעכצעהן טויזענד פראַנק, אַ שנירעל סמאַראַגדען און סאַפּירען פיערצעהנ־

טויזענד, אַ סאָליטאַר, וואָס איז געהאַנגען אויף אַ גאָלדענער קייר־טעל אָלס האַלז־בעפּוצונג, פּיערציג טויזענד פראַנק. אין גאַנצען איז אַרויסגעקומען איינהונדערטזעקסאונניינציג טויזענד פראַנק.

דער יובעליר האָט געמאַכט אַ קליינעם וויץ און געזאָגט:

— דאָס מוז שטאַמען פון אַ מענשען, וועלכער האָט אַלעס, וואָס ער האָט אָבגעשפּאָרט, אין ציערונג אַריינגעלייגט.

לאַנטין האָט געענטפערט ערנסט:

— דאָס איז גראַדע אַזוי גוט און זיכער ווי אַלע אַנדערע זאַכען, אין וועלכע מען לעגט אַריין געלד.

און נאָכדעם ווי ער האָט מיט דעם קויפער אויף׳ן צווייטען טאָג די זאַכען ווידער אַמאָל נאָכגעזעהען און אָבגעשאַצט, איז ער פון דאָרט אוועק.

ווען ער איז אַרויס אין גאַס, האָט ער דערזעהען די פענדאָר־מענזיילען און אַ פערלאַנג איז אויף איהם אָנגעפאַלען, איבער זיי אַרויפצוקלעטערען אין דער הויך ,ווי אויף אַ לייטער. ער האָט זיך געפיהלט אַזוי לייכט, אַזוי גוט און אַזוי גליקליך, אז ער וואָלט אַם ליעבסטען אַ שפּרונג געטהאָן איבער דער סטאַטוע פון׳ם קעניג, וועלכע איז דאָרט אויבען אויף די זיילען געשטאַנען און מיט׳ן קאָפּ דעם הימעל אונטערגעשפּאַרט.

ער איז אוועק פריהשטיקען אין אַ רייכען קאַפע און געטרונ־קען אַ פלאַש ווייז פאַר צוואַנציג פראַנק.

דאַן האָט ער גענומען אַ דראָשקע און איז אוועקגעפאָהרען שפּאַצירען. די מענער און פרויען אין די עקיפּאַזשען האָט ער אָנגעקוקט מיט פעראַכטונג, און אַליין האָט ער שטאַרק חשק געהאַט אויסצורופען צו די פאַרבייגעהער:

— איך האָב אויך געלד! איך האָב צווייהונדערט טויזענד פראַנק!

און דאָ האָט ער זיך ווידער דערמאָנט אָן זיין מיניסטעריום. ער איז אוועקגעפאָהרען אהין, האָט דרייסט אַריינגעטראָטען צום שעף און ערקלעהרט:

— איך קום אום מיין ענטלאסונג צו פערלאנגען. איך האב געקראגען א ירושה פון דרייהונדערט טויזענד פראנק.

דאן האט ער זיינע פריהערדיגע קאלעגען די הענד געדריקט און זיי די ענדערונג אין זיין לעבען פערטרויט. דערנאך האט ער געגעסען אין א בעוואוסטען קאפע מיטאג.

אזוי ווי ער איז געזעסען נעבען א הערר, וועלכער האט אויף איהם געמאכט זעהר א פארנעהמען איינדרוק, האט ער זיך ניט געקאנט איינהאלטען און מיט א געוויסען שטאלץ האט ער איהם מיטגעטהיילט, אז ער האט נאר וואס גע׳ירש׳עט דרייהונדערט טויזענד פראנק.

צום ערשטען מאל אין זיין לעבען האט ער זיך ניט געלאנג־ווייליגט אין טהעאטער און די נאכט האט ער מיט אויסגעלאסענע מיידלאך פערבראכט.

אין א האלב יאהר שפעטער האט ער נאך אמאל געהייראט. זיין צווייטע פרוי איז געווען זעהר מאראליש, האט אבער געהאט א ביסעל א שווערען כאראקטער. זי האט איהם ניט איין שווערע שטונדע פערשאפט.



# די לעגענדע פון מאָנט סענט־מישעל



עס דאָזיגען וואונדערליכען שלאָס אין מיטען פון ים האָב איך צוערשט געזעהן נאָך פון קאנקאַל. איך האָב עס געזעהן אונדייטליך, ווי א גרויען שאָ־טען, וועלכער האָט זיך פון סאַמען הימעל אָבגע־צייכענט.

דאַן האָב איך איהם ווידער געזעהן פון אווראַנ־בעס, ביים זונען אונטערגאַנג; אַלעס אַרום איז געווען רויט, דער גאַנצער האָריזאָנט רויט, דער גאַנצער געוואַלטיגער ים־בוזים רויט, נור דער משופּעדיגער טורעם, וועלכער האָט זיך דאָרט אויפ־געהויבען הויך אין דער לופטען, ווי א פאַנטאַסטישע פעסטונג, וואונדערבאַרער ווי א פערכשופ׳טער שלאָס, זעלטזאַם און שעהן, איז געשטאַנען כמעט א שווארצער אין דעם פורפור־גלוט פון דעם אָבשטאַרבענדיגען טאָג.

אויף מאָרגען אין דער פריה בין איך ביי זונען אויפגאַנג אוועק אַהין. דעם בליק אויף דער וואונדערבאַרער געביידע געריכטעט, וואָס האָט אויסגעזעהען ווי א באַרג די גרויס. און וואָס נעהנטער איך בין צוגעקומען, אַלץ גרעסער איז מיין בעוואונדערונג געוואָרען, ווייל עס איז אפשר אויף דער גאַנצער וועלט נישטאָ עטוואָס שעה־נערעס און גרויסאַרטיגערעס ווי די דאָזיגע געביידע.

און דאַן האָב איך אַרומגעבלאָנדזשעט אַזוי ערשטוינט, ווי איך וואָלט דאָס הויז פון א גאָט ענטדעקט. איך בין געגאַנגען דורך די פּאָרצימערען, וואָס זיינען פון לייכטע אָדער שווערע זיילען אונטערגעהאַלטען געוואָרען, דורך די פערשיעדענע דורכגעבראָכענע גאַנגען, און מיין פערוואונדערטע אויג האָט גערוהט אויף די אַלע טורעמס, וואָס האָבען געמאַכט דעם איינדרוק, ווי צום הימעל גע־

שטיגענע ראקעטען, אויף דעם געמיש פון קליינע טורעמס מיט רייצענד שעהנע אָרנאמענטען בעפוצט, וואָס האָבען אויסגעזעהן ווי פארשטיינערטע פייערווערק, אויף די שפיצען פון גראניט: אַלעס מייסטערווערק פונ׳א געוואַלטיגער און דאָך אזא פיינער בוי־קונסט.

ווען איך בין געבליבען שטעהן א פערוואונדערטער, איז צו מיר צוגעקומען א נאָרמאנישער פויער און האָט מיר דערצעהלט די געשיכטע פון דעם גרויסען שטרייט צווישען סיינט־מישעל און דעם טייפעל.

א קלוגער אפקורס האָט אמאָל געזאָגט: „גאָט האָט דעם מענשען נאָך זיין בילד געשאפען, אָבער דער מענש האָט דערפאר גאָט אויך לויט זיין בילד געשאפען!“

דאָס איז אַן אייביגע וואהרהייט און עס וואָלט געווען זעהר אינטערעסאנט אין יעדען לאנד צו בעשרייבען די געשיכטע פון דעם לאָקאַלען גאָט, פונקט אזוי ווי די געשיכטען פון די שוץ־הייליגע אין אַלע אונזערע פראָווינצען. דער נעגער מאָהלט זיך זיינע געטער ווי ווילדע מענשען פרעסער. דער מאָהאמעדאנער שטעלט זיך פאָר דעם הימעל פול מיט פרויען. די גריכען האָבען אַלס פראקטישע מענשען אַלע ליידענשאפטען דורך געטער פער־זאָניפיצירט.

יעדער דאָרף אין פראנקרייך האָט זיך זיין אייגענעם שוץ־הייליגען, גאנץ פערשיעדען געשאפען נאָך דעם בילד און בעדערפ־גיש פון די דאָרטיגע פויערים. אזוי בעשירעמט סענט־מישעל די ניעדער נאָרמאַנדיע, סענט מישעל, דער שטראַהלענדער, זיעגערישער מלאך, דער הימעלשער העלד מיט׳ן שווערד אין האנד, דער טרי־אומפירענדער בעהערשער פון דעם שטן.

אום זיך צו בעשיצען פון דער בייזקייט פון זיין שכן, דעם טייפעל, האָט סענט מישעל אין מיטען פון ים אויפגעבויט די דאָזיגע געביידע. עטוואָס אזוינס האָט ווירקליך געקענט אויפ־בויען בלויז א גרויסער הייליגער.

אָבער אזוי ווי ער האָט טראָץ דעם מורא געהאַט פאר דער נאָהענטקייט פון בייזען שטן, האָט ער זיין בעזיצונג ארומ־

געריגגעלט מיט אזא מין פאַלשען זאמד, וואָס איז נאָך געפעהרלי־כער ווי דער ים.

דער טייפעל האָט געוואוינט אין א קליין הויז אויפ׳ן ברעג. אָבער ער האָט געהאט גרויסע לאַנקעס, וועלכע זיינען בעשפּריצט געוואָרען פון׳ם ים וואסער, פעטע פעלדער, וואָס האָבען רייכע פרוכטען געטראָגען, קורץ, דאָס בעסטע און פרוכטבארסטע ערד פון׳ם גאַנצען לאַנד. בעת דער הייליגער האָט געהערשט בלויז פון אויבען איבער׳ן זאמד, איז דער טייפעל געווען רייך און סענט־מישעל בלוט־אָרעם. נאָך א רייהע פון מאָגערע יאָהרען, וועלכע האָבען דעם הייליגען א סך זאָרג פערשאַפט, האָט ער גענומען א טראַכט טהאָן, ווי אזוי צו מאכען מיט דעם טייפעל א פערבאַנד. אָבער די זאך איז ניט געווען אזוי גרינג, ווייל דער טייפעל האָט זיינע רייכע תבואות ניט געוואָלט אוועקגעבען.

א האַלב יאָהר האָט ער אזוי נאָכגעטראַכט, דאַן איז ער איין מאָל א אין דער פריה אויפגעשטאַנען און זיך אַרונטערגעלאָזען אויף דר׳ערד. דער טייפעל איז גראד געזעסען פאַר זיין הויז און גע־געסען זופּ, ווען ער האָט דעם הייליגען דערזעהן. ער איז איהם גלייך אנטקעגען געגאַנגען, א קוש געטהאָן דעם זוים פון זיין מאַנטעל, איהם געבעטען אריינצוגעהן און פאַר איהם אוועקגעשטעלט כיבוד. סענט מישעל האָט א זופּ געטהאָן אביסעל מילך און געזאָגט:

— איך בין געקומען דיר פּאָרצושלאָגען א גוט געשעפט.

דער טייפעל האָט געענטפערט אויפריכטיג און אָהן פערדאַכט:

— זעהר שעהן.

— גיעב מיר איבער אַלע דיינע בעזיצונגען.

דער טייפעל איז געוואָרען אונרוהיג און האָט אָנגעהויבען:

— אָבער...

דער הייליגער האָט וויימער גערעדט:

— הער מיר אפריהער אויס. דו גיסט מיר איבער אַלע דיי־נע פעלדער. איך נעהם אויף זיך אַלע ארבייטען, אקערען, זעען, מיסטיגען, קורץ אַלעס און דאַן וועלען מיר צוטהיילען אַלעס, וואָס וועט אויסוואַקסען.

דער טייפעל, וועלכער איז נאַטירליך געווען זעהר פויל, האָט גלייך אָנגענומען דעם פאָרשלאַג.

ער האָט בלויז פערלאַנגט אַלס צוגאָב עטליכע פון יענע אויס־געצייכענטע ים פיש, וועלכע מען באַפּט אַזוי פיעל ארום דעם איינ־זאַמען שלאָס אין ים. דער הייליגער האָט איהם צוגעזאָגט צו געבען די פיש. זיי האָבען זיך געגעבען די הענד און אויסגעשפּיגען אין דער זייט, אַלס אַ סמן, אַז דאָס געשעפט איז געמאַכט. דאַן האָט דער הייליגער געזאָגט:

— הער אויס, איך וויל ניט, אַז דו זאָלסט האָבען אַ גרונד פאַר וואָס צו זיין אונצופריעדען. קלייב דיר אויס, וואָס דיר איז ליעבער: דעם טייל פון די תבואות איבער דער ערד אָדער דעם וואָס איז אונטער דער ערד.

דער טייפעל האָט אויסגערופען:

— איך נעהם דעם וואָס איז איבער דער ערד.

— צופריעדען! — האָט געזאָגט דער הייליגער און איז אוועק.

אין אַ האַלב יאָהר ארום האָט מען אויף די אונענדליכע בע־זיצונגען פון׳ טייפעל ניט געזעהען קיין זאַך, אויסער ברוקוועס, מערען, ציבעלעס, קורץ לויטער פלאַנצען, וועמעס פעטע וואָרצלען זיינען גוט און נאַרהאַפטיג און וועמעס אונניציגע גרינצייג איז העכסטענס עפּעס ווערט אַלס קאָרמע פאַר די בהמות.

דער טייפעל האָט גאָרנישט געקריגען און האָט געוואָלט דאָס געשעפט בטול מאַכען, דערביי האָט ער דעם הייליגען פאָרגעוואָר־פען, אַז ער האָט איהם גענאַרט, איהם אויסגעביטרעוועט.

אָבער סענט־מישעל איז די לאַנדווירטשאַפט שטאַרק געפע־לען געוואָרען, ער האָט ווידער אַמאָל בעזוכט דעם טייפעל און געזאָגט:

— איך קען דיך פערזיכערען, אַז מיר איז גאָר ניט איינגע־פאַלען דיך אָבצונאַרען. דאָס האָט זיך אַליין אַזוי געמאַכט גאָר אָהן מיין שולד. און כדי דיר צו בעלוינען שלאָג איך דיר היינטיגס יאָהר פאָר דאָס, וואָס געפינט זיך אונטער דער ערד.

— צופריעדען! — האָט געזאָגט דער טייפעל.

אין פאָלגענדען פריהלינג זיינען די גאַנצע פעלדער פון׳ם ביי־זען גייסט געווען פול מיט געדיכטע תבואות, מיט שווערען האָבער, מיט פלאַקס און פראַכטפולען גרינצייג, מיט רויטען קלאָווער, אר־בעס, קרויט, קורץ מיט אַלעס וואָס טראָגט פרוכט אָדער קערנער.

ווידער האָט דער טייפעל גאַרנישט בעקריגען און איז געוואָ־רען מלא רציחה.

ער האָט צוריק צוגענומען זיינע פעלדער און לאָנקעס און ניט געוואָלט מעהר וויסען פון קיינע געשעפטען מיט זיין שכן.

א גאַנץ יאָהר איז אוועק. סענט־מישעל האָט פון זיין הויכען טורעם דאָרט אויבען אַרונטערגעקוקט אויף דער פרוכטבאַרער ערד און געזעהען, ווי דער טייפעל רייבט זיך די הענד, ווי ער נעהמט אַרונטער די תבואות, ווי ער דרעשט און קוועלט פאַר נחת.

און אויפגעבראַכט געוואָרען איז דער היילינגער איבער זיין שוואַכקייט און אַזוי ווי ער האָט דעם טייפעל מעהר ניט געקענט אויסנאַרען, האָט ער בעשלאָסען זיך מיט איהם אָבצורעכענען. דערפאַר האָט ער איהם איינגעלאַדען אויף דעם קומענדען זונטאָג צו זיך צום טיש.

— דו האָסט אין דיינע געשעפטען מיט מיר ניט געהאַט קיין גליק, אָבער איך וואָלט ניט וועלען, אַז צווישען אונז זאָל צוליעב דעם בלייבען אַ פאַרפרעמדקייט. איך ערוואַרט, אַז דו זאָלסט קו־מען צו מיר צום עסען און איך וועל מאַכען פאַר דיר אָנגרייטען עפּעס רעכטס.

דער טייפעל, וועלכער איז געווען פונקט אַזאַ פרעסער ווי א פוילער לודער, האָט אָנגענומען די איינלאַדונג. אין דעם בעשטימ־טען טאָג האָט ער אָנגעטהאָן זיינע שעהנסטע קליידער און האָט זיך אוועקגעלאָזט אין וועג אריין.

סענט מישעל האָט איהם געבעטען זיצען ביי אַ וואונדערבאַרען טיש. צוערשט האָט מען דערלאַנגט אַזאַ מין שפּייז פון טויג מיט בלעטער און ניערען אָנגעפילט מיט קניידלאַך פון געהאַקטען פלייש, דאַן צוויי גרויסע ים פיש אין סמעטענע, דאַן פערשיעדענע אַנ־דערע שפּייזען, אַלע סאָרטען פליישען, טאָרטען און גרינצייג, וואָס זיינען צוגאַנגען אין מויל און אַ וואַרימען פּודינג, פון וועלכען עס

האָט נאָך געשלאָגען אַ פּאַרע און וועלכער האָט פערשפּרייט ארום אַ פיינעם גערוך פון פּומער.

דערצו האָט מען געטרונקען ריינעם עפּעלוויין, זיס און פּע־רעלדיג, דאַן רויטוויין, וועלכער האָט דעם קאָפּ צומישט און נאָך יעדען געריכט האָט מען נאָך געבאַפּט אַ גלעזעלע אַלטען בראַנפּען.

דער טייפעל האָט זיך אַזוי אָנגעפּרעסען און אָנגעטרונקען מיט אַל דאָס גוטס, אַז עס איז איהם אַזש ניט גוט געוואָרען.

דאָ איז סענט־מישעל אויפגעשטאַנען און סטראַשענדיג האָט ער אויסגערופען מיט אַ דונערענדער שטימע:

— הויב זיך אויף פאַר מיר! הויב זיך אויף פאַר מיר; דו הונד איינער! ווי וואַגסטו אין מיין געגענוואַרט.....

דער דערשראָקענער טייפעל האָט זיך געלאָזט לויפען מיט אַלע קרעפטען און דער הייליגער האָט געכאַפּט אַ שטעקען און איהם גענומען פערפאָלגען.

דאַן האָבען זיי גענומען לויפען אין די זאַלען ארום די זיילען און איבער די ברייטע טרעפּ; האָבען זיך געיאָגט אין דער לענג פון די געזשימסען, געשפּרונגען פון איין דאַך־רינע אויף דער אנ־דערער. דער אָרימער טייפעל האָט זיך געפיהלט אַזוי שלעכט, אַז עס איז איהם שיער די נשמה ניט אויסגעגאַנגען און פליהענדיג האָט ער איבעראַל בעשמוצט דעם טורעם פון דעם הייליגען. צום סוף איז ער געבליבען שטעהן אויף דער לעצטער טעראַסע גאַנץ אויבען, פון וואַנען מען האָט געקענט זעהן דעם גאַנצען אונענד־ליכען ים מיט די שטעדט פון דער וויימענס און די פעלדער און לאַנקעס פון דער אנדערער זייט. איצט האָט ער שוין מעהר ניט געהאַט וואו צו אנטלויפען און דער הייליגער האָט איהם געגעבען מיט אַלע קרעפטען אַ זעץ אין הינטען אריין, אַז ער האָט זיך ווי אַ פילקע איבערגעדרעהט עטליכע מאָל אין דער לופטען.

ער האָט דורכגעשאָסען די לופט ווי אַ קויל און איז שווער ארונטערגעפאַלען ארום דער שטאָדט מאָרטאַין. די הערנער אויף זיין שטערען און זיינע אייזערנע נענעל האָבען זיך שטאַרק אָבגע־שלאָגען אָן די פעלזען און פון דאַן אָן ביז אויף אייביג האָבען זיך דאָרט אָבגעקריצט די סמנים פון דעם טייפעל'ס פאַל.

א הינקעדיגער האָט ער זיך אויפגעהויבען און איז שוין פון דאַן אָן אויף אַלע צייטען געבליבען א קאַליקע. און ווען ער האָט פון ווייטען דעם בייזען בארג דערזעהען, וועלכער האָט מיט זיין שאַרפען שפּיץ ביז צו דער אונטערגעהענדיגער זון דערגרייכט, האָט ער איינגעזעהען, אַז אין דעם דאָזיגען אונגלייכען שטרייט וועט ער אימער מוזען פערליערען און ער איז אַנטלאָפען נאָכשלעפענדיג הינטער זיך דעם הינקענדיגען פוס, אַנטלאָפען אין ווייטע לענדער, בעת ער האָט דעם פיינד איבערגעלאָזען זיינע פעלדער, טהאָלען און לאָנקעס.

אָט אויף אַזא אופן האָט סענט מישעל דער שוץ־הייליגער פון די נאָרמאַנען בייגעקומען דעם טייפעל.

און אַנדער פאָלק וואָלט זיך דעם דאָזיגען קאמפף גאַנץ אַנ־דערש פאָרגעשטעלט.



# אַן ענטדעקונג.

דאָס שיף איז געווען פול מיט מענשען. אזוי ווי די רייזע איז געווען זעהר אַ שעהנע האָבען די לייטע פון האוור בעשלאָסען זיך דורכצופאָהרען קיין טראוויל.

די שטריק זיינען אָבגעבונדען געוואָרען, אַ שטאַרקער פייפען האָט אָנגעזאָגט, אז מען פאָהרט אָב און גלייך האָט דאָס גאַנצע שיף גענומען ציטערען, וועהרענד רעכטס און לינקס, ביי די זייטען, האָט זיך דערהערט דער גערויש פון רוישענדיגען, בולבלענדיגען וואסער.

די רעדער האָבען זיך געדרעהט אַ פּאָר מאָמענטען, זיינען שטעהן געבליבען און דאן זיך ווידער גענומען לאַנגזאַם בעוועגען. און ווען דער קאַפּיטאַן האָט פון זיין פּלאַץ אַ קאָמאַנדעווע געטהאָן „פול דאַמפּף“, איז דאָס שיף אַוועק רעגעלמעסיג, שניידענדיג דעם ים מיט איהרע שווערע רעדער.

דאָס שיף האָט זיך געטראָגען אין דער לענג פון׳ם ברעג, וועלכער איז געווען פול מיט מענשען. אויפ׳ן שיף האָבען די לייטע מיט זייערע טיכלאך געפאָכעט, ווי זיי וואָלטען קיין אַמעריקאַ גע־פּאָהרען, און זייערע פריינד, וועלכע זיינען אויפ׳ן ברעג געבליבען, האָבען זיי צוריק געגריסט.

אַ שטראַהלענדיג יולי־זון האָט געשיינט אויף די רויטע שיר־מעס, אויף די העלע קליידער, אויף די פרעהליכע פּנים׳ער, אויף דעם רוישענדיגען ים. אזוי גיך ווי דאָס קליינע דאַמפּף־שיפעל האָט פאַרלאָזען דעם האַפען, האָט עס זיך פּלוצים געטהאָן אַ דרעה אויס און אָנגעשטעלט זיין שפּיציגען פראָנט אין דער ריכטונג פון׳ם וויטען ברעג, וועלכען מען האָט געזעהן זיך מיניענדיג אין דעם פריהמאָרגענדיגען נעבעל.

אזוי שנעל ווי איך קום אריין אויף אַ שיף, פיהל איך אַ בע־

דירפעניש ארומצולויפען אהין און אהער, ווי א מאטראָז, וואָס שטעהט אויף דער וואך. איך ווייס ניט פאר וואָס דאָס איז אזוי. קורץ, איך האָב גענומען ארומשפּרייזען איבער׳ן דעק צווישען דעם עולם פּאסאזשירען.

פלוצים האָט מיך עמיצער א רוף געטהאָן. איך האָב זיך אומגעדרעהט. דאָס איז געווען היינריך סידאָין — מיינער אן אלטער פריינד, וועמען איך האָב שוין זייט צעהן יאָהר ניט געזעהן.

מיר האָבען זיך געדריקט די הענד און גענומען רעדען פון פערשיעדענע זאכען, ארומלויפענדיג אהין און אהער אויף׳ן דעק, ווי דער בער אין זיין שטייג. און בעת מיר האָבען געפּלוידערט, האָבען מיר בעטראכט די רייזענדע, וועלכע זיינען געזעסען רעכטס און לינקס.

מיט אמאָל האָט סידאָין מיט א צורייצטער מינע געזאָגט:

— די גאנצע שיף איז פול מיט ענגלענדער, אומעדום שטעקט די עקעלהאפטע באנדע.

און באמת זיינען ארום און ארום געזעסען לויטער ענגלענדער. די מענער האָבען געקוקט אין דער ווייטקייט אריין מיט עפּעס א מין וויכטיגער מינע, ווי זיי וואָלטען זאָגען: „מיר, ענגלענדער, זיינען די בעלי הבתים פון׳ם ים. אָט דאָ זיינען מיר!“

און די ווייסע שלייערס, וואָס האָבען פון זייערע היט געוועהט, האָבען אויסגעזעהן, ווי פאָהנען, צום צייכען פון זייער זעלבסטגעפעליגקייט.

די דאָרע יונגע פריילענס, וועמענס שיך האָבען אָן זייער הייימאט דערמאָנט, און וועלכע האָבען זייערע לאנגע, אויסגעטריקענטע פיגורען און מאָגערע ארעמס אין שאָטישע, קעסטעלדיגע פּלעדס איינגעוויקעלט, האָבען געקוקט אָהן אויסדרוק, שמייכלענדיג אויף דער זונניגער לאנדשאפט. די קליינע קעפּ, וועלכע זיינען געזעסען אויפ׳ן שפּיץ פון די דאָזיגע לאנגע קערפּערס, האָבען געטראָגען ענגלישע היט פון עפּעס א מאָדנעם פאסאָן. זייערע שיטערע האָאָר האָבען זיי געטראָגען פערפלאָכטען פון הינטען אויפ׳ן קאָפּ, ווי א צוזאמענגעדרעהטע שלאנג. די אלטע לעדים, וועלכע זיינען געווען

נאָך מאָגערער, האָבען געשצירעט זייערע גרויסע, געלע צייהן אנט־קעגען ווינד. ווען מען איז פאַרביי זיי פאַרביינעגאַנגען, האָט מען געהערט דעם גערוך פון טשווינג־גאָם און צאָהן־פוידער. סידאָין האָט געזאָגט מיט אַלץ גרעסערען כעס:

— אַ פּאַסקודנע באַנדע, ווען מען וואָלט זיי געקאָנט פער־באָטען צו קומען קיין פראַנקרייך?

איך האָב געפרעגט מיט אַ שמייכעל:

— וואָס האָסטו צו זיי? מיר זיינען זיי גאַנץ גלייכגילטיג.

— יאָ, דיר, דאָס גלויב איך. אָבער איך האָב געהייראט אַן ענגלענדערקע! אָט דאָ ליעגט דער הונד בעגראָבען.

איך בין שטעהן געבליבען און זיך צולאַכט:

— צום טייפעל, אָבער דערצעהל מיר דאָך. לעבסטו דען אַזוי אונגליקליך מיט איהר?

ער האָט אַ דריק געטהאָן מיט די אַקסלען:

— ניין, דאָס גראד ניט.

— טאָ וואָס דען, זי בעטריגט דיך?

— ניין, ליידער ניט, ווארים דאַן וואָלט איך זיך דאָך גע־קענט מיט איהר גט'ן און וואָלט פון איהר פּטור געוואָרען.

— איך פערשטעה דיך ניט.

— פערשטעהסט מיך ניט? דאָס וואונדערט מיך ניט. אַלזאָ זעהר איינפאַך — זי האָט זיך אויסגעלערענט פראַנצויזיש! דאָס איז דער אונגליק. הער אויס. איך האָב בשום אופן ניט געוואָלט חתונה האָבען. דאַרף זיך טרעפען, אַז איך זאָל פאַר צוויי יאָהרען פאַרברענגען אַ זומער אין עטרע־טאַ. עס איז נישטאָ קיין געפעהרליכערער פּלאַץ, ווי דער דאָזיגער באַדע־פּלאַץ. דו קענסט זיך גאָרניט פאָרשטעלען, ווי די מיידלאַך נעהמען אונז דאָרט אריין אין די הענד. פּאַריז איז אַ פּלאַץ פאַר די פרויען, אויפ'ן לאַנד רעגיערען די מיידלאַך.

די דאָזיגע אַלע שפּאַציערען אויף עזלען, דאָס באָדען זיך אין דער פריה, דאָס פריהשטיק אויף דער פרייער לופט, זיינען בלויז פּאַסטקעס פאַר מענער, אַז זיי זאָלען חתונה האָבען. און עס איז

טאַקע נישטאָ עטוואָס שעהנערעס, ווי אַזאַ יונגע זאַך פון אַ יאָהר אכצעהן לויפט צווישען די פעלדער און רייסט בלומען אויפ׳ן וועג.

איך בין בעקאַנט געוואָרען מיט אַן ענגלישער פאַמיליע, וועלכע האָט געוואָהנט אין דעם אייגענעם האָטעל וואו איך. דער פאָטער איז געווען פון דעם זעלבען סאָרט, ווי אַלע דיעזע לייטע, וואָס דו זעהסט דאָ, און די מוטער, ווי יעדע אנדערע ענגלענדערקע.

זיי האָבען געהאַט צוויי זיהן, צוויי פון יענע לאַנגע, בייגעריגע יונגען, וועלכע שפּיעלען פון פריה ביז נאַכט אין אַלערליי אנשטרענגענדיגע שפּיעלערייען, מיט באַלס, מיט פּילקעס, מיט באַלם אָדער ראַקעטען. דאַן צוויי טעכטער. די עלטסטע פערטריקענט, ווי אַן אַלטע קאָנפעקט־שאַכטעל. די אינגערע רייצענד, בלאָנד, אָדער בעסער געזאָגט, אַ בלאָנדינקע מיט אַ קעפּעלע פון אַ מלאך. איינע פון יענעם שעהנעם סאָרט, וואָס איז ווירקליך געטליך. זי האָט געהאַט בלויע אויגען, פון יענער בלויקייט, אין וועלכער עס שלומערט, דאַכט זיך, די גאַנצע פּאָעזיע, אַלע האָפנונגען, דאָס גרעסטע גליק אין דער וועלט.

— אך, אַזאַ פּאָאר פרויען אויגען, זיי פיהרען אייך אוועק אין אַ לאַנד פול וואונדער.

און דאַן מוז מען נאָך צוגעבען, אַז מיר, פראַנצויזען, ליעבען די אויסלענדערקעס. אַזוי גיך ווי מיר בעגעגענען אַ רוסין, אַ איטאַליענערקע, אַ שוועדין, אַ שפּאַניערין אָדער אַן ענגלענדערין, וועלכע איז נור אביסעלע שעהן, פערליעבען מיר זיך אין איהר גלייך. אַלעס וואָס קומט פון אויסלאַנד בעוואונדערען מיר, אַלץ איינס צי דאָס איז הויזען־שטאָף, הים, האַנד־שוה, געוועהר אָדער פרויען. דאָס איז ניט ריכטיג. עס דאַרף אַזוי ניט זיין.

אָבער איך דענק, אַז דער עיקר, וואָס עס ציהט אונז צו די אויסלענדערקעס, איז זייער פאַלשע אויסשפּראַכע. קוים רעדט אַ פרוי אונזער שפּראַך שלעכט, דאַכט זיך אונז, אַז זי איז רייצענד. ווען ריידענדיג פראַנצויזיש מאַכט זי אַ פעהלער אין יעדען וואָרט, דאַן הייסט עס, איז זי זיס, און ווען זי פערדרעהט און צוקרוטשעט די שפּראַך אויף דעם משונע׳דיגסטען אופן, דאַן איז זי גאָר אונווידערשטעהליך.

דו קענסט זיך ניט פֿאָרשטעלען, ווי רייצענד עס איז, ווען אַזאַ קליינער רויטינקער מיילכעל זאָגט: „איך האָב ליעב זעהר די קאַלבס־בראַטען“. מיין קליינע ענגלענדערין קאַטע האָט גערעדט מיט זעהר אַ קאָמישער שפּראַך. אין די ערשטע עטליכע טעג האָב איך ניט פערשטאַנען קיין איין וואָרט, אַזעלכע משוגענע פראַזען האָט זי אויסגעפונען. און דאַן האָב איך זיך פערליעבט אין דער דאָזיגער זעלטענער, קאָמישער קאַשע, וואָס האָט געזאָלט זיין די פראַנצויזישע שפּראַך.

אַלע צוקאַליעטשעטע, פאַרדרעהטע, לעכערליכע ווערטער האָ־בען אין איהר מויל געקלונגען רייצענד, און אין אָבענד זיינען מיר געזעסען אויף דער טעראַסע פון דער קאַסינאָ און געפיהרט לאַנגע אונטערהאַלטונגען, פון וועלכע איך האָב פערשטאַנען איין וואָרט פון צעהן און דאָס דאָזיגע איינציגע וואָרט איז פאַר מיר אויך גע־ווען אַ שווערע רעטעניש.

איך האָב מיט איהר חתונה געהאַט. איך האָב זי געליעבט משוגע, ווי דעם אידעאַל פון מיינע טרוימען, ווארום באמת איז עס דאָך נור די פאָרשטעלונג, די געטרוימטע פאָרשטעלונג פון אַ פרוי, וואָס מיר ליעבען.

אָבער, ליעבער פריינד, די גרעסטע נאַרישקייט, וואָס איך האָב ווען עס איז בעגאַנגען, איז געווען דאָס, וואָס איך האָב געלאָזען מיין פרוי נעהמען פראַנצויזישע לעקציאָנען.

אַזוי לאַנג ווי זי האָט די ווערטער פערדרעהט און די גראַמאַ־טיק געמאַטערט, האָב איך זי ליעב געהאַט.

אונזערע געשפּרעכען זיינען געווען איינפאַכע, איך האָב אין זיי געפונען דעם זעלטענעם חן פון איהר פערזאָן, די אונפערגלייכליכע עלעגאַנץ פון איהרע בעוועגונגען. זי איז פאַר מיר געווען אַ וואונ־דערבאַרער רעדעוודיגער שאַץ, אַ לעבעדיגע ליאַלקע, צום קושען גע־שאַפען, וועלכע קאָן זאָגען, וואָס זי האָט ליעב, וועלכע לאָזט מאַנ־כעס מאָל אַרויס עפּעס אַזעלכע מאָדנע קלאַנגען און וועלכע פער־שטעהט אויף אַ קאָקעטען שטייגער איבערצוגעבען איהרע איינ־פאַכע איינדריקע און געפיהלען.

זי איז געוועזן עהנליך צו יענער רייצענדער צאצקע, וועלכע קען זאָגען „פּאַפּאַ“ און „מאַמאַ“.

אָבער ווען איך וואָלט פריהער געוואוסט, ווען איך וואָלט נור אַן אהנונג געהאַט... איצט רעדט זי אפילו אויך נאָך זעהר שלעכט, מאַכט נאָך פונקט אזוי פיעל פעהלערען, אָבער מען קען זי פערשטעהן; יאָ, איך פערשטעה זי יעצט, איך וויס, וואָס זי וויל זאָגען.

איך האָב מיין ליאַלקע איבערגעפיהרט, צובראָכען, אום צו זעהן, וואָס עס טהוט זיך אין איהר אינעווייניג און איצט האָב איך עס געזעהען.

אָך, מיין פריינד, דו האָסט גאָר ניט קיין בעגריעף וועגען די אַנזיכטען, אידעען, טהעאָריען פון אַ יונגער, גוט ערצויגענער ענגלענדערין, וועלכע עס איז נישטאָ וואָס פּאַרצואוואָרפען, אָבער נאָך וועניגער פערשטעהסטו די קוואַלען, וואָס איך לייד פון זיי, וויל איך מוז אויסהערען איהרע לעקטשורס, וואס זי האַלט פאַר מיר גאַנצע טעג איבער אַלע פראַגען און אַל די פערשיעדענע וויסענשאַפטען, וואָס זי האָט אין אַ דאַמען־פּאַנסיאָן געלערענט.

דו ווייסט דאָך פון יענע וואונדערשעהנע פערגאַלדעטע פּאַפּירלאַך, אין וועלכע עס זיינען איינגעוויקעלט שרעקליך־ביטערע צוקערקעס? אָט אַזאַ מין סאָרט האָב איך געהאַט; איך האָב עס צוריסען, איך האָב געוואָלט עסען דעם אינהאַלט, און איצט עקעלט מיך דערפון אזוי, דאָס מיר ווערט אַזש שלעכט, ווען איך בעגעגען נור איינע פון איהרע לאַנדס־פרויען.

איך האָב חתונה געהאַט מיט אַ פּאַפּוגיי, וועלכע אַן אַלטע ענגלישע לעהרערין האָט אויסגעלערענט פראַנצויזיש. פערשטעהסטו שוין איצט?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון וויטען האָט זיך שוין איצט געזעהן דער האַפען פון טראַוויל, וואו אַ גרויסער עולם מענשען איז געשטאַנען.

איך האָב געפרעגט:

— וואו איז דען דיין פרוי?

— איך האָב זי אָבגעפיהרט צוריק אין עטרע־טאַ.

— און וואו פאָהרסטו?

— איך? איך וויל זיך אין טראַוויל אביסעל צושטרייען.

און נאָך א קליינער פויזע האָט ער צוגעלייגט:

— דו האָסט גאָר קיין בעגריעף נים, ווי נאַריש און דום אזא פרוי קען אמאָל זיין!



# דער פאַטער.



יך בעזוך פון צייט צו צייט מיין פריינד יאַהאַן דער־וואַלנאַיקס. ער האָט אַ קליינעם מאַיאַנטיק נעבען אַ טייך אינ׳ם וואַלד. אהין האָט ער זיך פער־קליבען נאָכדעם ווי ער האָט פופצעהן יאָהר נאָכ־אנאַנד געפיהרט אין פאריז אַ גאַנץ ווילדען לע־בען. איין טאָג האָט ער דערפיהלט, אז ער איז זאַט פון פערגעניגענס, סאַפּערס, מענער, ווייבער, קאַרטען, קורץ, פון אַלצדינג, און ער האָט זיך אָבגעטראָגען אויף זיין מאַיאַנטיק, וואו ער איז געבאָרען געוואָרען.

פון צייט צו צייט פערברענגען מיר, אַ פּאָר נאָהענטע פריינד און איך, צוויי־דריי וואָכען ביי איהם. ער איז שטענדיג זעהר צופריעדען אונז ווידער צו זעהן, ווען מיר קומען, און ווידער אמאָל זעהר צופריעדען אליין צו בלייבען, ווען מיר נעהמען אוועק.

לעצטע וואָך בין איך אַלזאָ צו איהם אוועק און ער האָט מיך אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. מאַנכעס מאָל זיינען מיר שטונ־דען לאַנג אָבגעוועזען צוזאַמען און מאַנכעס מאָל איז זיך יעדערער געגאַנגען זיין וועג. געוועהנליך לעזט ער און איך ארבייט ביי טאָג. דאַן פלוידערען מיר אין אבענד ביז נאָך האַלבע נאַכט.

לעצטען דיענסטאַג — עס איז געווען אַ מורא׳דיג הייסער טאָג — זיינען מיר ביידע געזעסען ארום ניין אַ זייגער אין אבענד איינער נעבען צווייטען און זיך צוגעקוקט ווי דאָס וואַ־סער אינ׳ם טייך צו אונזערע פיס בעוועגט זיך. מיר האָבען גע־רעדט איבער די שטערן, וועלכע האָבען זיך אינ׳ם טייך געשפּיע־געלט און ווי פאַר אונזערע אויגען געשוואומען. דאָס איז געווען אַ געשפּרעך וועגען אַלגעמיינע זאַכען, קורץ און אונבעשטימט,

ווייל אונזער פערשטאַנד איז דאָך איבערהויפּט זעהר קליין, שוואך און אין ענגע גרענעצען פערשפּארט. איך האָב געקוואָלען פון דעם שטערן־בילד, פון דעם גרויסען בער. עס שטראַהלט אַזוי מאַט, אַז מען זעהט איהם נור אין ליכטיגע, אין קלאָהרע נעכט. אַזוי שנעל ווי דער הימעל איז עטוואַס געבעלדיג, פערשווינדט ער גלייך. מיר האָבען געטראַכט פון די וועזענס, וועלכע בעוואָהנען די דאָזיגע וועלטען דאָרט אויבען, וועגען זייער אויסזעהן, זיי־ ערע אייגענשאַפטען, פון וועלכע מיר האָבען קיין שום בעגריף ניט, וועגען זייערע אונבעקאַנטע אָרגאַנען, וועגען די חיות און פּלאַנצען, וועגען אַלע די פערשיעדענע באַשעפענישען און וועל־ טען, וועגען אַלע שטאָפען און מאַטעריען, וועלכע דער מענשלי־ כער שכל קען נישט בענעהמען.

פּלוצים האָט פון ווייטען אויסגערופען אַ שטימע:

— גנעדיגער הערר! גנעדיגער הערר!

יאהאַן האָט געענטפערט:

— איך בין דאָ, באַפּטיסט.

און ווען דער דיענער האָט אונז געפונען, האָט ער געזאָגט:

— דעם גנעדיגען הערר'ס ציגיינערין איז דאָ.

מיין פריינד האָט זיך צולאַכט הויך אויפ'ן קול, וואָס ער האָט זעלטען געטהאָן. דאַן האָט ער געפרעגט:

— היינט איז אַלזאָ דער נײַנצעהנטער יולי?

— יאָ, געוויס, גנעדיגער הערר!

— גוט, זאָגט איהר, זי זאָל וואַרטען. גיט איהר דערווייל עפּעס עסען. אין צעהן מינוט קום איך אהיים.

ווען דער דיענער איז פערשוואונדען, האָט מיך מיין פריינד גענומען אונטער'ן אָרעם און געזאָגט:

— מיר וועלען פּאַמעליך געהן. איך וועל דיר אַ געשיכטע דערצעהלען.

— אין דעם איז שוין איצט זיבען יאָהר. איך האָב דאַן געהאַט ערשט נור וואָס זיך בעזעצט אויף מיין מאַיאָנטיק, און בין אין אַ געוויסען אָבענד געגאַנגען שפּאַציערען. עס איז גע־

ווען גראַד אַזוי שעהן ווי היינט. לאַנגזאַם האָב איך געטראַ־
טען אונטער די גרויסע בוימער, האָב דורך די בלעטער געזעהן,
ווי די שטערן בלישטשען און איינגעזויגען אין זיך מיט'ן גאַנצען
אָטהעם די קיהלע, שטילע, ביינאַכטיגע לופט פונ'ם וואַלד.

איך האָב געהאַט נור וואָס פערלאָזען פּאַריז אויף אימער.
איך בין געווען מיעד, מיעד, עס האָט מיר פון דעם דאָרטיגען לע־
בען געעקעלט מעהר, ווי פיעל איך קאָן דיר אויסדריקען, פון די
דאָזיגע אַלע געמיינהייטען און נידערטרעכטיגקייטען, וועלכע איך
האָב זיך אָנגעזעהן און אין וועלכע איך האָב פּופּצעהן יאָהר נאָכ־
אַנאַנד אַנטהייל גענומען.

איך בין אַוועק ווייט, ווייט אין דעם טיעפען וואַלד אריין,
געהענדיג מיט'ן וועג, וואָס פיהרט ביז צום דאָרף קראַנציל, פופ־
צעהן קילאָמעטער פון דאַנען.

פּלוצים איז מיין גרויסער הונד באָק, וועלכער פערלאָזט מיך
קיין מאָל ניט, ראַפּטאָם שטעהן געבליבען און האָט אָנגעהויבען צו
וואַרטשען. איך האָב אַ טראַכט געטהאָן, אַז אַ פוקס, אַ וואָלף
אָדער אַ קיילער איז דאָ ניט ווייט, און האָב זיך אויף די שפּיצ־
פינגער גענומען גנב'ענען וויימער, אום ניט צו מאַכען קיין גע־
רויש. אָבער דאָ האָב איך דערהערט געשרייען, מענשליכע
געשרייען, לאַנג אויסגעצויגענע, האַלב פערשטיקטע, הערצרייסענ־
דע געשרייען.

עס האָט אויסגעזעהן, ווי צווישען די בושעם וואָלט עמיצער
בעפאַלען געוואָרען. און איך האָב זיך אַ וואָרף געטהאָן אַהין,
מיין שווערען דעמבענעם שטאָק פעסט אין דער רעכטער האַנד
דריקענדיג.

איך בין צוגעקומען נעהנטער צו די יאָמערען און זיפצען,
וועלכע זיינען אימער דייטליכער געוואָרען און האָבען געקלונגען
עפּעס מאָדנע דומפּף. עס האָט זיך אויסגעגעבען, ווי זיי וואָל־
טען זיך געטראָגען פון אַ הויז, אָדער אפשר פון אַ קעלער־שטי־
בעל. באָק איז נעלאָפען דריי טריט פאַר מיר אין פאָראויס, איז
געבליעבען שטעהן, דערנאָך ווידער נעלאָפען, ער איז געווען זעהר
אויפגערעגט און האָט ניט אויפגעהערט צו וואָרטשען. פּלוצים

איז אונז אַן אַנדער גרויסער, שווארצער הונד מיט פייערדיגע אוי־גען דעם וועג פערלאָפען. איך האָב געזעהן ווי די ווייסע צייהן בלישטשען ביי איהם אינ׳ם מויל.

מיט אַן אויפגעהויבענעם שטאָק האָב איך זיך אויף איהם אַ וואָרף געטהאָן. אָבער באַק איז איהם שוין בעפאלען און דיביידע חיות, מיט די צייהן איינגעגעסען איינער דעם צווייטען אין ברוסט, האָבען זיך געקייקעלט אויף דער ערד מיט אַ ווילדער צורייצט־קייט. איך בין אוועק ווייטער און שיער נישט געפאלען איבער אַ פערד, וועלכער איז געלעגען אויפ׳ן מיטען וועג. ווען איך האָב זיך אָבגעשטעלט אַ קוק צו טהאָן אויפ׳ן פערד, האָב איך דער־זעהן פאר זיך אַ וואגען, אדער בעסער געזאָגט, אַ הויז אויף רעד־לאָך, איינעם פון יענע זייל־טענצער וואגענס, וועלכע מען זעהט אין אונזער געגענד, פאָהרענדיג פון איין יריד צום אַנדערן. פון דאָרט האָט נאָך אימער אָהן אויפהער זיך געטראָגען דער מורא׳־דיגער געשריי. אבער אזוי ווי די טיר האָט זיך געפונען אויף דער אַנדערער זייט, האָב איך זיך אַ לאָז געטהאָן ארום וואָגען, בין שנעל די דריי הילצערנע טרעפּלאָך ארויף, אום זיך אויף דעם מער־דער צו ווארפען.

איך האָב דערזעהן עפּעס אזוינס, וואס איך האָב צוערשט גאָרניט געקענט פערשטעהן. אַ מאַן איז אויף די קניע געשטאַ־נען און האָט, קענטיג, תפילה געטהאָן, וועהרענד אינ׳ם בעט, וואס איז געשטאַנען אין אַ קאַסטען, איז געלעגען עטוואס אונבעשטימ־טעס. אַ האלב בעקליידעטע בעשעפעניש האָט זיך דאָרט גע־דרעהט און געקרוטשעט אהין און אהער, האָט געוואָיעט און גע־שריען, הגם דעם פּנים האָב איך נישט געקענט זעהן.

דאָס איז אַ פרוי צוקינד געגאנגען.

אזוי שנעל, ווי איך האָב בעגריפען פון וואנען עס קומען די דאָזיגע קרעכצען, האָב איך אויף מיין אַנוועזענהייט זיי אויפמערק־זאם געמאכט. דער מאַן, אַ מאַרסעל׳ער, וועלכער איז ווי פון זינען אראָב, האָט מיך געמומען בעטען, זי צו ראַטעווען און ריי־דעניג שנעל אין איין אָטהעם, מיר פערשפּראכען ביז צו זיין

טויט דאַנקבאַר צו זיין. איך האָב קיין מאָל אין מיין לעבען ניט געזעהן קיין ענטבינדונג און קיין מאָל אונטער אַזעלכע אומשטענ־דען האָב איך אַ ווייבליכען וועזען, סיי אַ פרוי, סיי אַ צויג, סיי אַ קאַץ ניט בייגעשטאַנען. און דאָס האָב איך געזאָגט דעם מאַן, וועהרענד איך האָב צושראָקען אויף דער פרוי געקוקט, וועלכע האָט דאָרט אין בעט געשריען.

ווען איך בין געקומען אַביסעל צו זיך און מיין קאַלטבלוטיג־קייט האָט זיך צו מיר צוריקגעקעהרט, האָב איך געפרעגט דעם פערצווייפעלטען מאַן, פאַרוואָס ער פאָהרט נישט אין דעם נאָהנט־סטען דאָרף. ער האָט געענטפערט, אַז זיין פערד איז געפאַלען, און האָט זיך הפנים אויסגעבראָכען אַ פוס, ווייל ער קען זיך מעהר נישט אויפהייבען. דאַן האָב איך צו איהם געזאָגט:

— נאַ, ווייסט איהר וואָס, גוטער מאַן, אַזוי ווי מיר זיינען איצט זאַלבענאַנד, טאָ לאָמיר ביידע אייער פרוי ביז צו אונז שלע־פען.

אָבער דאָס בילען פון די הינד האָט אונז געצוואונגען ארויס־צוגעהן פון וואגען און מיר האָבען געמוזט מיט שטעקענס זיי פאַנאַנדערדרייסען. דאַן איז מיר איינגעפאַלען אַ געדאַנק, איינ־צושפאַנען די הינט, איינעם רעכטס און איינעם לינקס, און זיי זאָלען העלפען שלעפען דעם וואגען. אין צעהן מינוט ארום איז אַלעס געווען פערטיג און דער וואָגען האָט זיך לאַנגזאַם גענומען ריהרען, וועהרענד די אָרימע פרוי האָט זיך ביי יעדען ריהר פון די רעדער מורא'דיג געטרייסעלט.

— אַך איז דאָס געווען אַ וועג! קרעכצענדיג, אָהן אָטהעם, באָדענדיג זיך אין אונזער אייגענעם שוויס, זיינען מיר געגאַנגען און דעם וואגען געשלעפט, אַלע ווייל̇ע האָבען מיר זיך אויסגע־גליטשט און זיינען געפאַלען, וועהרענד אונזערע אָרימע הינט האָ־בען ווי בלאָז־זעק אין קוזניע געסאָפּעט.

עס האָט אונז גענומען דריי שטונדען ביז מיר זיינען צו מיין ווילּלא אָנגעקומען. ווען מיר זיינען צוגעקומען צו דער טיר, האָט דער געשריי אינ'ם וואגען אויפגעהערט. מוטער און קינד האָבען זיך געפיהלט גוט.

מען האָט זיי אריינגעלעגט אין אַ ווייכען בעט. דאַן האָב איך געהייסען איינשפּאַנען די פערד און רופען אַ דאָקטאָר. דער מאַרסעלער, וועלכער איז איצט, ווי עס שיינט, געווען געטרויסט און גאַנץ שטאָלץ, האָט געפּרעסען ווי אַ וואָלף, און זיך אָנגעטרונקען טויט שכור, אום די גליקליכע געבורט צו פייערען.

עס איז געווען אַ מיידעל.

איך האָב די לייט געהאַלטען ביי מיר אכט טאָג. די מוטער, פריילין עלמירא, איז געווען אַ וואהרזאָגערין און זי האָט מיר פאָראויסגעזאָגט אַ לאַנג לעבען און אונגלויבליכען גליק.

* * *

אויפ'ן צווייטען יאהר אין דעם אייגענעם טאָג ארום פאַרנאַכט צייט נאָכ'ן עסען, איז דער דיענער, וועלכער האָט מיך נור וואס גערופען, אין מיין צימער אריין און געזאָגט:

— די ציגיינערין פון לעצטען יאָהר איז דאָ און וויל דעם גנעדיגען הערר דאַנקען.

— איך האָב געהייסען זי אריינברענגען און בין געווען גאַנץ ערשטוינט, ווען איך האָב דערזעהן ביי איהר זייט אַ הויכען, שטאַרקען, בלאָנדען יונגען מאַן, וועלכער האָט, קענטיג, אויס דעם נאָרדליכען פראַנקרייך געשטאַמט. ער האָט מיך בעגריסט און גענומען דאָס וואָרט אלס הויפטמאַן פון דער טרופּע. ער האָט געהערט פון מיין גוטסקייט אַנטקעגען פריילין עלמירא און האָט דעם יאָהרסטאַג ניט געוואָלט דורכלאָזען אָהן דעם, אַז ער זאָל מיר איהר דאַנק ניט אויסדריקען און די לעבעדיגע אורזאַך פון איהר איבערגעבענהייט אהער צו ברייגנען.

איך האָב געהייסען פאַר זיי מאַכען אַ מאָהלצייט אין קיך און אויס גאַסטפריינדשאַפט זיי געלאָזען איבערנעכטיגען. אויפ'ן צווייטען טאָג זיינען זיי אוועק.

פון דאַן אָן קומט די אָרימע פרוי ווידער יעדען יאָהר אינ'ם אייגענעם טאָג מיט'ן קינד, אַ שעהן, קליין מיידעלע, און יעדעס מאָל מיט אַ נייעם הערר און געביעטער. נור איין מאָל איז איינער צוויי יאָהר נאַכאַנאַנד געקומען. דאָס איז געווען אַ מאַן פון

אוּוערגנע, וועלכער האָט מיר הערצליך געדאַנקט. דאָס קליין מיי־דעלע רופט זיי אַלע פּאַפּאַ, ווי ביי אונז, למשל, זאָגט מען צו איינעם „הערר אַזוי און אַזוי".

מיר זיינען צוגעקומען צום הויז און דערזעהן פון ווייטען פאר דעם גאַנעק דריי שאַטענס, וועלכע האָבען אונז ערוואַרטעט. דער גרעסטער פון זיי האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט אין פאָראויס און געזאָגט מיט אַ פאָרמאַלער פערנייגונג:

— הערר גראַף, מיר זיינען אין דעם דאָזיגען טאָג — איהר ווייסט דאָך שוין — געקומען, אום אונזער דאַנקבאַרקייט אויסצו־דריקען.

דאָס איז געווען אַ בעלגיער.

נאָך איהם האָט די קליינע עפּעס נאָכגעפּלאַפּעלט מיט יענער איינטאָניגער, געקינצעלטער קינדער שטימע, אין וועלכער מען דערקאָנט גלייך, אַז זי זאָגט נאָך עטוואָס אויסגעלערענטעס.

איך האָב זיך געמאַכט גאָר נישט וויסענדיג, האָב גענומען פריילין עלמירא אָן אַ זייט און נאָך אַ קורצער הקדמה זי גע־פרעגט:

— איז דאָס דער פּאַטער פון אייער קינד?

— אָה, ניין, גנעדיגער הערר.

— איז דען דער פּאַטער טויט?

— אָה, ניין, גנעדיגער הערר. מיר זעהען זיך נאָך וועגן ניט וועגן. ער איז אַ זשאַנדאַרם.

— אָך, אַזוי. דאַן איז הפנים דער ערשטער, דער פון מאַר־סעל, וועלכער איז געווען ביי דעם געבורט פון'ם קינד, נישט דער פּאַטער?

— אָה, ניין, גנעדיגער הערר. דאָס איז געווען אַ לומפּ, וועלכער האָט מיינע אָבגעשפּאַרטע פּאָר גראָשען אויסגעבראַכט.

— קאָן דער זשאַנדאַרם, דער אמת'ער פּאַטער, זיין קינד?

— אָה, יאַ, גנעדיגער הערר. ער האָט אפילו דאָס קינד זעהר ליעב! אָבער ער קען זיך מיט איהם ניט פיעל אָבגעבען, ווייל ער האָט נאָך אַנדערע פון זיין פרוי.

# די צוזאַמענקונפט



ין מאַנטעל, מיט דער הוט אויפ'ן קאָפּ, איין שוואַרצען שלייער איבער'ן פּנים, א צוויטען אין קעשענע, וועלכען זי האָט אין זינען געהאַט אָנצוטהאָן, זיצענדיג אין דראָשקע, איז זי געזעסען אין איהר צימער, געקלאַפּט מיט דעם שפּיץ פון שירעם אָן איהר שוך און ניט געקענט ביי זיך פועל'ן צו פערלאָזען דאָס הויז כדי צו געהן צו דער דאָזיגער צוזאַמענקונפט.

און ווי אָפּט האָט זי זיך דאָס פּאָר די לעצטע צוויי יאָהר אַזוי אָנגעטהאָן אין דער צייט, ווען איהר מאַן, א בעוואוסטער בירזשע אַגענט, איז פערנומען געווען אויף דער בירזשע, אום צו געהן צו איהר געליעבטען, דעם שעהנעם גראַף מאַרטעלעט.

הינטער איהר האָט הויך געקלאַפּט א זייגער; אויף דעם קליינעם שרייבטיש, צווישען די פענסטער איז געלעגען אַן אָפּענער בוך און א שטאַרקער פיילכען גערוך פון צוויי קליינע בוקעטען, וואָס זיינען געשטאַנען אויפ'ן קאַמין אין צוויי מייסנער וואַזען, האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם גערוך פון ווערבענע, וועלכער האָט אַריינגעשטראָמט דורך דער אפּענער טיר פון טואַלעט צימער.

דער זייגער האָט געשלאָגען דריי און זי האָט זיך א כאַפּ געטהאָן. זי האָט זיך אומגעדרעהט, א קוק געטהאָן אויפ'ן ציפערבלאַט און פערטראַכט א שמייכעל געטהאָן:

— ער וואַרט שוין דאָרט אויף מיר, איצט וועט ער שוין זיין שטאַרק אונגעדולדיג! — דאַן איז זי אַוועק, האָט געזאָגט דעם דיענער, אַז זי וועט צוריק קומען שפּעטסטענס אין א שעה אַרום — עס פערשטעהט זיך א ליגען — איז אַרונטער פון די טרעפּ און אַוועק צופוס אין גאַס אַריין.

עס איז געווען ענדע מאַי, יענע שעהנע צייט פון יאָהר, ווען דער ליעבער פריהלינג בעוויזט זיך אין די דערפער, אויף די פעלדער, לאָזט זיך דערפיהלען אין דער אומגעגענד ארום און ארום פאַריז און פון דאָרט אין פאַריז גופא. ער רייסט זיך אריין איבער די דעכער, דורך די מויערען, מאַכט אויפבליהען די גאַנצע שטאָדט, די פאַסאַדען פון די הייזער, דעם אספאַלט פון די טראָטואַרען, די שטיינער פון די גאַסען גיט ער צו עפּעס אַ בעזונדער געלקייט, אַ פרעהליכקייט, אלעס באָדט זיך אין דער ליכטיגער זון, אלעס בליהט, אלעס גרינט, אלעס וואַקסט ווי איין איינציגער, גרויסער גרינער פּאַרק.

מאַדאַם האַגאַן איז אָבגעגאַנגען עטליכע טריט רעכטס, מיט דעם געדאַנק, אַזוי ווי אַלע מאָל, צוצוגעהן צו דער רוע דע פּראָווענס, וואו זי האָט געוואָלט נעהמען אַ דראָשקע. אָבער די פרישע לופט, יענע זומערדיגע ווארימקייט, וואס פילט אָן אונזער ברוסט אין געוויסע טעג מיט אונבעשטימטע טרוימען, האָט זי אזוי צונומען, אז זי האָט פּלוצים אומגעביטען איהר מאַרשרוט און איז אוועק איבער דעם שאָסעע ד׳אַנטין, געטריבען פון אַ פערלאַנג צו זעהן די בוימער און די אַרומיגע גרינקייט.

זי האָט ביי זיך געטראַכט: מילאָ, וואס קען דאָ זיין, וועט ער וואַרטען נאָך צעהן מינוטען. דער דאָזיגער געדאַנק האָט איהר ווידער געמאַכט שפּאַס און בעת זי איז מיט לאַנגזאַמע טריט געגאַנגען צווישען דעם געדיכטען עולם, וועלכער האָט איהר מיטגעשלעפּט מיט זיך, האָט זי איהם געזעהן פאַר זיך אין די געדאַנקען, ווי ער איז געוואָרען אונגעדולדיג, האָט געקוקט אויפ׳ן זייגער, געעפענט דאָס פענסטער, צוגעהערט זיך ביי דער טיר, אַ ווייַלע זיך צוגעזעצט, דאַן זיך ווידער אויפגעהויבען ניט וואַגענדיג צו רויכערען, ווייל זי האָט עס איהם פערבאָטען אין די טעג פון זייערע צוזאַמענקונפטען, און מיט פערצווייפעלטע בליקען געקוקט אויף דער פאַפּיראָסען־קעסטעל.

זי איז געגאַנגען לאַנגזאַם, אלעס וואס זי האָט אויפ׳ן וועג געטראָפען האָט איהר אַמוזירט: די מענשען, זייערע פּנים׳ער, די קראָמען. זי האָט גענומען געהן נאָך לאַנגזאַמער און האָט איבער־

הויפט געהאט ווייניג לוסט צו גיין צום געליעבטען, ביי יעדער שויפענסטער האט זי זיך אבגעשטעלט עפעס אזוי ווי זוכענדיג דארט אן אויסרייד אויף ניט צו געהן ווייטער.

אויפ׳ן עק גאס, פאר דער קירכע, האט דאס גרינס פונ׳ם פארק איהר גענומען אזוי ציהען צו זיך, אז זי איז אריבער די גאס און אריין אין גארטען. צוויי מאל האט זי דורכשפאצירט דעם גאר־טען אהין און צוריק, צווישען די פרעהליכע, פרישע, אין קאליר־טע בענדער פערפוצטע אממען. דאן האט זי גענומען א שטול, זיך אוועקגעזעצט, ארויסגעקוקט צום רונדען ציפערבלאט, וואס האט זיך געפונען אויפ׳ן שפיץ פון דער קירכע, און דערזעהן, ווי דער ווייזער רוקט זיך אלץ ווייטער און ווייטער.

גראדע אין דער מינוט האט געשלאגען האלב, און איהר אויפ׳ן הארצען איז געווארען אזוי אנגענעהם, ווען זי האט דערהערט דעם גלאקען קלאנג — א האלבע שטונדע האט זי שוין געוואונען און דאן האט זי נאך גענארפט א פערטעל שטונדע, ביז זי וועט צוקו־מען צו דער רוע מיראמעסניל, א פאר מינוטען וועט זי נאך דא פערברענגען און דאן האט זי א שטונדע, א גאנצע שטונדע אב־געקארגט פון איהר צוזאמענקונפט. זי וועט דארט פערבלייבען אין גאנצען אפשר פערציג מינוטען און דאן וועט עס זיין פארביי.

אך גאט, ווי אונאנגענעהם עס איז איהר געווען, וואס זי מוז צו איהם געהן! ווי א פאציענט, וועלכער מוז געהן צום צאהן דאקטאר, האט זי אין איהר הארצען געטראגען די עראינערונג פון אלע פריהערדיגע צוזאמענקונפטען. פאר די לעצטע צוויי יאהר איז זי ביי איהם געווען דורכשניטליך איין מאל א וואך, און דער געדאנק, אז איצט גלייך וועט זי ווידער מוזען איבערקומען א בע־זוך ביי איהם, האט אויף איהר ארויפגעיאגט אן אימה און א שוי־דער האט איהר דורכגענומען פון קאפ ביז די פיס. עס האט איהר אפילו ניט פערשאפט קיין שמערצען, ווי ביי א בעזוך ביים צאהן דאקטאר, אבער אזוי לאנגווייליג איז דארט געווען, אזוי מורא׳דיג לאנגווייליג, אזוי פיינליך, אז אלעס, אלעס, אפילו אן אפעראציאן וואלט איהר ליעבער געווען ווי דער דאזיגער בעזוך. און דאך איז זי אהין געגאנגען. זעהר לאנגזאם, מיט קליינע טריט, געבליעבען

שטעהן, זיך געזעצט, פערלענגערט דעם וועג, אָבער פאָרט געגאנגען. אַך, דאָס מאָל ווילט זיך איהר אזוי ניט געהן! אבער זי האָט דעם אָרימען גראף לעצטען מאָנאט צוויי מאָל געלאָזט אומזיסט ווארטען און אזוי שנעל האָט זי עס ניט געקענט ווידער אמאָל טהאָן. ווארום איז זי ווידער אהין געגאנגען? ווארום? איינמאָל, ווייל זי האָט זיך שוין אזוי איינגעוואָהנט און דאן ווען דער אונגליקליכער מארטעלעט זאָל ביי איהר פרעגען ווארום, וואָלט זי איהם ניט געקענט אָנגעבען קיין שום גרונד. ווארום האָט זי די גאנצע געשיכטע מיט איהם אָנגעהויבען? ווארום? זי האָט איצט אליין ניט געוואוסט. האָט זי איהם דען געליעבט? קען זיין. ניט זעהר הייס, אָבער אביסעלע. עס איז שוין אזוי לאַנג צוריק! ער האָט אויסגעזעהן גוט, איז געווען זעהר בעליעבט, עלעגאַנט, העפליך און אויפ'ן ערשטען בליק איז ער געווען, ווי בעשאַפען צו זיין דער געליעבטער פון א וועלטליכער דאמע. ער האָט איהר דריי מאָנאטען נאָכאנאנד ארויסגעוויזען זיין ליעבע, ס'הייסט א גאַנץ נאָרמאַלע צייט. זי פון איהר זייט האָט די גאנצע צייט געגען איהם געקעמפפט און איהם לאנג גענוג ווידערשטאַנען. דאן איז זי שוואך געווארען און איז א נערוועזע, אן אויפגערעגטע, א פערציטערטע און דאך פול זיסער ערוואַרטונג צו דער ערשטער צוזאַמענקונפט געקומען אין יענער קליינער אלט בחור'שער וואָהנונג אין דער רוע מיראָמעסניל, אין וועלכער זי איז נאָכדעם אזוי אָפט געגאַנגען. איהר הארץ? וואס האָט דערביי געפיהלט איהר קליינע פערפיהרטע פרויען הארץ, וועלכע איז בעזיעגט און איינגענומען געווארען, ווען עס איז צום ערשטען מאָל אריבערגעטראָטען דעם שוועל פון יענער הויז? זי האָט עס איצט שוין מעהר ניט געדענקט. זי האָט עס פערגעסען. מען קען זיך דערמאָנען אָן וועלכער ניט איז זאך, א דאטום, א פאַקט, אָבער אין צוויי יאהר ארום פערגעסט מען אין גאנצען א שטימונג, וועלכע איז שנעל פערבייגעגאנגען, ווייל זי איז ניט געווען קיין גאָר טיעפע. דערפאַר אָבער האָט זי ניט פערגעסען די איבעריגע צוזאמענקונפטען. אַך, ווי לאַנגווייליג זיי זיינען געווען, ווי איינטאָניג, ווי ערמידענד,

א גאַנצע קייט פון זיי איינע פונקט ווי די אַנדערע, עס האָט איהר אַזש געגומען עקלען, ווען זי האָט נור געטראַכט דערפון.

און דערצו נאָך די דראָשקעס, וועלכע מען מוז רופען אום אהין צו פאָהרען! גאַנץ אַנדערש זיינען זיי פון די דראָשקעס אין וועלכע מען פאָהרט געוועהנליך. די קוטשערס האָבען זיך גלייך אָנגעשטויסען, וואס דאָ קומט פאָר — זי האָט עס געפיהלט פון דער אַרט און ווייזע ווי אַזוי זיי האָבען אויף איהר געקוקט. די אויגען פון די פאַריזער קוטשערס זיינען שרעקליך. הייגט וואָס מען הערט זיך אָן פון די קוטשערס! שטענדיג זיינען זיי פול אין געריכט, א פערברעכער דערקענען זיי אין יאָהרען אַרום, עס איז געגוג, אַז זיי האָבען איין מאָל אין מיטען נאַכט געפיהרט אַ מענשען, אַז זיי זאָלען קענען אָנווייזען אויף איהם: דאָס איז דער מאַן, וועלכער איז איינגעשטיגען אין דער רוע דעם מאַרטירס און איז אַרויס ביים ליאָנער באַהנהויף אום צוועלף פערציג דעם צעהנטען יולי פון פאָריגען יאָהר. ווען מען בערעכענט דאָס אַלעם פאַלט אָן א שרעק פונ׳ם געדאַנק, וואס אַ יונגע פרוי וואַגט, ווען פאָהרענדיג צו א צוזאַמענקונפט, מוז זי דעם ערשטען בעסטען קו־משער איהר גוטען נאָמען אָנטרויען! אום צו פאָהרען צו דער רוע דע מיראָמעסניס האָט זי אין די לעצטע צוויי יאָהר געברויכט אודאי הונדערט ביז הונדערט און צוואַנציג קוטשערס, רעכנענדיג איינעם א וואָך. דאָס זיינען אַלץ געווען עדות, וועלכע האָבען אין א קריטישער מינוט געקענט אויפטרעטען געגען איהר אין גע־ריכט.

אַזוי שנעל ווי זי פלעגט אַריין אין דער דראָשקע, פלעגט זי אַרויסנעהמען פון קעשענע דעם צווייטען שלייער, א געדיכטען און שוואַרצען, ווי אַ מאַסקע, און עס אָנטהאָן אויף זיך. ער האָט איהר פערדעקט דאָס פּנים. אבער אַלעם איבעריגע, דאָס קלייד, דעם הוט, דעם שירעם, דאָס קען מען דאָך ניט בעהאַלטען, און דאָס איז אַזוי לייכט צו דערקענען! אַך, און נאָך אין דער רוע דע מיראָמעסניל! עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז אַלע פער־בייגעהער, אַלע בעדיענטע, די גאַנצע וועלט קען זי. ווי נור די דראָשקע האָט זיך אָבגעשטעלט איז זי אַרויסגעשפּרונגען און איז

פערביי געלאָפען פארביי דעם הויז וועכטער, וועלכער איז אימער געשטאַנען אויפ'ן שוועל פון הויז. ער האָט אודאי אלעס געמוזט וויסען, אלעס: איהר אדרעס, איהר נאָמען, איהר מאַן'ס בע־שעפטיגונג, אלעס — דען די הויז וועכטער זייענען די בעסטע דעטעקטיוס. זייט צוויי יאָהר ווי זי וויל איהם אָבקויפען מיט לאפּקע געלד, וויל איהם פערבייגעהענדיג אריינרוקען א הונדערט פראנק אין האנד אריין. אָבער זי האָט קיין איין מאָל ניט גע־וואגט צו מאכען די קליינע בעוועגונג און איהם געבען דאָס געלד. זי האָט מורא געהאַט. פאַר וואס? זי האָט אליין ניט געוואוסט. אפשר דערפאר, ער זאָל ניט פערשטעהן, וואס דאס מיינט און זי רופען צוריק? האָט מורא געהאט פאר א סקאנדאל, א צו־זאמענלויפען זיך פון מענשען אויף די טרעפּ און גאָר פאר אן ארעסט. אום צוצוקומען צו דעם גראף'ס טיר האָט זי נור גע־דארפט אָבגעהן א האלבען עטאזש און דאך האָט זיך איהר אויס־געדאכט, אז עס איז אזוי הויך, ווי דער העכסטער קירכען טהור־רעם. ווי נור זי איז געווען אין פארהויז, האָט זי זיך געפיהלט, ווי אין א פאסטקע. ביי דעם קלענסטען גערויש פאר איהר אדער הינטער איהר, האָט זי זיך גענומען טרייסלען. צוריק געהן האָט זי ניט געקענט; דאָרט זיינען געווען דער הויז וועכטער און די גאס, וועלכע האָבען איהר אָבגעשניטען דעם וועג. און ווען אין דער מינוט איז גראדע אימעצער ארונטערגעגאנגען פון די טרעפּ, האָט זי ניט געוואגט, אָנצוקלינגען ביי מארטעלעט'ן און איז פער־בייגעגאנגען פאר זיין טיר, ווי זי געהט כלומר'שט צו אימיצען אנדערש. זי איז געגאנגען ארויף, איז געגאנגען, געגאנגען, גע־גאנגען און וואָלט אזוי אָבגעגאנגען פערציג שטאָק. ערשט דאַן, ווען אויף די טרעפּ איז אלעס גאנץ שטיל געווארען, איז זי מיט אן איינגעהאלטענעם אָטהעם אראָבגעלאָפען צוריק, מורא האָבענ־דיג, אז זי וועט ניט געפינען די טיר.

ער פלעגט זיין אין דערהיים. ער האָט זי ערוווארט אָנגע־טהאָן אין זיין סאמעטענעם אנצוג מיט דעם זיידענעם אונטער־שלאָג, וועלכער האָט אויסגעזעהן עטוואס קאָקעטיש אָבער נאָך מעהר לעכערליך. און זייט צוויי יאהר האָט ער זי אויפגענומען

אויף דעם אייגענעם שטייגער מיט כמעט די אייגענע בעוועגונ־
גען.

אזוי שנעל ווי ער האָט צוגעמאכט די טהיר, האָט ער גע־
זאָגט: „לאָז מיך קושען דיין האנד, מיין ליעבע, ליעבען פריינ־
דין". דאַן איז ער אוועק נאָך איהר אין צימער, וואו די לאָדענס
זיינען געווען צוגעמאכט, די ליכט אָנגעצינדען, זומער אזוי ווי
ווינטער, וואהרשיינליך וויל ער האָט אזוי געהאַלטען פאַר פאַ־
סענדער, דאַן האָט ער זיך ארונטערגעלאָזט פאַר איהר אויף די
קניע און זי אָנגעקוקט פון אונטען ביז ארויף מיט פערגעטערענדע
בליקען. דעם ערשטען טאָג איז דאָס געווען זעהר שעהן און זעהר
פאַסענד. שפּעטער אבער האָט זיך איהר גערדאכט, אז זי זעהט
דעם אקטיאָר דעלאיני צום הונדערט און צוואַנציגסטען מאָל
שפּיעלענדיג דעם פינפטען אקט פון עפּעס אַן ערפאָלגרייכער פּיע־
סע. עס איז שוין צייט געווען, ער זאָל זיך אויסטראכטען עפּעס
אַן אנדער עפעקט.

און שפּעטער! אַך מיין גאָט, וואָס דאַן איז פּאָרגעקומען
איז געווען דאָס שווערסטע! ניין, ער איז אימער געווען דער איי־
גענער, דער אָרימער יונג. אַ גוטער קערל, אָבער אַ שרעקליך
לאַנגווייליגער.

און ווי שווער עס איז געווען זיך אויסצוטהאָן אָהן אַ קאַמער־
מיידעל! איין מאָל וואָלט נאָך געווען ווי עס איז, אָבער יעדע
וואָך, דאָס איז געווען מורא'דיג. ניין, אַזאַ אַבקומעניש דארף
אַ מאַן קיין מאָל ניט פערלאַנגען פון אַ פרוי. אָבער ווי שווער
עס איז ניט געווען דאָס אויסטהאָן זיך, דאָס אָנטהאָן זיך אָבער
איז געווען איינפאַך אַן אונמעגליכקייט. עס האָט זי געמאכט
אזוי נערוועז, אז עס האָט זיך איהר געוואָלט שרייען. בייז און
צוקאָכט איז זי געווען, אז זי וואָלט איהר געליעבטען אויסגע־
פּאַטשט, ווען ער האָט אונגעשיקט זיך ארום איהר ארומגעדרעהט
און געפרעגט:

— זאָל איך דיר העלפען?

— העלפען! העלפען! — וואס האָט ער דען געקענט העל־

פען? עס איז איהר געווען גאנץ גענוג, ווען זי האט בלויז גע־זעהן א שפילקע צווישען זיינע פינגער.

אפשר איז ער איהר דערפאר אזוי נמאס געווארען! ווען ער האט געזאגט: „זאל איך דיר העלפען?" האט זי געפיהלט ווי איהם צו דער'הרג'ענען. און מוז דען א פרוי ניט אנהויבען צו האסען א מאן, וועלכער האט זי זייט צוויי יאהר געצוואונגען הונ־דערט און צוואנציג מאל זיך אנצוטהאן אהן א קאמער מיידעל?

אזעלכע לאנגווייליגע, אונגעשיקטע, איינטאניגע מענשען ווי ער, זיינען זיכער ניט געווען קיין סך. דער קליינער באראן גרימ־באל וואלט זיכער ניט געפרעגט מיט אזא נאריש פנים: „זאל איך דיר העלפען?" ער וואלט ניט געמאכט קיין קונצען, ער וואלט געהאלפען שנעל, וויציג, שפאסיג. ער איז געווען א דיפלאמאט, האט אנגעזעהן א וועלט. ער האט אהן שאלות פרויען, וועלכע זיינען געווען אנגעטהאן נאך אלע מאדעס פון דער גאנצער וועלט, אויסגעטהאן און אנגעטהאן.

אויף דער קירכע האט געשלאגען דריי־פערטעל. זי האט זיך אויפגעהויבען, גענומען שמייכלען און געמורמעלט:

— יעצט וועט ער שוין אודאי זיין אויפגערעגט.

דאן איז זי מיט איילענדיגע טריט ארויס פון גארטען.

זי איז אבגעגאנגען א צעהן טריט, ווען זי האט דערזעהן אנט־קעגען זיך א מאן, וועלכער האט זיך פאר איהר טיעף פערנייגט.

— אך, דאס זייט איהר, הערר באראן! — האט זי געזאגט ערשטוינט. נור וואס האט זי וועגען איהם געטראכט.

— יא, איך, מאדאם.

ער האט געפרעגט וואס זי מאכט און נאך א פאר אלגעמיינע פראזען געזאגט:

— איהר ווייסט, מאדאם, אז איהר זייט די איינציגע פון מיינע פריינדינען — ניט אמת, איהר וועט דאך מיר ערלויבען, אייך אזוי צו רופען? — וועלכע האט נאך ניט געזעהן מיינע יאפאנישע זאמלונגען.

— אבער, ליעבער באראן, א פרוי קען דאך ניט געהן צו א יונגען מאן אויפ'ן קווארטיר!

— פאר וואס עפעס? וואס פאלט אייך איין? **איהר האט** אין גאנצען א טעות! ווען עס האנדעלט זיך וועגען א זעלטענער זאמלונג!

— ניין, אליין קען איך אויך קיין פאל ניט געהן.

— אבער פאר וואס ניט? א סך דאמען זיינען ביי מיר געווען, בלויז צוליעב מיינע זאמלונגען. יעדען טאג קומען מאנ־כע. זאל איך זיי אייך אנרופען? ניין, דאס קען איך דאך ניט טהאן. מען מוז זיין פערשוויגען. אפילו דאן, ווען ס'איז גאר נישטא אין דעם. איבריגענס איז עס נור ניט שעהן צו געהן צו א גע־זעצטען מענשען, וועמען אלע קענען, וועלכער פערנעהמט א גע־וויסע שטעלונג און דאן ערשט ווען מען בעזוכט איהם צוליעב עפעס, פאר וואס עס איז זיך דא צו שעהמען!

— יא, אייגענטליך זייט איהר גאנץ גערעכט.

— אלזא ווילט איהר מיינע זאמלונגען זעהן?

— ווען?

— אט גלייך.

— דאס איז אונמעגליך. איך האב קיין צייט ניט.

— געהט, וואס רעדט איהר, איהר זיצט דאך שוין א האלבע שטונדע דא אין גארטען.

— איהר פערפאלגט מיך אפשר?

— איך האב אייך נאכגעקוקט.

— איך האב אבער ווירקליך קיין צייט ניט.

— איך גלויב אייך ניט. זייט זיך מודה, איהר אײלט זיך אין ערגיץ ניט.

פרוי האנגאן האט זיך צולאכט און מודה געווען:

— ניין... ניין... ניט... זעהר.

א דראשקע איז פערביי זיי פארבייגעפאהרען. דער קליינער באראן האט א געשריי געטהאן „קוטשער!“ און דער וואגען האט זיך אבגעשטעלט. דאן האט ער געעפענט די טיר און געזאגט:

— געהט אריין, מאדאם.

— אבער, באראן, עס איז אונמעגליך, איך קען היינט ניט.

— מאדאם, זייט פארזיכטיג. געהט אריין, מען קוקט שוין

אויף אונז. עס וועט נאָך ווערן אַ געלאַף. מען וועט דענקען, אַז איך וויל אייך פערפיהרען און מען וועט אונז ביידען אַרעס־טירען. שטייגט שנעל איין, איך בעט אייך.

אין גאַנצען אַ צוטומעלטע, איז זי אַריין אין דער דראָשקע. ער האָט זיך געזעצט ביי איהר זייט און אַ געשריי געטהאָן צום קוטשער:

— רוע דע פּראָוואַנס.

אָבער פּלוצים האָט זי זיך אָבגערופען:

— אָך מיין גאָט, איך האָב פערגעסען אָבצושיקען זעהר אַ נויטיגען בריעף. איך בעט אייך, פיהרט מיך אַפריהער צו צו דער נאָהענטסטער פּאָסט סטאַציאָן.

אַ שטיק ווייטער אין דער רוע דע שאַטעאודון האָט זיך די דראָשקע אָבגעשטעלט, און זי האָט געזאָגט צום באַראָן.

— זייט אַזוי גוט און ברייננט מיר אַ ספּעשעל בריעף פאַר פופציג סאַנטימס. איך האָב מיין מאַן צוגעזאָגט, איינצולאַדען מאַרטעלעט'ן אויף מאָרגען צום עסען, און איך האָב עס אין גאַנ־צען פערגעסען.

ווען דער באַראָן איז צוריקגעקומען מיט דעם בלויען פּאַפּיר אין האַנד, האָט זי אויף דעם אָנגעשריבען פאָלגענדעס:

„ליעבער פריינד, איך פיהל זיך זעהר ניט גוט. שטאַרקע נערוועז שמערצען צווינגען מיך צו בלייבען אין בעט; עס איז מיר אונמעגליך ארויסצוגעהן. קומט מאָרגען אין אָבענד צו אונז צום עסען, דאַן וועל איך וויסען, אַז איהר האָט מיר פערגעבען.

זשאַהאַננאַ.“

זי האָט איינגענעצט דעם קאָנווערט, איהם זאָרגזאַם צוגע־קלעפּט, אָנגעשריבען אויף איהם דעם אַדרעס: גראַף מאַרטעלעט, 240 רוע מיראָמעסניל“. דאַן האָט זי דעם בריעף געגעבען דעם באַראָן:

— אָט אַזוי. און איצט זייט אַזוי גוט און וואַרפט עס אַריין אין אַ בריעפקאַסטען.

# דאס פענסטער.



יט פרוי דע־יאדעלל בין איך בעקאנט געווארען דעם ווינטער. זי איז מיר גלייך שטארק געפעלען געווארען. אגב קענט איהר זי פונקט אזוי גוט ווי איך, ניין, ענטשולדיגט... במעט אזוי גוט ווי איך. איהר ווייסט, ווי פאנטאסטיש און פאעטיש זי דענקט; זי האלט זיך פריי, איינפאך, איז פעהיג אויף אלע איינדריקע, איינגע׳עקשנ׳ט, עמאנציפירט, אונטערנעהמענד, דרייסט, קורץ, זי האט אלע פאראורטיילען, און טראץ דעם איז זי צערטליך, סענטימענטאל, שעהמעוודיג און בעליידיגט זיך לייכט.

זי איז געוועזען אן אלמנה. איך ציה פאר אלמנות אוים פוילקייט. איך האב דעמאלט געוואלט נאך א מאל חתונה האבען און האב געזוכט מיט איהר נעהנטער בעקאנט צו ווערען. און וואס מעהר איך האב זי דערקענט, אלץ מעהר איז זי מיר געפעלען געווארען, און איך האב שוין גערענקט, אז עס איז געקומען דער מאמענט, זיך איהר צו ערקלעהרען. איך בין געוועזען אין איהר פערליעבט און עס איז געוועזען א געפאהר, איך זאל זיך פארליעבען נאך מעהר. ווען מען וויל חתונה האבען, טאר מען די פרוי ניט ליעבען צו פיעל, אז ניט באגעהט מען נארישקייטען, מען פערליערט דעם פערשטאנד און מען ווערט אי נאריש, אי ברוטאל אין דער אייגענער צייט. מען מוז זיך בעהערשען. ווען מען פערליערט דעם קאפ דעם ערשטען אבענד, איז מען אין א גרויסער סכנה, אז אין א יאהר ארום...

אין איין שעהנעם טאג בין איך אלזא געקומען צו איהר אין ווייסע האנדשוה און געזאגט:

— גנעדיגע פרוי, איך האָב דאָס גליק אייך צו ליעבען, און קום אייך בעטען, אויב איך האָב דאָס גליק אייך צו געפעלען, אז איהר זאָלט ווערען מיין פרוי.

זי האָט געענטפערט גאַנץ רוהיג: איך קען אייך ניט זאָגען, אויב איהר וועט מיר פריהער אָדער שפּעטער ניט געפעלען ווערען, אָבער איך בין צופריעדען צו מאַכען אַ פּראָבע. אויסערליך געפעהלט איהר מיר גאַנץ גוט, אָבער איך מוז קענען אייער כאַראַקטער, אייערע געוואָהנהייטען און אייער האַרץ. די מייסטע פאַמיליע לעבענס זיינען אונגליקליכע, ווייל ווען מען האָט חתונה קען מען איינער דעם אַנדערען ניט גענוג. עס איז גענוג אַ קליינינקייט, עפּעס אַן איינגעוואָרצעלטע געוואָהנהייט, אַ געוויסע מיינונג איבער וועלכער ניט איז פראַגע פון מאָראַל, רעליגיאָן אָדער גאָט ווייס וואָס, אדער אַ בעוועגונג וואָס געפעלט דעם אַנדערן ניט, אַ קליינער פעהלער אָדער זאָגאר אַן אונאַנגענעהמע אייגענשאַפט, אום צו מאַכען צוויי מענשען, וועלכע זיינען ביז צום טויט פערבונדען איינער מיט דעם אַנדערן, פאַר שונאים, ביטערע שונאים, בעת פריהער זיינען זיי געווען די צערטליכסטע, די פערליעבטעסטע חתן־כלה. איך וועל ניט חתונה האָבען, סיידען איך וועל גאַנץ גענוי קענען אַלע ווינקעלאַך פון דעם מאַן'ס נשמה, מיט וועלכען איך וועל דאַרפען פאַרבינדען מיין לעבען. איך וויל האָבען אַ מעגליכקייט פון נאָהענט צו שטודירען זיין כאַראַקטער מאָנאַטען לאַנג.

איך שלאָג אייך אַלזאָ פאָר פאָלגענדעס: קומט היינטיגען זומער צו מיר אין מיין גוט לאַווילל, און דאָרט וועלען מיר זעהן, אויב מיר פּאַסען זיך איינער פאַר'ן אַנדערן.

איהר לאַכט? איהר דענקט געוויס, אז איך מיין מיט דעם עפּעס? אָבער ווען איך וואָלט ניט געווען זיכער אין זיך, וואָלט איך אייך געוויס אזא פאָרשלאָג ניט געמאַכט. פאַר דער ליעבע, ווי איהר מענער פערשטעהט זי, האָב איך נור עקעל. ווילט איהר מיין פאָרשלאָג אָננעהמען?

איך האָב איהר אַ קוש געטהאָן אין האַנד.

— ווען פאָהרען מיר אוועק?

— דעם צעהנטען מאַי. געהט עם?

— יא.

אין אַ מאָנאַט ארום בין איך אַנגעקומען צו איהר. דאָס איז ווירקליך געווען אַ מערקווירדיגע פרוי. זי האָט מיך שטודירט פון פריה ביז נאַכט. אַזוי ווי זי האָט ליעב געהאַט פערד, זיינען מיר שטונדענלאַנג געפאָהרען רייטענדיג דורך די וועלדער, האָבען גע־רעדט איבער אַלעם, ווארים זי האָט געזוכט צו דערגעהן מיינע אינטימסטע געדאַנקען, פּונקט ווי זי האָט נאָכגעקוקט מיינע קלענ־סטע בעוועגונגען.

איך אָבער האָב זיך משוגע פערליעבט אין איהר און האָב שוין מעהר ניט געטראַכט וועגען גאָרנישט, ווי נור וועגען איהר און וועגען איהר. באַלד האָב איך בעמערקט, אַז מען בעאָבאַכטעט מיך אפילו אין שלאָף. עפּעס אימיצער האָט געשלאָפען אין אַ קליין צימערל, וועלכער האָט זיך געפונען נעבען מיינעם. אהין איז מען מיט גרויס פאָרזיכטיגקייט גאַנץ שפּעט ביי נאַכט אריינגעקומען. די דאָזיגע שטענדיגע שפּיאָנעריי האָט מיך ענדליך אונגעדולדיג געמאַכט; איך האָב געוואָלט מאַכען אַ שנעלען סוף צו דעם. און איין אָבענד בין איך צו איהר שטאַרק צוגעשטאַנען. זי האָט מיר געענטפערט אויף אַזאַ אופן, אַז איך האָב זיך פערזאָגט אַ צעהנטען ניט צו ריידען מעהר מיט איהר וועגען דעם. אָבער אַ גליהענדער וואונש האָט מיך אָנגעכאַפּט אָפּצורעבענען זיך מיט איהר פאַר דער פּאָליצייסקער בעוואַכונג, אונטער וועלכער איך האָב זיך שטענ־דיג געפונען, און איך האָב געזוכט עפּעס אַ מיטעל.

איהר קענט צעזאַרינע, איהר קאַמער מיידעל, אַ שעהן מיי־דעל אוים גראַנוויל, וואו אַלע מיידלעך זיינען שעהן. איהר שעהנקייט איז געווען פון אַנאַנדער סאָרט, ווי איהר בעל הבית'טע. איהר בעל הבית'טע איז געווען ברוין און זי בלאָנד.

אַלזאָ, די דאָזיגע קאַמער־מיידעל האָב איך איין מאָל אַ נאָכ־מיטאַג אריינגעשלעפּט אין מיין צימער, איהר אריינגעשטעקט הונ־דערט פראַנק אין האַנד אריין און געזאָגט:

— מיין ליעבע, איך פערלאַנג פון דיר קיין שום בייז נישט,

אָבער איך וואָלט וועלען זיך אָברעכענען מיט דיין בעל הבית'טע, פאַר וואָס זי טהוט מיר אָן אַזעלכע צרות.

דאָס מיידעל האָט כיטרע אַ לאַך געטהאָן און איך האָב ווייטער גערעדט:

איך ווער טאָג און נאַכט איבערוואַכט, איך וויים דאָס. מען בעאָבאַכטעט מיך ביים עסען, טרינקען, אָנטהאָן זיך, ביים ראַזירען. איך וויים דאָס.

דאָס מיידעל האָט געשטאַמעלט:

— אמת, גנעדיגער הערר... — דאַן איז זי אַנשווייגען געוואָרען. איך האָב ווייטער גערעדט:

— דו שלאָפסט אין צווייטען צימער אום אויפצופאַסען, אויב איך כראָפּע, צו איך רעד פון שלאָף. איז עס אַ ליגען?

איצט האָט זי זיך צולאַכט אויפ'ן קול און געזאָגט:

— אמת, גנעדיגער הערר... — און איז ווידער אַנשווייגען געוואָרען.

— איך בין געוואָרען לעבעדיגער:

— אַלזאָ, מיין קינד, דו פערשטעהסט דאָך אליין, אַז עס איז ניט רעכט, ווען מען וויל אַלעס וויסען פון מיר און איך זאָל גאָר־נישט וויסען פון דער פערזאָן, וואָס דאַרף ווערען מיין פרוי. איך ליעב זי פון גאַנצען הארצען. זי האָט די ציגע, דאָס הארץ, דעם גייסט, וועלכע איך האָב זיך אימער געוואונשען, אַז מיין ווייב זאָל האָבען, און אין דיזער בעציהונג בין איך דער גליקליכסטער אין דער וועלט. נור עטוואָס וואָלט איך גערן וועלען וויסען וועגען איהר אויך . . .

צעזאַרינע האָט זיך ענטשלאָסען אַריינצולעגען מיין הונדערט פראַנק בילעט אין קעשענע, און איך האָב פערשטאַנען, אַז מיר וועלען מאַכען געשעפט...

אַלזאָ, הער אויס, מיין קינד. מיר, מענער, האַלטען פון געוויסע... געוויסע... אייגענשאַפטען... קערפּערליכע, וועלכע שטערען ניט דער פרוי צו זיין רייצענד, אָבער וועלכע פאַרענדערען איהר ווערט אין אונזערע אויגען. דו דאַרפסט מיר ניט זאָגען קיין שום

בייזעס פון דיין בעל הבית'טע, ניט אפילו פון איהרע געהיימע פיזי־שע פעהלערען, אויב זי האָט אזעלכע. ענטפער מיר נור אָפען אויף מיינע פיער אָדער פינף פראגען, וואָס איך וועל דיר שטעלען. דו קענסט פרוי דע־יאַרדעלל ווי זיך אליין, ווייל דו העלפסט איהר יע־דען טאָג זיך אויס און אָנטהאָן. זאָג מיר, אלזאָ, איז זי אזוי פול, ווי זי שיינט צו זיין?

דאָס מיידעל האָט ניט געענטפערט. איך האָב ווייטער גע־רעדט:

— אלזאָ, מיין קינד, דו ווייסט דאָך אודאי, אז עס זיינען דאָ פרויען, וועלכע שטאָפּען זיך אויס מיט וואַטע דאָ אָדער דאָר־טען... קורץ, זיי שטאָפּען אָן וואַטע אהין, וואו עס געפינט זיך די נאַהרונג פיר די קליינע קינדער, אָדער דאָרט, אויף וואָס מען זיצט. זאָג מיר אָקאָרשט, שטאָפּט זי זיך ניט מיט וואַטע?

צעזארינע האָט ארונטערגעלאָזען די אויגען, זי האָט געענט־פערט ניט דרייסט:

— פרעגט ווייטער, גנעדיגער הערר, איך וועל שוין ענטפערן.

— נו, אלזאָ מיין קינד, עס זיינען דאָ פרויען, וועלכע האָבען עטוואָס צוקרימטע פיס אזוי האָט ביי יעדען טריט זייערען רייבען זיי אַ קניע אָן אַ קניע, און דאַן זיינען פאַראַן אזעלכע, וואָס האָבען רונדע און גלייכע פיס.ביידע סאָרטען זיינען זעהר שעהן. זאָג דו מיר אָקאָרשט, ווי זעהען אויס די פיס פון דיין בעל־הבית'טע?

דאָס מיידעל האָט ניט געענטפערט.

איך האָב ווייטער גערעדט:

— עס זיינען אויך פאַראַן אזעלכע, וואָס האָבען אזאַ שעה־נעם בוזעם, דאָס פון אונטען לייגט ער זיך אויס ווי אַ טיעפער פאַלד. עס זיינען פאַראַן אזעלכע, וואָס האָבען דיקע אָרעמס און אַ דינע טאַליע, אזעלכע וואָס זיינען פון פאָרענט זעהר פול און הינטען האָבען זיי גאַר נישט און, פערקעהרט, ווידער אַנדערע זיינען הינטען זעהר פול און פאָרענט האָבען זיי גאָרנישט. דאָס אַלעס איז זעהר שעהן, רייצענד, אָבער איך וואָלט גערן וועלען וויסען, ווי דיין בעל־הבית'טע זעהט אויס. זאָג עס מיר גאַנץ אָפען און איך וועל דיך גוט בעלוינען.

צעזאַרינע האָט מיר אַ קוק געטהאָן גלייך אין די אויגען אריין און געענטפערט, לאַכענדיג הויך אויף'ן קול:

— גנעדיגער הערר, אויסער דעם, וואָס זי האָט שווארצע האָאָר, איז די גנעדיגע פרוי פונקט אַזוי ווי איך! —

דאַן איז זי אַנטלאָפען.

איך בין געבליבען מיט אַ נאָז.

איך בין זיך פאַרגעקומען זעהר נאַריש און האָב בעשלאָסען זיך אָבצורעכענען אי מיט דער בעל־הבית'טע, אי מיט דער אונ־פערשעמטער קאַמער־מיידעל.

אין אַ שטונדע ארום בין איך פאַרזיכטיג אריין אין דעם קליינעם צימערל, פון וועלכען זי האָט מיך שפּיאָנירט, און האָב אָבגעריגעלט די טיר.

ארום האַלבע נאַכט האָט זי זיך בעוויזען אויף איהר פּלאַץ. איך בין גלייך אַוועק נאָך איהר. ווען זי האָט מיך דערזעהען, האָט זי געוואָלט שרייען, אָבער איך האָב איהר פערשטאָפּט דאָס מויל מיט דער האַנד, און אָהן אַ צו גרויסען ווידערשטאַנד האָב איך זיך גלייך איבערצייגט, אַז אויב זי האָט מיך ניט גענאַרט, איז פרוי יאַדעל ווירקליך זעהר שעהן געבויט.

די דאָזיגע אונטערזוכונג איז מיר זעהר געפעלען געווען, און איך האָב זי גאַנץ גענוי שטודירט. אגב מוז איך בעמערקען, אַז צעזאַרינען איז עס אויך געפעלען געווען.

זי איז געווען אַ רייצענדערביישפּיעל פון דער נאָרמאַנישער ראַסע, קרעפטיג און צאַרט צוגלייך. איהר האָבען אפשר געפעהלט איינינע פיינקייטען, וועלכע וואָלטען הייגריך דעם פּיערטען זעהר געשטערט זי צו ליעבען. איך האָב זי שנעל אויף דעם אויפמערק־זאַם געמאַכט, און אַזוי ווי איך ליעב פּאַרפיום, האָב איך איהר נאָך אין דעם זעלבען אבענד געשענקט אַ פלאַש לאַווענדעל מילך.

אין גיכען זיינען מיר געוואָרען אַזוי אינטים איינער מיט'ן צווייטען, מעהר ווי איך האָב עס געקענט ערוואַרטען. זי איז געווען אַ זעלטענע געליעבטע, נאַטירליך און זעהר אַמוזאַנט. אין פּאַריז וואָלט זי זיכער געוואָרען אַ בעריהמטע קאָקאָטקע.

דאָס גליק, וואָס איך האָב ביי איהר געגאָסען, האָט מיר געגעבען די מעגליכקייט, געדולדיג אויסצואווארטען דעם שלוס פון פרוי יאדעלל'ס בעאָבאכטונגען. איך האָב געקריגען א וואונדער־באַרען כאראקטער, געפעליג, פאָלגזאַם און בערייט זיך צו לאָזען לערנען.

מיין כלה איז, ווי עס שיינט, געווען מיט מיר גאַנץ צופרי־דען, און אָן מאַנכע צייכענס האָב איך געזעהן, אַז זי וועט מיר אין גיכען געבען איהר איינווילליגונג. איך בין געוויס געווען איינער פון די גליקליכסטע מענשען אויף דער וועלט, אין די אָרעמס פון אַ יונגער, שעהנער מיידעל, צו וועלכער איך האָב גע־האַט אַ צונייגונג, האָב איך רוהיג ערוואַרט די געזעצליכע אומ־אָרמונג פון אַ פרוי, וועלכער איך האָב געליעבט.

אָט דאָ, גנעדיגע פרוי, מוז איך אַביסעל אָבטרעטען פון דער ערצעהלונג. מיר קומען צו אַ זעהר שווערען פונקט.

איין מאָל אין אבענד, ווען מיר האָבען זיך אומגעקעהרט פון אַ שפּאַציר־רייט, האָט זיך פרוי דע יאדעלל בעקלאַגט, אַז די שטאַל קנעכט היטען ניט איהרע פערד אזוי ווי זי וויל און אַ פּאָר מאָל האָט זי איבערגע'חזר'ט: — זיי זאָלען זיך בעסער היטען פאַר מיר, זיי זאָלען זיך נעהמען גוט אין אַכט, איך קען זיי בעאָבאַכטען...

יענע נאַכט האָב איך פערבראַכט רוהיג אין בעט און בין אויפ־געשטאַנען פריה אַ פרישער, אַ לעבעדיגער און האָב זיך אָנגעטהאָן.

איך האָב זיך צוגעוועהנט יעדען אין דער פריה צו רויכערען אַ סיגאַרעט אין אַ קליין טהורעם פון שלאָס, אהין האָט ארויפגעפיהרט אַ געדרעהטע טרעפּ מיט אַ הויכען פענסטער אין ערשטען שטאָק.

אָהן גערויש, מיט ווייכע פּאַנטאָפעל אויף די פיס, בין איך ארויפ־געגאַנגען די ערשטע עטליכע טרעפּלאָך, ווען איך האָב דערזעהן צעזאַרינען, וועלכע האָט זיך ארויסגעבויגען פון פענסטער און ארונ־טערגעקוקט אונטען.

איך האָב צעזאַרינען געזעהן ניט אין גאַנצען, נור איין העלפט פון איהר, די אונטערשטע העלפט. איך האָב די דאָזיגע העלפט געהאַט פונקט אזוי ליעב, ווי די אַנדערע, די אויבערשטע. ביי פרוי דע יאדעלל וואָלט איך פילייכט פאָרגעצויגען די אויבערשטע. די

העלפט אָבער, וועלכע האָט זיך בעוויזען פאַר מיינע בליקען רונד, קוים פאַרדעקט מיט א דין ווייס קליידעל, איז געווען רייצענד.

איך האָב זיך צוגערוקט נעהנטער אזוי שטיל, אז דאָס יונגע מיידעל האָט גאָר נישט געהערט, האָב מיט גרויס פּאָרזיכטיגקייט אַנגענומען דאָס קליידעל פאַר די צוויי עקען, זי שנעל פאַרקאַשערט און גלייך דערקענט די פרישע, רונדע ווייכע, דיקע געשטאַלט פון מיין געליעבטער און, איהר וועט מיר ענטשולדיגען, גנעדיגע פרוי, איך האָב איהר אָבגעדריקט א צאַרטען קוש, דעם קוש פון א ליעבּ־האָבער, וועלכער מעג זיך אַלעס ערלויבען.

איך בין גלייך געוואָרען ערשטוינט, עס האָט געשמעקט מיט ווערבענען פאַרפיום. אָבער איך האָב נאָך גאָר קיין צייט ניט געהאַט וועגען דעם נאָכצוטראַכטען, ווי איך האָב געקראָגען א שטויס אין פּנים, אז די נאָז איז מיר שיער נישט צובראָכען געוואָרען. איך האָב דערהערט אזא געשריי, דאָס די האָר האָבען זיך מיר געשטעלט קאַפּויר, די געשטאַלט האָט זיך אומגעדרעהט, עס איז געווען פריי־דע יאַדעלל.

זי האָט געמאַכט מיט די הענד אין דער לופט, ווי א פרוי, וואָס פערליערט דעם פערשטאַנד, האָט א פּאָר סעקונדען שווער געסאָפּעט, ניט געקאָנט אָבכאַפּען דעם אָטהעם, געמאַכט א בעוועגונג ווי מיך צו שלאָגען, און איז פּלוצים אַנטלאָפען.

אין צעהן מינוטען ארום האָט מיר צעזאַרינע, גאַנץ אויסער זיך, געבראַכט א בריעף, און איך האָב געלעזען פאָלגענדעס:

„פרוי דע יאַדעלל האָפט, אז הערר דע בריוועס וועט זי אוי־גענבליקליך בעפרייען פון זיין געגענוואַרט."

איך בין אוועקגעפאָהרען. און איך בין נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט געטרויסט. איך האָב אָנגעווענדעט אַלע מעגליכע מיטלען, אַלע מעגליכע ערקלעהרונגען, אום זי זאָל מיר פערצייהען, אָבער קיין זאַך האָט ניט געהאָלפען.

און ווייסט איהר, זייט יענעם אויגענבליק, שמעקט מיר אַלעס מיט ווערבענען, אזוי דאָס איך האָב אן אונאויפהערליכען פערלאַנג, דעם דאָזיגען גערוך נאָך אמאָל צו געניסען.

# הערר פארענט.

### .1



ער קליינער געארג איז ארומגעקראכען אויף אלע פיער אין דער אלעע און האט געמאכט בערגלעך פון זאמד. ער האט אנגענומען דעם זאמד מיטביידע הענטלעך, האט אויפגעבויט א פיראמידע, דאן האט ער אויפ'ן שפיץ פערפלאנצט א קאסטאניען־בלאט. זיין פאטער איז געזעסען ניט ווייט אויף אן אייזערנעם שטוהל און ניט אראבגענומען פון איהם זיינע צערטליכע אויגען. אין דעם גרויסען עפענטליכען גארטען, וועלכער איז געוועזן פול מענשען, האט ער קיינעם און קיין זאך ניט געזעהן אויסער זיין קינד.

ארום און ארום איבער'ן גאנצען וועג, וואס לויפט ארום דעם פאנטאן, האבען אנדערע קינדער זיך געשפיעלט אויף דעם זעלבען אופן, בעת די קינדער־מיידלעך, מיט א טעמפען אויסדרוק אין פנים, האבען אין דער לופט געקוקט אדער די מוטערס האבען גע־פלוידערט איינע מיט דער אנדערער, הגם זיי האבען די קינדער אויף קיין איין אויגענבליק פון די אויגען ניט געלאזען.

אמ'ען האבען געטראטען פארוויז אהין און צוריק מיט א וויר־דיגער מינע און די לאנגע, פארביגע בענדער פון זייערע הייבלאך האבען געוועהט אין דער לופט הינטער זיי. אין די ארעמס האבען זיי געטראגען עטוואס ווייסעס, אין שפיצען איינגעוויקעלטעס, בעת קליינע מיידלעך אין קורצע קליידלעך, מיט נאקעטע פיסלעך האבען זיך געשפיעלט מיט רייפען און ערנסט גערעדט צווישען זיך. דער גארטען אויפזעהער איז ארומגעלאפען אין זיין גרינעם ראק אין מיטען פון דעם דאזיגען קינדערשען געטומעל און האט אלע ווייל־ע געמוזט אנלייגען וועג אום די זאמד בערגלאך ניט צו צושטערען, אום אויף קליינע הענטלאך ניט ארויפצוקריעכען און די גאנצע טהע־

טיגקייט פון די דאָזיגע רייצענדע, קליינע מענשענקינדער ניט צו פערגיבטען.

די זון איז נור וואָס אונטערגעגאַנגען הינטער די דעכער פון דער רי סיינט לאַזאַר און האָט געוואָרפען איהרע לאַנגע, קרומע שטראַהלען אויף דער דאָזיגער אויסגעפּוצטער, בונטער מאַסע. ווי מיט גאָלד האָט זי בעשאָטען די קאַסטאַניען בוימער, און די דריי פאָנטאַנען פאַר דער קירכע האָבען געגלאַנצט, ווי פליסיגער זיל־בער.

הערר פּארענט האָט בעטראַכט זיין זוהן, וועלכער האָט זיך פאַר איהם אין זאַמד געשפּיעלט. מיט אַ בליק פול ליעבע האָט ער נאָכגעפאָלגט יעדע מינדעסטע בעוועגונג זיינע, און עס האָט גע־שיינט, אַז ער האַלט איהם אין איין קושען פון דער ווייטען מיט זיין פערשפּיצטען מויל.

אָבער ווען ער האָט אַ קוק געטאָן אויפ׳ן זייגער אין קירך־טורעם, האָט ער בעמערקט, אַז ער האָט דאָ שוין פינף מינוט צו לאַנג פער־ווײלט. ער איז גלייך אויפגעשטאַנען, גענומען דאָס קינד פאַר אַ הענטעל, אָבגעטרייסעלט דעם זאַמד פון זיינע קליידלעך, אָבגעווישט איהם די הענט און גענומען געהן מיט איהם צו דער רי בלאַנש. ער האָט זיך געאיילט אום, אַז ער זאָל נישט קומען אהיים שפּעטער פון זיין פרוי. און דאָס קליינע אינגעל, וועלכער האָט ניט געקאָנט מיט איהם מיטהאַלטען, האָט אונטערגעשפּרונגען ביי זיין זייט.

דאָן האָט איהם זיין פאָטער גענומען אויף די הענד און מיט נאָך שנעלערע טריט, אָטהעמענדיג שווער, גענומען געהן ווייטער. ער איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָהר פערציג, שוין גרוי, עטוואָס דיק און מיט אַ בייכעל.

מיט אַ פאָר יאָהר צוריק האָט ער געהייראַט אויס ליעבע מיט אַ יונגער פרוי, וועלכע האָט איהם איצט געהאַלטען אין גאַנצען אונטער איהר פּאַנטאָפעל און איהם שלעכט בעהאַנדעלט. זי האָט איהם אָהן אויפהער געזידעלט פאַר אַלעס, וואָס ער האָט געטהאָן, פאַר אַלעס וואָס ער האָט ניט געטהאָן, האָט איהם מיט ביטערקייט אויפגעוואָרפען די קלענסטע זאַכען, זיינע איינפאַכע פערגניגענס,

זיין געשמאַק, זיין אויסזעהן, זיינע בעוועגונגען, זיין דיקען קערפּער און אפילו דעם זאַנפטען טאָן פון זיין שטימע.

דאָך האָט ער זי נאָך אַלץ געליעבט. אָבער מעהר פון אַלץ אין דער וועלט האָט ער ליעב געהאַט דאָס קינד, וואָס ער האָט מיט איהר געהאַט, זיין געאַרג, וועלכער איז איצט אַלט געוועזן דריי יאָהר. דאָס דאָזיגע קינד איז געוועזן זיין גרעסטער גליק און זיין איינציגער געדאַנק.

ער איז געוועזן אַ קליינער רענטיער, האָט ניט געהאַט קיין שום בעשעפטיגונג און האָט פערלעבט זיינע צוואַנציג טויזענד פראַנק איינקונפט. זיין פרוי, וועלכע האָט איהם קיין נדן ניט געגעבען, איז געוועזן אויסער זיך, פאַר וואָס איהר מאַן טהוט גאָר נישט.

צום סוף האָט ער ערדייכט זיין הויז, האָט אוועקגעזעצט דאָס קינד אויפ'ן ערשטען טרעפּעל, זיך אָבגעווישט דעם שוויים פון שטערען און גענומען ארויפגעהן אויבען.

אין צווייטען שטאָק האָט ער אָנגעקלונגען.

אַן אַלטע דיענסט, וועלכע האָט איהם ערצויגען, איינע פון יענעם בעזונדערען סאָרט דיענסטען, וואָס ווערען די טיראַנען פון דער פאַמיליע, האָט איהם געעפענט.

ער האָט געפרעגט מיט אַנגסט:

— איז די גנעדיגע פרוי שוין אין דער היים?

דאָס מיידעל האָט אַ דריק געטהאָן מיט די אַקסלען:

— זייט ווען האָט עס דער גנעדיגער הערר דערלעבט, אַז די גנעדיגע פרוי זאָל זיין אין דער היים אום האַלב זיעבען אַ זייגער?

ער האָט געענטפערט כמעט פערשעהמט:

— נו, דאַן איז גוט. דאַן האָב איך צייט זיך איבערצוטהאָן, ווייל מיר איז זעהר וואַרעם געוואָרען.

די דיענסט האָט איהם אָנגעקוקט עטוואָס אויפגערעגט מיט פערעכטליכען מיטלייד. זי האָט ארויסגעברומט:

— אָך, דאָס זעה איך שוין אַליין, אַז דער גנעדיגער הערר איז אין גאַנצען נאַס. דער גנעדיגער הערר איז געלאָפען אהיים,

אפשר האָט ער דעם קליינעם אויך נאָך געשלעפּט אויף זיך און דאָס אַלעס נור אום אויף דער גנעדיגער פרוי ביז האַלב אכט צו וואַר־טען. איצט זאָל אָבער קיינער מעהר ניט קומען צו מיר מיט קיין טענות, אז איך זאָל האָבען דעם טיש געגרייט אין צייט! ניין, ניין! פון איצט אָן, דעק איך דעם טיש אום אכט, ווען אפילו די הערשאַפטען זאָלען מוזען וואַרטען. דעם בראַטען לאָז איך מעהר נישט צוברענט ווערען.

הערר פּאַרענט האָט זיך געמאכט ניט הערענדיג און געזאָגט:

— גוט, גוט. געאַרג׳ן מוז מען אָבוואַשען די הענד, ווייל ער האָט זיך געשפּיעלט אין זאמד. איך וועל זיך איבערטהאָן. זאָג נאָר דער שטוב מיידעל, זי זאָל דעם קליינעם גאַנץ ריין מאַכען.

דאַן איז ער אריין אין זיין צימער און אזוי שנעל, ווי ער איז געווען אינעווענייג, האָט ער פערדרוקט דעם ריעגעל, אום צו זיין אַליין, אַליין, גאַנץ אַליין.

ער איז איצט אַזוי געוואָהנט געווען שלעכט בעהאַנדעלט צו ווערען, אז ער האָט זיך נור געפיהלט זיכער הינטער׳ן שלאָס און ריעגעל. ער האָט אפילו ניט געוואגט צו טראַכטען סיידען ער האָט זיך אין זיין פערשלאָסענעם צימער זיכער געפיהלט פון מענשען און זייערע בליקען.

איידער ער האָט אָנגעטהאָן אַנדערע וועש, האָט ער זיך אראָב־געלאָזען אויף א שטוהל און גענומען טראַכטען, אז יוליע איז גע־ווארען א נייע געפאהר פאר זיין הויז. זי האַסט זיין פרוי, דאַס איז גאַנץ קלאָהר, און מעהר פאר אַלעם האַסט זי זיין פריינד פּאָל לימוסין, וועלכער — וואס טרעפט זעלטען — איז געבליעבען דער נעהנטסטער, בעסטער פריינד פון דעם פּאָר פּאָלק, גראַדע אזוי ווי ער איז פריהער געווען דער אונצושיידבארער פריינד פון זיינע בחור׳שע יאָהרען.

לימוסין האָט געדיענט אַלס א מין פערמיטלער צווישען איהם און הענריעטע׳ן און האָט איהם מיט אייפער און ערפאָלג געשיצט געגען אונפערדיענטע פּאָרווירפע, געגען היימישע סצענען, געגען דאָס גאַנצע טעגליכע עלענד פון זיין דאזיין.

אָבער שוין זייט אַ האַלב יאָהר, ווי יוליע ערלויבט זיך אונ־אויפהערליך צו מאַכען בעמערקונגען און שלעכטע אָנצוהערענישען איבער איהר בעל הבית'טע. זי האָט שטענדיג געהאַט עפּעס ווע־גען איהר צו זאָגען און אָפט האָט זי אַ מאָל צוואַנציג דורכ'ן טאָג ווידערהאָלט:

— ווען איך זאָל זיין דער גנעדיגער הערר וואָלט איך זיך ניט געלאָזען אַזוי פיהרען פאַר דער נאָז. אָבער פון מיינעטוועגען... איינער טהוט אַזוי... דער אַנדערער אַנדערש!

אין אַ געוויסען טאָג האָט זי זאָגאַר געוואַגט צו זיין גראָב אַנטקעגען הענריעטע'ן, וועלכע האָט זיך בענוגענט דערמיט וואָס זי האָט אין אבענד געזאָגט צו איהר מאַן:

— איך וויל דיר נור איין זאַך זאָגען: ווען דאָס פּרויענ־צימער וועט נאָך איין מאָל זיין פרעך אַנטקעגען מיר, דאַן יאָג איך זי פון הויז ארויס.

און טראָצדעם האָט אויסגעוויזען, אַז הענריעטע, וועלכע האָט זיך געוועהנליך פאַר קיין זאַך נישט געשראָקען, האָט פאַר דער אַלטער מורא געהאַט. פּאַרענט האָט געדענקט, אַז דער דאָזיגער געפיהל שטאַמט פון אַ געוויסער אַכטונג פאַר דער אַלטער דיענסט, וועלכע האָט איהם ערצויגען און זיין מוטער די אויגען צוגעמאַכט.

אָבער איצט איז עס געוואָרען צופיעל, אַזוי האָט עס שוין לאַנג ניט געקענט געהן ווייטער, און מיט שרעק האָט ער געטראַכט, וואָס דערפון קען ארויסקומען. וואָס זאָל ער טהאָן? יוליען אוועקשיקען, דאָס איז געווען אַזאַ מין שטראָף פון וועלכער ער האָט גאָרנישט געוואָגט צו דענקען; אָבער איהר געבען גערעכט אַנטקעגען זיין פרוי איז געווען גראַדע אַזוי אונמעגליך, און אַזוי ווי ביז אַהער האָט שוין מעהר נישט געקענט געהן לאַנג, הלואי נאָך איין מאָנאַט, און דאַן וועט די לאַגע ווערען אַן אונמעגליכע.

און אַזוי איז ער געזעסען מיט אראָבגעלאָזענע הענד און האָט אומזיסט געזוכט עפּעס אַ מיטעל. ער האָט אָבער גאָרנישט געפונען. דאַן האָט ער ארויסגעברומט פאַר זיך:

— אך, מיין גליק איז, וואס איך האָב געאַרג׳ן! אָהן איהם וואָלט איך געווען צו אונגליקליך!

דאַן איז איהם איינגעפאַלען א געדאַנק צו פרעגען אן עצה ביי זיין פריינד לימאַסין. אויף דעם האָט ער זיך אָבגעשטעלט. אָבער באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אז יענער האָט שטאַרק פיינד די אַלטע דיענסט און ער וועט אודאי הייסען איהר אָבזאָגען. און ווידער האָט ער זיך פערטראַכט פול אַנגסט און אונענטשלאָסענ־הייט.

דער זייגער האָט געשלאָגען זיעבען. ער איז אויפגעשפרונ־גען. זיעבען א זייגער! און ער האָט זיך נאָך ניט איבערגע־טהאָן! שנעל, מיט גרויס האַסט האָט ער זיך אויסגעטהאָן, זיך גע־וואַשען, אָנגעטהאָן א ריינע העמד און דאָס אַלעס אין אַזא איילע־ניש, ווי אימעצער וואָלט אויף איהם געוואַרט מיט עפּעס א זעהר וויכטיגער אַנגעלעגענהייט.

דאַן איז ער אריין אין זאַל און האָט זיך געפיהלט גאַר גרינג אויפ׳ן הארצען אין דער האָפנונג, אז איצט קען איהם שוין ניט טרעפען קיין שום בייזעס.

ער האָט אריינגעקוקט אין דער צייטונג, א קוק געטהאָן אין גאַס ארויס, און זיך דאַן ווידער געזעצט אויפ׳ן זאָפע; דאָ האָט זיך געעפענט א טיר און זיין זוהן איז אריינגעקומען, אַן ארומגעריי־ניגטער, א פערקאַממטער, א לאַכעדיגער. פאַרענט האָט איהם א כאַפּ געטהאָן אין זיינע ארעמס און איהם געגומען ליידענשאַפטליך קושען, א פריהער די האָר, דאַן די אויגען, דאַן די באַקען, דעם מויל און די הענד. ער האָט איהם א הויב געטהאָן אין דער לופט, כמעט ביז צום באַלקען, דערנאָך האָט ער זיך אוועקגעזעצט, א מיעדער פון אַנשטרענגונג, און אוועקגעזעצט געאַרג׳ן צו זיך אויף די קניע רייטענדיג.

דאָס קינד איז געווען גליקליך, האָט געלאַכט, געצאַפּעלט זיך מיט די הענטלעך און געקוואַלען פאַר פערגניגען; און אויך דער פאָטער האָט געלאַכט און געשריען פאַר נחת אזוי, אז זיין דיקער בויך האָט זיך געטרייסעלט; און די געשיכטע האָט איהם גע־

מאכט כמעט נאָך מעהר שפּאס, ווי דעם קינד. ער, אַ שטילער, איבערגעגעבענער, שוואכער, צודריקטער מענש, האָט איהם ליעב געהאט מיט זיין גאַנצען הארצען! זיין ליעבע האָט זיך אָפּט אויסגעדריקט נאריש און שטורעמדיג, אזוי ווי ער וואָלט וועלען אויף דאָס קינד אויסגיסען זיין גאַנצע אונטערדריקטע, פערשעהמט־פערבאָרגענע צערטליכקייט, וועלכע ער האָט אפילו אין גאָר דער ערשטער צייט פון זיין פאמיליען לעבען מיט דער קאַלטער, גלייכ־גילטיגער פרוי ניט געקאָנט ארויסווייזען.

יוליע האָט זיך בעוויזען אויפ׳ן שוועל מיט אַ בלייך פּנים און בליסטשענדיגע אויגען און אָנגעזאָגט מיט אַ, פון פערצווייפ־לונג, ציטערענדער שטימע:

— גנעדיגער הערר, עס איז האַלב אכט.

פּארענט האָט אונרוהיג אַ קוק געטהאָן אויפ׳ן זייגער און ארויסגעמורמעלט:

— יאָ, טאַקע, עס איז האַלב אכט.

— אַלזאָ, מיין עסען איז שוין פערטיג.

אזוי ווי ער האָט געפיהלט, אז עס קומט אָן אַ שטורעם, האָט ער געזוכט זי צו בערוהיגען.

— אָבער האָסטו מיר דען ניט געזאָגט, ווען איך בין אהיים געקומען, אז דו וועסט ערשט אום אכט אוהר דעם טיש דעקען?

— אום אַכט? דאָס גלויבט איהר דאָך אליין אויך נישט. איהר ווילט דאָך נישט דאָס קינד זאָל עסען ערשט אום אַכט. עס רעדט זיך נאָר אזוי, יאָ, עס איז גרינג אזוי צו רעדען. אָבער דעם קינד׳ס מאָגען וועט עס ניט קענען פערטראגען. אכט אַ זייגער עסען! נו, יאָ, פון דער מוטער׳ס וועגען, זי דאגה׳ט זיך אַ סך וועגען דעם קינד. אבער בעסער לאָמיר פון דער מוטער גאָר נישט רעדען. עס איז אַ גוטער קלאָג צו די יאָהרען, אז מען האָט אזאַ מוטער!

פּארענט האָט געציטערט, אָבער ער האָט געפיהלט, אז ער מוז מיט עפּעס אַ שטאַרקען וואָרט אָבשניידען די דראָהענדע סצענע און ער האָט געזאָגט:

— יוליע, איך פּערבאָט דיר צו ריידען אין אַזאַ טאָן פון דיין הערר'ין, הערסטו! און איך בעט דיך דו זאָלסט עס אין דער צו־קונפט ניט פערגעסען.

די אַלטע דיענערין איז אַזוי דערשראָקען געוואָרען, אַז זי האָט זיך אַ דרעה געטהאָן אויף דעם אָבזאַץ און איז ארויסגעלאָפען און דערביי אַזאַ זעץ געטהאָן מיט'ן טיר, אַז אַלע קריסטאַל־גלעקלעך פון היינגלייכטער האָבען גענומען קלינגען. אַ פּאָר מינוטען נאָכ־אַנאַנד האָט עס אויסגעוויזען, ווי אין זאַל וואָלט זיך געטראָגען אַ גאַנץ לייכטער, אונבעשטימטער גלאָקען קלאַנג.

געאָרג איז צוערשט געווען ערשטוינט, דאַן האָט ער גענומען פּאַטשען מיט די הענד פּאַר פערגניגען, אויפגעבלאָזען די באַקען און מיט זיין גאַנצער קראַפט געמאַכט:

— בום! — וועלענדיג נאָכמאַכען דעם זעץ מיט'ן טיר.

דער פאָטער האָט איהם איצט גענומען דערצעהלען געשיכטעס. אָבער אַזוי ווי ער האָט אַלץ געטראַכט פון אַנדערע זאַכען, האָט ער אַלע ווייַלע פערלאָרען דעם פאָדים און דער קליינער, וועלכער האָט די געשיכטע מעהר נישט געקאַנט פערשטעהן, האָט אויסגעגלאָצט אויף איהם זיינע ערשטוינטע אויגען.

פּארענט האָט ניט אַראבגענומען די אויגען פון וואַנדזייגער. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער זעהט, ווי דער ווייזער געהט. ער זאָל קענען וואָלט ער די צייט איינגעהאַלטען ביז זיין פרוי וועט אהיים קומען. ער האָט קיין פּעראיבעל ניט געהאַט אויף הענריעטע'ן פאַרוואָס זי האָט זיך פערשפּעטיגט, אָבער ער האָט מורא געהאַט, מורא געהאַט אי פאר איהר אי פאר יוליע'ן, אי פאר אַלעם, וואס קען דערפון ארויסקומען. נאָך צעהן מינוט — און אַן אונגליק קען טרעפען, ערקלעהרונגען קענען ארויסגערופען ווערען און זאָגאר טהאַטען געשעהן פון וועלכע ער האָט אפילו ניט געוואַגט צו טראַכטען. דער געדאַנק אליין וועגען דעם שטרייט צווישען דיביידע פרויען, וועגען די געשרייען, די זידלערייען, דאָס שטעלען זיך מיט די אויגען, ווען זיי וועלען שטעהן איינע אַנטקעגען דער אַנדערער, האָט געמאַכט שטאַרקער קלאַפּען זיין האַרץ, איהם אין

האלז אויסגעטריקענט, ווי ביי א שפאצירגאנג אין א הייסען טאג אונטער דער זון, האט איהם געמאכט שלאף און ווייך ווי א שמאַטע, אזוי אז ער האט אפילו קיין כח ניט געהאט זיין קינד אויפצוהייבען און רייטענדיג אויף די קניע אוועקצוזעצען.

דער זייגער האט געשלאגען אכט. די טיר האט זיך געעפענט און יוליע איז אריין. זי האט שוין איצט ניט אויסגעזעהן בייז, אבער אויף איהר פנים איז געלעגען אן אויסדרוק פון פערביסענער, קאלטער ענטשלאָסענהייט, וועלכער איז געווען נאך געפעהרליכער.

— גנעדיגער הערר — האט זי געזאגט — איך האב געדיענט אייער מוטער ביז צו איהר טויט. אויף אייך האב איך אויך פון אייער געבורט אן ביז היינטיגען טאג אכטונג געגעבען, אייך בעדיענט און געפלעגט, און איך גלויב, אז איך קען זאגען, איך בין געווען א טרייע דיענערין פון אייער פאמיליע.

זי האט געווארט אויף אן ענטפער.

פארענט האט ארויסגעשטאמעלט:

— נו, יא, מיין גוטע יוליע.

— איהר ווייסט גאנץ גוט, אז איך האב קיינמאל גאר נישט געטהאן צוליעב געלד, זאנדערן נור אויס אינטערעס פאר אייך, אז איך האב אייך קיין מאל ניט בעטראגען און קיין מאל ניט געליינט, אז איך האב אייך קיינמאל ניט געגעבען קיין גרונד מיר צו מאכען וועלכען ניט איז פארוואורף.

— נו, יא, מיין גוטע יוליע.

— אלזא, גנעדיגער הערר, עס קען ווייטער אזוי נישט געהן. ביז אהער האב איך אויס פריינדשאפט פאר אייך גאר נישט געזאגט און האב אייך געלאזען אין אייער בלינדקייט, אין אייער אונוויסענהייט, אבער דאס איז אונמעגליך, מען לאכט דאך פון אייך אין די הויפענס אין גאנצען קווארטאל. איצט קענט איהר טהאן, וואס איהר ווילט, די גאנצע וועלט וויים דערפון און איך מוז עס אייך אויך זאגען, הגם עס איז מיר זעהר אונאנגענעהם צו בעריידען. ווען די גנעדיגע פרוי קומט אהיים ניט אין דער צייט נור ווען זי וויל, איז עס דערפאר ווייל זי לעבט ערגעץ וואו א גוטען טאג.

ער איז געבליעבען שטעהן צושראָקען און ניט פערשטאַנען, וואָס זי רעדט. ער האָט נור געקענט ארויסשטאַמלען:

— וועסטו זיין שטיל, דו ווייסט, אז איך האָב דיר פערבאָטען צו...

אָבער זי האָט איהם מיט פעסטער ענטשלאָסענהייט איבער־געהאקט די רייד:

— ניין גענדיגער הערר, איצט מוז איך אייך אלעס זאָגען: שוין אַ צייט לאַנג, ווי די גנעדיגע פרוי האָט צו טהאָן מיט לימאָו־סין. איך האָב אודאי אמאָל צוואנציג בעמערקט, ווי זיי האָבען זיך געקושט הינטער'ן טיר. יאָ, ווייסט איהר, ווען הערר לימאוסין וואָלט געווען רייך, דאן וואָלט די גנעדיגע פרוי זיכער ניט געהייראט מיט הערר פארענט. זאָל זיך דער גנעדיגער הערר אָקאָרשט דער־מאָנען, ווי אזוי עס איז איבערהויפט צוגעגאנגען מיט דער חתונה און דאַן וועט ער שוין פערשטעהן די גאַנצע געשיכטע.

בלייך ווי קאַלך איז פארענט אויפגעשטאַנען און גענומען שטאַמלען:

— שווייגען זאָלסטו! שווייגען! אָדער...

זי האָט ווייטער גערעדט:

— ניין, איך וועל זאָגען אלעס, אלעס. די גנעדיגע פרוי האָט דעם גנעדיגען הערר געהייראט מיט אַ בעשטימטער אבזיכט. זי האָט איהם בעטראָגען פון דעם ערשטען טאָג אָן. יענע ביידע, זי מיט איהר געליעבטען, האָבען דאָס אזוי אָבגעמאכט צווישען זיך נאָך פריהער, דאָס איז קלאָהר, מען דארף נור אביסעלע נאָכ־טראכטען אום דאָס איינצוזעהן. און ניט געגוג, וואס זי האָט גע־הייראט מיט דעם גנעדיגען הערר, וועלכען זי האָט ניט געליעבט, האָט זי איהם נאָך דעם לעבען אזוי פערביטערט, אזוי פערביטערט, אז מיר איז דאָס הארץ שיער נישט צופלאצט געוואָרען קוקענדיג.

מיט צוזאַמענגעדריקטע פויסטען האָט ער זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף איהר און האָט אויסגערופען:

— שווייג! שווייגען זאָלסטו!

אָבער די אַלטע דיענערין האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט. זי איז קענטיג געווען אויף אַלעס בערייט.

דער קליינער גערעג איז אפריהער געוואָרען ערשטוינט, דער־נאָך דערשראָקען פון די אויפגערעגטע שטימען. צום סוף האָט ער גענומען וויינען אויפ׳ן קול און האָט זיך מיט א צושראָקענעם פנים און אָפענעם מויל הינטער זיין פאָטער בעהאַלטען.

זיין זוהן׳ס געשריי האָט פאַרענט׳ען פערצווייפעלט געמאכט, האָט אין איהם אַרויסגערופען מוט און צאָרן צוגלייך. ער האָט זיך א וואָרף געטהאָן אויף יוליע׳ן מיט אויפגעהויבענע אָרעמס, ווי ער וואָלט זי וועלען שלאָגען, און האָט אויסגערופען.

— דו פערדאָרבענע פרויענצימער, דו ווערסט מיר נאָך דעם קליינעם משוגע מאכען!

ער האָט זי שוין געוואָלט אָנריהרען, ווען זי האָט איהם א שליידער געטהאָן אין פנים:

דער גנעדיגער הערר קען מיך שלאָגען, ווען ער וויל, מיך, וועל־כע האָט איהם אויסגעהאָדעוועט, דאָס וועט אבער ניט ענדערן דעם פאַקט, אז די גנעדיגע פרוי בעטריגט איהם און אז דער קליינער איז ניט זיין קינד.

דאָ איז ער געבליעבען שטעהן, ווי א צוגעשמיעדטער, די אָרעמס זיינען איהם שלאַף אראָבגעפאַלען און ער איז געווען אזוי דער־שראָקען, אז ער האָט שוין מעהר גאָרנישט פערשטאַנען.

זי האָט נאָך צוגעלייגט:

— מען דאַרף נור איין מאָל א קוק טהאָן אויף דעם קליינעם, אום צו וויסען ווער דער פאָטער איז! דאָס קינד איז קאַפּענע העררן לימואַסין, מען דאַרף נור זעהן זיין שטערן און זיינע אויגען! דאָס פיהלט אפילו א בלינדער מיט׳ן שטעקען.

דאָ האָט ער זי א כאַפּ געטהאָן פאַר די אַקסלען און טרייסלענ־דיג זי מיט אַלע קרעפטען, האָט ער גענומען שרייען:

— שלאַנג! שלאַנג! אַרויס, אַלטע גיפטיגע שלאַנג! גלייך אַרויס פון דאַנען, אָדער איך׳ל דיך שלאָגען צום טויט! אַרויס! אַרויס!

און מיט פערצווייפעלטער אָנשטרענגונג האָט ער זי אַרויסגע־שטויסען אין צווייטען צימער. זי איז געפאַלען איבער דעם גע־

גרייטען עסטיש, די גלעזער זיינען אומגעפאַלען און צובראָכען געַ־וואָרען. זי האָט זיך אויפגעהויבען און לויפענדיג ארום טיש, אום ער זאָל שטעהן צווישען איהר און איהר הערר, וועלכער האָט זי פערפאָלגט, האָט זי איהם נאָך א וואָרף געטהאָן אין פּנים די פאָל־גענדע ווערטער:

— דער גנעדיגער הערר דאַרף נור אוועקגעהן היינט ביי־נאַכט נאָכ'ן עסען, און דאַן פּלוצים צוריק אהיים קומען! דאַן וועט דער הערר שוין זעהן! דאַן וועט דער הערר וויסען, צי איך האָב געזאָגט א ליגען צי ניט. זאָל דער גנעדיגער הערר נור איין מאָל פּרובירען, וועט ער דאַן שוין זעהן!

זי איז צוגעקומען צו דער קיך טיר און איז אנטלאָפען, ער נאָך איהר, איבער די הינטערשטע טרעפּ, ביז צו איהר קעמערעל, וואו זי האָט זיך פערשפּאַרט. ער האָט געדונערט פאַר איהר טיר:

— דו זאָלסט גלייך פערלאָזען מיין הויז!

זי האָט געענטפערט הינטערן טיר:

— דער גנעדיגער הערר קען זיין גאַנץ רוהיג, אין א שטונדע ארום בין איך שוין דאָ נישטאָ.

לאַנגזאַם, אָנהאַלטענדיג זיך אָן פאַרענץ, אום נישט צו פאַ־לען, איז ער אראָב אין זאַל, וואו געאָרג איז געזעסען אויף דר'ערד און געוויינט.

פּאַרענט האָט זיך אראָפּגעלאָזען אויף א שטוהל און מיט צו־מישטע אויגען דאָס קינד אָנגעקוקט. ער האָט ניט געוואוסט וואו ער איז אין דער וועלט, אלעס האָט זיך ארום איהם געדרעהט, ווי ער וואָלט משוגע געוואָרען, אָדער ער וואָלט געקראָגען א שטאַרקען זעץ אין קאָפּ. די אלע מורא'דיגע זאכען, וואס די דיענערין האָט איהם נור וואס געזאָגט האָבען זיך איהם ניט געקענט אריין אין מח.

צום סוף האָט זיך זיין קאָפּ ביסלעכווייז בערוהיגט, זיינע גע־דאַנקען זיינען קלאָהרער געוואָרען, און די פורכטבאַרע ענטדעקונג האָט גענומען ווירקען אויף זיין הארצען.

יוליע האָט גערעדט אזוי אָפען, אזוי איבערצייגט, מיט אזא

בעשטימטקייט, אַז ער האָט ניט געצווייפעלט, דאָס זי האָט געזאָגט דעם אמת. אָבער ער האָט נאָך אַלץ געדענקט, אַז זי האָט געקאָנט האָבען אַ טעות, האָט געקאָנט צוליעב דער צוגעבונדענקייט צו איהם זעהן פאַלש, זיין פערבלענדעט, דער האס צו הענריעטע׳ן האָט זי געקאָנט פערפיהרען. אָבער ווען ער האָט פּרובירט זיך בערוהי־גען, האָט ער זיך דערמאָנט אָן טויזענד קליינינקייטען: זיין פּרוי׳ס ווערטער, לימאוסין׳ס בליקען, אַ גאַנצע מאַסע פון גלייכגילטיגע, אונוויכטיגע זאַכען, אויף וועלכע ער האָט פריהער קיין שום אויפ־מערקזאַמקייט ניט געשענקט. אַ שפּעטער שפּאַציערגאַנג, די אַב־וועזענהייט פון זיי ביידען אין איין צייט, אפילו די אונבעדיי־טענדסטע בעוועגונגען זייערע, אין וועלכע ער האָט פריהער גאָר נישט געזעהן, זיינען איהם איצט איינגעפאַלען און אַ בעזונדערע בעדייטונג געקראָגען. ער איז געקומען צום שלוס, אַז צווישען זיי ביידע האָט געמוזט עקזיסטירען אַ געוויסע אָבמאַכעניש, אַן איינ־פערשטענדניס. ער האָט זיך פּלוצים דערמאָנט אָן אַלעס, אַלעס, וואָס איז זייט זיין פערלאָבונג געשעהן. אַלעס איז איהם ווידער אויף די געדאַנקען געקומען און זיין אָרימער, אויסגעמאַטערטער און פערצווייפעלטער פערשטאַנד האָט שוין איצט אַלעס, אפילו דאָס אין וואָס מען האָט נאָך אפשר געקאָנט צווייפלען, אָנגענומען פאַר געוויסהייט.

ער איז דורכגעלאָפען אין די געדאַנקען די פינף יאהר פון זיין פערהייראַטען לעבען, האָט זיך אָנגעטשעפּעט אָן יעדע קליינינקייט, האָט געזוכט מאָנאַט נאָך מאָנאַט, טאָג נאָך טאָג, אַלעס ווידער צו דערמאָנען זיך, וואָס זאָל זיין צווייפעל קענען בעשטעטיגען, און די אַלע טויזענד קליינינקייטען, אָן וועלכע ער האָט זיך דער־מאָנט, האָבען זיין הארץ ווי מיט אַ מעסער געשניטען.

וועגען געאָרג׳ן האָט ער שוין מעהר ניט געטראַכט. דאָס קינד איז איצט געזעסען שטיל אויפ׳ן טעפּיך. אָבער אַזוי ווי קיינער האָט זיך מיט איהם ניט פערנומען, האָט ער ווידער אָנגעהוי־בען צו וויינען.

דער פאָטער איז צוגעגאַנגען צו דעם אינגעל, איהם גענומען

אויף די הענד און בעדעקט איהם מיט קושען. זיין קינד איז איהם געבליעבען! און ווייטער אַרט איהם ניט, אלעס אנדערע איז איהם גלייכגילטיג. ער האָט עס געהאַלטען אין זיינע אָרעמס, געדריקט עס צו זיך, געפּרעסט דעם מויל אויף זיינע בלאָנדע האָר און האָט געשטאַמעלט ערלייכטערט און געטרייסט:

— געאָרג, מיין קליינער געאָרג! מיין ליעבער, קליינער גע־אָרג!

אָבער פּלוצים האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם, וואס יוליע האָט געזאָגט: זי האָט דאָך פערזיכערט, אז דער אינגעל איז לי־מאוסין׳ס קינד. אָבער דאָס איז אונמעגליך. ניין, דאָס קאָן ער ניט גלויבען, ניט אפילו איין אויגענבליק, דאָס איז געווען איינע פון יענע נידערטרעכטיגקייטען, אויף וועלכע עס זיינען פעהיג בלויז די שקלאַפּישע נשמות. און ער האָט ווידערהאָלט:

— געאָרג, מיין ליעבער געאָרג!

דער קליינער האָט געשוויגען, ווען מען האָט איהם געלאָס־טשעט.

פּאַרענט האָט דורך די קליידער געפיהלט די וואַרימקייט פון דעם קליינעם קערפּער. און דאָס האָט איהם אָנגעפילט מיט ליע־בע, מוט און פרייד. די זיסע וואַרימקייט פונ׳ם קינד האָט זיך איהם אין דער נשמה איינגעשמייכעלט, האָט איהם געגעבען קראַפט און איהם ווידער אויפגעהויבען.

און ער האָט אָבגעבויגען דאָס קליין קעפּעלע אביסעל פון זיך, אום עס פול מיט ליעבע צו בעטראַכטען. ער האָט געקוקט אויפ׳ן אינגעל מיט לייכטענדע אויגען, האָט זיך אין גאנצען פערלאָרען אין זיין אנבליק, בעת ער האָט געהאַלטען אין איין ווידערהאָלען:

— אַך, מיין קליינער, מיין קליינער געאָרג!

פּלוצים האָט ער אַ טראַכט געטהאָן:

— און טאָמער איז ער טאַקע עהנליך צו לימאוסין?

און דערביי האָט איהם אין הארצען עטוואס מורא׳דיג אַ צופּ געטהאָן, אַ שניידענדע קעלט איז איהם איבער׳ן לייב אַרי־בער ווי זיינע ביינער וואָלטען פּלוצים שטיקער אייז געוואָרען.

— אַה, ווען ער איז עהנליך צו לימאוסין!

און ער האָט גענומען קוקען אויף געאָרג'ן, וועלכער האָט איצט געלאַכט צושראָקען. שטאַרק האָט ער געקוקט איהם אין די אויגען, און האָט געזוכט אין זיין שטערן, אין דער נאָז, אין מויל, אין די באַקען, טאָמער וועט ער געפינען עטוואָס פון דעם שטערן, פון דער נאָז, דעם מויל און די באַקען פון לימאוס'ן.

די געדאַנקען האָבען זיך ביי איהם גענומען מישען, פּלאָנ־טערען, ווי ביי אַ משוגענעם, און אונטער זיין שאַרפען בליק, ווי עס האָט איהם אויסגעוויזען, האָט דאָס פּנים פון'ם קינד זיך גענומען ענדערען, און האָט אָנגענומען אַ זעלטזאַמע געשטאַלט און מערקווירדיגע עהנליכקייט.

יוליע האָט צו איהם געזאָגט: „דאָס פיהלט דער בלינדער מיט'ן שטעקען". עס האָט אַלזאָ געמוזט זיין אַן עהנליכקייט, וועלכע מען האָט ניט געקאָנט אָבלייקענען. אָבער וואו? דער שטערן? יאָ, אפשר? און דאָך האָט לימאוסין געהאַט אַ שמאָ־לער'ן שטערן. דאַן אַלזאָ דער מויל? אָבער לימאוסין האָט געטראָגען אַ באָרד. הייגט ווי אַזוי זאָל מען צווישען דער רונדער מאָרדע פון'ם קינד און דער בעוואַקסענער פון'ם מאַן געפינען אַן עהנליכקייט?

פּארענט האָט געטראַכט:

איך קאָן עס ניט דערקענען, קאָן עס איצט מעהר נישט דער־קענען. איך בין צו אויפגערעגט. איצט איז מיר איבערהויפּט ניט מעגליך, עטוואָס אַזוינס פעסטצושטעלען. איך מוז וואַרטען. איך וועל איהם אַקאָרשט מאָרגען אין דער פריה ווידער גוט אָנ־קוקען.

דאַן האָט ער די זאַך איבערלייגט:

— אָבער אויב ער איז עהנליך צו מיר? דאַן בין איך דאָך אַ גערעטעוועטער! יאָ, אַ גערעטעוועטער!

און מיט אַ פּאָאר גרויסע טריט האָט ער דורכגעשפּרייזט דעם זאַל, אום אין שפּיעגעל דעם קינד'ס שטריכען מיט זיינע צו פערגלייכען.

ער האָט געהאַלטען געאַרג'ן אויף די הענד, אַזוי אַז זייערע באַקען האָבען זיך געפונען איינס נעבען דאָס אַנדערע, און פאַר גרויס אויפרעגונג האָט ער גערעדט אין דער הויך:

— יאַ... מיר האָבען דיזעלבע נאַז... דיזעלבע נאַז... אפשר... זיכער איז עס נישט.. און דעמזעלבען בליק, אָבער ניין.. ער האָט דאָך בלויע אויגען.. יאָ, דאָן.. דאָן.. אָה, מיין גאָט, מיין גאָט.. איך ווער משוגע.. איך קען מעהר נישט זעהן.. איך בין פעררירקט.

ער איז אַנטלאָפען פון שפּיגעל ביז אין אַנדערען עק זאַאַל, האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף אַ שטוהל, אַוועקגעזעצט דעם קליינעם אויף אַן אַנדערען דערביי, און האָט אָנגעהויבען וויינען. ער האָט געשלוכצט הויך אויפ'ן קול, און געאַרג האָט זיך אַזוי דערשראָקען, זעהענדיג ווי זיין פאָטער וויינט, אַז ער האָט פּלוצים אויך אָנגעהויבען צו רעווען.

דאָ האָט זיך דערהערט אַ קלונג פון דער הויז־טיר. פּאַרענט איז אויפגעשפּרונגען, ווי אַ קויל וואָלט איהם טרעפען, און ער האָט צו זיך אַליין געזאָגט:

— דאָס איז זי. וואָס זאָל איך איצט טהאָן?

און ער איז געלאָפען אין זיין צימער, אום צו געווינען צייט, און זיך וועניגסטענס די אויגען אויסווישען. אָבער אין אַ מינוט אַרום האָט ער זיך אין גאַנצען אַ טרייסעל געטהאָן: דער גלאָק האָט ווידער געקלונגען. דאָן האָט ער זיך דערמאָנט, אַז יוליע איז אַוועק און דאָס שטוב־מיידעל ווייס דערפון גאָרנישט. דערפאַר עפענט קיינער ניט די טיר. וואָס זאָל ער טהאָן? ער איז אַוועק עפענען.

און פּלוצים האָט ער זיך דערפיהלט מוטיג, אויף אַלעם ענטשלאָסען, צום קאַמפף בערייט. די מורא'דיגע ענטדעקונג האָט איהם אין אייניגע קורצע אויגענבליקען רייפער, שטאַרקער געמאַכט. און דערצו האָט ער איצט געוואָלט אַלעם וויסען, אַלעס, אַלעס.

און דאָך האָט ער געציטערט דערפאַר. איז עס געווען מורא? יאָ, אפשר האָט ער פאַר איהר נאָך מורא געהאַט. דער מוט בעשטעהט דאָך אַזוי אָפט פון פייגהייט, וואָס איז אַרויסגעבראַכט

געוואָרען פון זיך. הינטער דער טיר, צו וועלכער ער איז געלאָפען מיט שנעלע טריט, איז ער געבליבען שטעהן, אום צו איינהערען זיך. זיין הארץ האָט געקלאַפּט שטארק. ער האָט גאָר נישט גע־הערט, אויסער דאָס שטארקע, דומפּפּע קלאַפּען אין זיין ברוסט און געאָרג׳ס שניידענדע שטימע, וועלכער האָט נים אויפגעהערט צו שרייען אין זאאַל.

פּלוצים האָט ער אַ ציטער געטהאָן אונטער דעם קלאַנג פון גלאָק, וועלכער האָט ווידער געגומען קלינגען איבער זיין קאָפּ. דאַן האָט ער גענומען די קליאַמקע אין האנד און אָהן אָטהעם, מיט וואַנקענדע קניע, האָט ער די טיר אויפגעמאכט.

זיין פרוי און לימאוסין זיינען געשטאַנען פאַר איהם אויף די טרעפּ.

זי האָט געזאָגט מיט אַן ערשטוינטער מינע, פון וועלכער עס האָט זיך געפיהלט אַ געוויסע אויפרעגונג:

— דו מאַכסט גאָר איצט אויף? וואו איז דען יוליע?

אין האַלז האָט איהם געוואָרגען. ער האָט געאָטהעמט שנע־לער און זיך געמאַטערט צו ענטפערען, האָט אָבער ניט געקענט ארויסברייינגען קיין וואָרט.

זי האָט ווידער אָנגעהויבען:

— ביזטו דען שטום געוואָרען? איך האָב געפרעגט, וואו איז יוליע?

ער האָט געשטאַמעלט:

— זי איז — זי איז אוועק.

זיין פרוי האָט גענומען ווערען צורייצט:

— וואָס הייסט, אוועק? וואוהין? צו־וואָס?

ביסלעכווייז האָט ער געוואונען צוריק זיין געלאַסענקייט און איצט האָט זיך אין איהם ערוועקט אַ בייזער האַס צו דער דאָזיגער אונפערשעהמטער פרוי, וואָס איז דאָ געשטאַנען פאַר איהם:

— יא, זי איז אוועק, אין גאַנצען אוועק, איך האָב זי אוועק־געשיקט.

— דו האָסט זי אַוועקגעשיקט? יוליע'ן? דו ביזט הפּנים משוגע געוואָרען!

— יאָ, איך האָב זי אַוועקגעשיקט, ווייל זי איז געווען אונ־פערשעמט און ווייל זי... ווייל זי האָט דאָס קינד שלעכט בע־האַנדעלט.

— יוליע?

— יאָ, יוליע.

— ווי איז דאָס מעגליך, אַז יוליע זאָל זיין אונפערשעהמט?

— זעהסטו דאָך, זי איז געווען אונפערשעהמט אַנטקעגען דיר!

— אַנטקעגען מיר?

— יאָ, ווייל איהר מיטאָג איז פערברענט געוואָרען און דו ביזט ניט אַהיים געקומען אין צייט. זי האָט געזאָגט... זי האָט געזאָגט זאַכען, וועלכע מאַכען דיר ניט קיין כבוד און וועלכע איך האָב ניט געדאַרפט הערען, ניט געקאָנט הערען.

— וואָס פאַר זאַכען?

— דאָס דאַרף איך ניט ווידערהאָלען.

— איך וויל עס וויסען!

— זי האָט געזאָגט, אַז עס איז אַן אונגליק פאַר אַזא מאַן, ווי איך, צו האָבען געהייראַט מיט אַזא פרוי, ווי דו! א פרוי, וועלכע איז אונפּינקטליך, אונאָרדענטליך, קימערט זיך וועגען קיין זאַך ניט, אויך ניט אום די ווירטשאַפט, און וועלכע איז א שלעכטע מוטער און א שלעכטע ווייב דערצו.

די יונגע פרוי איז אַריין אין פּאַרזאַל און לימאוסין, וועל־כער האָט ניט גערעדט קיין וואָרט, איז איהר נאָכגעגאַנגען. זי האָט שנעל צוגעמאַכט די טיר, האָט א וואָרף געטהאָן איהר מאַנטעל אויף א שטוהל און זיך א וואָרף געטהאָן צו איהר מאַן שטאַמ־לענדיג:

— דו זאָגסט... דו זאָגסט, אַז איך...

ער איז געווען זעהר בלייך, זעהר רוהיג און האָט געענטפערט:

— ליעבע פריינדין, איך זאָג גאָרנישט, איך ווידערהאָל דיר

נאָר, וואָס יוליע האָט געזאָגט, און דאָס האָסטו געוואָלט הערען. איך וויל נאָר נאָך בעמערקען, אז איך האָב זי פאר די דאָזיגע רייד ארויסגעטריבען.

עס האָט זי א צופ געטהאָן אין די פינגער איהם אויסצורייסען די באָרד, זיך איינעסען מיט איהרע נעגעל איהם אין פנים אריין. אין זיין טאָן, אין זיין שטימע, אין זיין בענעהמען זיך, האָט זי געפיהלט דעם צאָרן, וואָס האָט אין איהם געברענט, אָבער זי האָט גאָרנישט געקענט ענטפערען. זי האָט געזוכט עפּעס א בע־ליידיגענד וואָרט, פארוואָס זי זאָל זיך קענען צו איהם צוטשעפּען.

— האָסטו שוין געגעסען? — האָט זי געפרעגט.

— ניין, איך האָב געוואַרט אויף דיר.

זי האָט אונגעדולדיג א דריק געטהאָן מיט די אַקסלען:

— דאָס איז אָבער אַ גרויסע דומהייט צו וואַרטען אויף מיר ביז נאָך האַלב אכט. דו האָסט דאָך געקענט פערשטעהן, אז עט־וואָס האָט מיך פערהאַלטען, אז איך האָב עפּעס צו בעזאָרגען, גע־שעפטען.

און פּלוצים האָט זי געקריגען אַ בעדערפעניש צו ערקלעהרען, ווי אזוי זי האָט די צייט פערבראַכט. און זי האָט אַנגעהויבען מיט קורצע ווערטער, קוקענדיג אויף איהר מאַן פון אויבען אַראָב, צו דערצעהלען, אַז זי האָט געזוכט מעבעל זעהר ווייט, זעהר ווייט אין דער רי דע רען, און דאָרט האָט זי אַרום זיעבען אַ זייגער צופעליג געטראָפען לימאוסינ׳ען. זי האָט שוין געזאָלט געהן אַהיים ווען זי האָט איהם בעגעגענט אויפ׳ן בולוואַר סען־זשערמען און האָט איהם געבעטען, ער זאָל זי בעגלייטען אין אַ רעסטאָראַן, אום עפּעס אַ ביס צו טהאָן. ווייל זי וואָלט זיך ניט געטרויט אַליין אַריינצוגעהן, הגם זי איז שיער ניט געפאַלען פון הונגער. און אַזוי איז דאָס געקומען, וואָס זי האָט מיט לימאוסין צוזאַמען געגעסען, אויב מען קאָן דאָס איבערהויפּט אָנרופען עסען, דען זי האָט אין איהר מויל ניט געהאַט מעהר ווי אַ טאַסע טהעע און אַ האַלבע הוהן, אַזוי האָבען זיי זיך געאיילט אַהיים צו קומען.

פארענט האָט געענטפערט גאַנץ רוהיג:

— זעהר שעהן, זעהר שעהן, איך מאך דיר דאך ניט קיין פארוואורף.

דאן איז לימאוסין, וועלכער איז ביז אהער געשטאנען האלב הינטער העגריעטא'ן פערשטעקט און זיך שטום צוגעהערט, צו זיין פריינד צוגעגאנגען, איהם א דריק געטהאן די האנד און געזאגט:

— ווי געהט עס?

פארענט האט גענומען די אויסגעשטרעקטע האנד און זי לייכט א דריק געטהאן:

אבער די יונגע פרוי האט געכאפט א ווארט אין איהר מאן'ס לעצטען זאץ און זי האט זיך דערפאר אנגעכאפט:

— א פארוואורף? ווי קומסטו דערצו, צו ריידען פון פאר־וואורף? עס שיינט, אז דו האסט עפעס א געוויסע אבזיכט דער־ביי.

ער האט זיך ענטשולדיגט:

— אך, ניין. איך האב דיר בלויז געוואלט ענטפערען, אז איך האב זיך איבער דיין פערשפעטיגונג ניט בעאונרוהיגט און מאך דיר דערפאר קיין פארוואורף נישט.

זי האט איהם אנגעקוקט פון אויבען ביז אראב און געזוכט א גרונד אנצוהויבען א שטרייט:

— איבער מיין פערשפעטיגונג? עס קלינגט אזוי, ווי עס וואלט שוין זיין פארטאג און איך וואלט גאנצע נעכט אין דער היים נישט געוועזן.

— אבער ניין, ליעבע פריינדין, איך האב געזאגט פערשפע־טיגונג, ווייל איך האב ניט געהאט קיין אנדער ווארט דערפאר. — דו האסט געזאלט קומען אהיים אום האלב זיעבען און קומסט אום האלב ניין. דאס רוף איך פערשפעטיגונג. איך פערשטעה גאנץ גוט, אז מען האט דיך פערהאלטען און בין ניט ערשטוינט דער־פון, אבער איך האב ניט געוואוסט וואס פאר אן אנדער ווארט איך זאל געברויכען.

— דו קעהרסט זיך אזוי אוים, ווי איך וואלט גענעכטיגט אין דרויסען.

— אָה, ניין, דורכאויס ניט!

זי האָט איינגעזעהן, אז ער וועט אימער נאָכגעבען און האָט שוין געוואָלט געהן אין איהר צימער, ווען זי האָט דערהערט דעם אינגעל, וועלכער האָט נאָך אימער גערעוועט. גערירט האָט זי געפרעגט:

— וואס איז מיט'ן קינד?

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אז יוליא האָט איהם שלעכט בעהאנדעלט.

— וואס האָט איהם דען די אונפערשעהמטע פּערזאָן געטהאָן?

— זי האָט איהם א שטויס געטהאָן און ער איז געפאלען.

זי האָט געוואָלט זעהן איהר קינד און איז אריין אין עס־צימער; ווי א צוגעשמיעדטע איז זי געבליבען שטעהן פאר'ן טיש, אויף וועלכען דער וויין איז געווען צוגאָסען און אָרום און אָרום זיינען געלעגען צובראָכענע פלעשער, גלעזער און אומגעוואָרפענע זאלץ־פעסלאַך.

— וואס איז דאָס פאר א פערוויסטונג?

— יוליע האָט...

אָבער זי האָט איהם צורייצט איבערגעהאקט די רייד:

— דאָס איז שוין אָבער ווירקליך צופיעל. יוליע בעהאנדעלט מיך, ווי איך וואלט געווען אן אונעהרליכע פרוי, שלאָגט מיין קינד, צובּרעכט מיינע זאכען, קעהרט מיין גאנצע הויז איבער קאפויר, און דו, ווי עס שיינט, געפינסט עס פאר גאנץ נאַטירליך.

— עס הויבט זיך גאָר ניט אָן, איך האָב זי דאָך אָוועקגע־שיקט.

— ווירקליך, האָסט זי אוועקגעשיקט? ארעסטירען האָט מען זי בעדארפט; דו האָסט געדארפט רופען א פּאָליסמאן.

ער האָט געשמייכעלט:

— אָבער ליעבע פריינדין, איך האָב דאָך ניט געקענט עטוואס אזוינס טהאָן... עס איז דאָך גאָר קיין גרונד דערצו ניט געווען; דאָס וואלט ווירקליך זעהר שווער געווען.

מיט גרוים פּעראַכטונג האָט זי אַ דריק געטהאָן מיט די פּלייצעס:

— ווייסטו, פון דיר וועט שוין קיינמאָל ניט אַרויסקומען קיין זאַך, אויסער אַן אַלטער וואַשלאַפּען, אַן עלענדער טויגעניכטס, אַן אָרימער, אָרימער יונג אָהן אַ ווילען און אָהן ענערגיע. דיין יוליע האָט דיר שוין געמוזט געבען צו הערען שעהנע זאַכען, אַז דו האָסט זיך ווירקליך ענטשלאָסען זי אַרויסצויאָגען. איך וואָלט זיך געוואָלט בלויז איין מינוט צוהערען, בלויז איין מינוט.

זי האָט געעפענט די טיר פון זאַל און איז צוגעלאָפען צו געאָרג'ן, איהם אויפגעהויבען, אַריינגעכאַפּט אין איהרע אָרעמס און איהם געקושט מיט די ווערטער:

— מיין געאָרג'ל, וואַס איז דיר, מיין אָרים קינדעלע, מיין קליין פייגעלע, מיין גוטער, קליינער אינגעלע?

אַזוי ווי די מוטער האָט איהם געלאַסטשעט איז ער אַנשוויגען געוואָרען, און זי האָט ווידערהאָלט:

— וואָס פעהלט דיר דען?

אין זיין קינדערשער אַנגסט, ניט וויסענדיג וואָס אַזוינס איז אייגענטליך געשעהן, האָט ער געענטפערט:

— יוליאַ האָט דעם פּאַפּאַ געשלאָגען.

הענריעטע האָט זיך אין אָנהויב אַ קעהר געטהאָן אַ צושראָקענע צו איהר מאַן, דאַן האָט זיך אין איהר בליק בעוויזען אַ משוגענער פערלאַנג צו לאַכען, ווי אַ הויך איז איבער איהרע צאַרטע באַקען אַריבער, איהרע ליפּען פערקרימט און מיט אַמאָל האָט פון איהר מויל אַ שאַם געטהאָן אַ גאַנצער וואַסערפאַל פון הייטערקייט, אַ הויבער געלעכטער, ווי דאָס סוויסטשען פון אַ פויגעל, און זי האָט געענטפערט מיט בייזע, קורצע אויסרופען, וועלכע זיינען פון צווישען איהרע ווייסע צייהן אַרויס און איהר מאַן ווי מיט מעסער געשניטען.

— אַך אַזוי!... אַך אַזוי!... זי האָט... האָט דיך גע... געשלאָגען האָט זי דיך... ניין, ווירקליך!... דאָס איז צו קאָמיש... הערט נור, לימאוסין, יוליע האָט איהם געשלאָגען... געשלאָגען...

יוליע האָט מיין מאַן געשלאָגען... נו, נו! דאָס איז ווירקליך קאָמיש.
פּארענט האָט געשטאַמעלט:

— אָבער הער דאָך אויס, דאָס איז ניט אמת, דאָס איז ניט אמת! פערקעהרט, איך האָב זי אַרויסגעשמיסען אין עס צימער, אַזוי שטארק, אַז זי האָט דעם טיש אומגעוואָרפען. דאָס קינד האָט ניט ריכטיג געזעהן. איך האָב זי געשלאָגען ניט זי מיר.

העגריעטע האָט זיך געווענדעט צו איהר זוהן:

— זאָג, מיין קליין אינגעלע, זאָג נאָך אַמאָל, האָט יוליע געשלאָגען דעם פּאפּע?

ער האָט געענטפערט:

— יאָ, יוליע.

דאַן איז איהר פּלוצים אַן אַנדער געדאַנק אין קאָפּ אריין און זי האָט געזאָגט:

— אָבער דו האָסט דאָך נאָך גאָר נישט געקראָגען צו עסען. האָסטו שוין עפּעס געגעסען, מיין ליעבלינג?

— ניין, מאַמא.

דאַן האָט זי זיך בייז אַ קעהר געטהאָן צו איהר מאַן:

— דו ביזט הפּנים משוגע געוואָרען? אין גאַנצען משוגע ביזטו געוואָרען. עס איז האַלב ניין אַ זייגער און געאָרג האָט נאָך גאָר נישט געגעסען!

ער האָט זיך ענטשולדיגט.

— אָבער ליעבע פריינדין, מיר האָבען דאָך געוואַרט אויף דיר, איך האָב אָהן דיר ניט געוואָלט עסען. אַזוי ווי דו פערשפּעטיגסט זיך יעדען טאָג, האָב איך געדענקט אַז אָט־אָט קומסטו אָן.

זי האָט אַ וואָרף געטהאָן איהר הוט, וועלכען זי האָט ביז אַהער נאָך געטראָגען אויף'ן קאָפּ, אויף אַ שטול און האָט אויסגערופען מיט אַ נערוועזער, ציטערנדער שטימע:

— אַזוי? דאָס איז אָבער נאָך ניט געהערט געוואָרען, עס איז אַ מאכל צו האָבען צו טהאָן מיט מענשען, וועלכע פערשטעהען גאָר נישט, האָבען פון קיין זאַך קיין בעגריף, קיין אהנונג. און ווען איך זאָל האָבען געקומען אהיים נאָך האַלבע נאַכט, וואָלט דאָס

קינד גאָר געדאַרפט שטאַרבען פון הונגער! אליין קענסטו ניט פערשטעהען, אז ווען עס איז האַלב זיעבען און איך בין נאָך ניט געקומען אהיים איז א סמן, אז איך בין מסתמא פערהאַלטען געוואָרען — אז איך האָב עפּעס צו בעזאָרגען.

פּאַרענט האָט גענומען ציטערען. ער האָט געפיהלט, ווי דער צאָרן בעהערשט איהם. אבער דאָ האָט זיך לימאוסין אריינגעמישט און זיך געווענדעט צו דער יונגער פרוי:

— ליעבע פריינדין, איצט זייט איהר אונגערעכט. פּאַרענט האָט דאָך ניט געקאָנט טרעפען, אז איהר וועט קומען אזוי שפּעט, ווייל עס האָט דאָך ביז אהער נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט, און וואָס האָט ער אליין געקאָנט טהאָן, נאָכדעם ווי ער האָט יוליע׳ן אוועקגעשיקט?

אָבער הענריעטע האָט געענטפערט גאַנץ פערצווייפעלט:

— ער וועט זיך מוזען אליין אַן עצה געבען, ווארים איך העלף איהם ניט. זאָל ער זעהן, ווי ער קען זיך אליין העלפען.

און זי איז שנעל אוועק אין איהר צימער און שוין אין גאַנצען פערגעסען, אז דאָס קינד האָט נאָך גאָר נישט געגעסען.

דאַן האָט לימאוסין זיך פּלוצים א נעהם געטהאָן זיין פריינד צו העלפען. ער האָט צוזאמענגענומען די צובראכענע כלים, וואָס זיינען געלעגען אויפ׳ן טיש, האָט איבער א נייעם אַלעס געגרייט, האָט אוועקגעזעצט דאָס קינד אין זיין הויכען שטול, בעת פּאַרענט האָט גערופען דאָס שטוב מיידעל און איהר געהייסען ברייננגען דאָס עסען.

זי איז אריינגעקומען אַן ערשטוינטע. זי איז געזעסען און געאַרבייט אין געאָרג׳ס צימער און האָט דאָרט קיין זאַך ניט געהערט.

זי האָט באַלד געבראַכט די זופּ, פערברענטע קאָטלעטען און צוריבענע קאַרטאָפעל. פּאַרענט האָט זיך אין פערשטיקטער פערצווייפלונג נעבען זיין קינד געזעצט. ער האָט דעם קליינעם געגעבען עסען, אליין אויך געפּרובט עפּעס עסען, האָט זיך צושניטען א שטיקעל פלייש אין קליינע שטיקעלעך, האָט זיי לאַנג געקייט און

מיט גרויס מיה אראבגעשלונגען, ווי די האלז וואָלט איהם געלעהמט געוועזן.

און ביסלעכווייז איז אין זיין נשמה א וואונש רייף געוואָרען, א שטארקער, א ברענענדיגער וואונש, אָנצוקוקען לימאוסין'ען, וועלכער איז אנטקעגען איהם געזעסען און ברויט־קוגעלאך געמאכט, אום צו פערגלייכען, אויב ער איז עהנליך צו געאָרג'ן. אָבער ער האָט ניט געוואגט אויפצוהויבען די אויגען האָט ער זיך געצוואונגען דערצו און פער'גנב'עט בעטראכט דאָס דאָזיגע פנים, וואָס ער האָט אזוי גוט און אזוי לאנג געקאָנט. און עס האָט זיך איהם אויסגע־וויזען, ווי ער וואָלט עס קיין מאָל פריהער ניט געזעהען, אזוי פערשיעדען איז עס געוועזן פון זיין פאָרשטעלונג. יעדע מינוט האָט ער געוואָרפען א האסטיגען בליק אין זיין פריינד'ס פנים און געזוכט אין זיינע שטריכען די עהנליכקייט. דאן האָט ער אָנגעקוקט זיין זוהן און ווידער פערגליכען און דערביי האָט ער אימער גע־מאכט אן אָנשטעל, אז ער עסט.

צוויי ווערטער האָבען איהם אין די אויערען געקלונגען: „זיין פאָטער!". די דאָזיגע ווערטער האָבען איהם געקלאפט אין די שלייפען ביי יעדען אָטהעם־צוג. יאָ, דער דאָזיגער מאן דאָרט, דער דאָזיגער רוהיגער מאן, וועלכער איז געזעסען אויף דעם אנ־דער'ן זייט טיש, איז, קען זיין, געוועזן דער פאָטער פון זיין זוהן, דער פאָטער פון דעם קליינעם געאָרג. פארענט האָט אויפגעהערט צו עסען, ער האָט שוין מעהר נישט געקאָנט. א מורא'דיגער וועה־טאָג, איינער פון יענע טיעפע שמערצען, וואָס מאכען איינעם צו שרייען, צו וואלגערען זיך אויף דר'ערד און בייסען די מעבעל, האָט צוריסען זיין נשמה. ער האָט געפיהלט, ווי צו כאפען זיין מעסער און עס זיך אין לייב אריינצושטעכען. דאָס וואָלט איהם לייכטער געמאכט, איהם אפשר געראטעוועט, דען דאן וואָלט אלעס געווען אויס און ער וואָלט מעהר נישט געליטען.

איז דען מעגליך, אז ער זאָל איצט ווייטער לעבען? האָט ער דען געקענט ווייטער לעבען? אויפשטעהן אין דער פריה? זיך זעצען צום טיש? געהן אין גאס? זיך לייגען ביי דער

נאכט אין בעט און שלאָפען מיט דעם שטענדיגען געדאנקען, וועל־כער הערט נישט אויף צו עגבערען זיין מוח: „לימאוסין איז גע־אָרג׳ס פּאַטער!“? ניין, ער וועט ניט האָבען די קראַפט אפילו איין טריט צו טהאָן, זיך אָנצוטהאָן, וועגען עפּעס צו דענקען, מיט עמיצען צו רעדען. יעדען טאָג, יעדע שטונדע, יעדע מינוט וועט ער זיך שטעלען די דאָזיגע פראגע, וועט פרובען עפּעס דערגעהן, עפּעס טרעפען, דאָס דאָזיגע מורא׳דיגע געהיימניס אויפדעקען. און דעם קליינעם, זיין ליעבען קליינעם אינגעלע וועט ער שוין מעהר נישט קענען אָנקוקען אָהן יענעם שרעקליכען פערדאַכט, אָהן דעם אז א וועהטאָג זאָל איהם ניט צורייסען דאָס הארץ, פערגיפ־טען זיין נשמה. און דאן האָט ער געמוזט לעבען דאָ אין דעם דאָזיגען הויז, נעבען דעם קינד, וועלכען ער וועט ליעבען און האסען אין איין און דערזעלבער צייט. און האסען וועט ער איהם. יא, גאַנץ בעשטימט וועט ער איהם מיט דער צייט האסען. וואָס פאַר א מאַטערניש! אָך, ווען ער זאָל וויסען אויף זיכער, אז לימאוסין איז זיין פּאַטער, וואָלט ער אפשר רוהיגער געוואָרען, וואָלט זיך צוגעוואָהנט צו זיין אונגליק, צו זיין שמערץ. אָבער גאָרנישט צו וויסען, איז צו שרעקליך, דאָס איז ניט אויסצוהאַל־טען!

גאָרנישט וויסען, אימער זוכען, אימער ליידען, דאָס דאָזיגע קינד אימער קושען, דאָס דאָזיגע קינד, וואָס געהערט צו אן אַנ־דערען, געהן מיט איהם שפּאַצירען, טראָגען איהם אויף די הענד, גלעטען און קושען זיינע האָאָר, איהם ליעבען און פערגעטערען און דערביי ניט אויפהערען צו טראַכטען: פיליייכט איז עם ניט מיינס, אפשר געהערט ער צו אן אנדערען? ניין, עס וואָלט שוין זיין פיעל גלייכער, אז ער זאָל איהם מעהר קיין מאָל ניט זעהן, איהם פערלאָזען, איבערלאָזען איהם אין מיטען גאַס אָדער אַליין אנט־לויפען, ווייט אוועק, ווייט, ווייט, אז ער זאָל מעהר קיין מאָל פון איהם ניט הערען.

ער האָט זיך א צאַפּעל געטהאָן. זיין פרוי האָט געעפענט די טיר און איז אריין מיט די ווערטער:

— איך בין הונגעריג. און איהר, לימאוסין?
לימאוסין האָט געענטפערט:
— איך אויך.
און זי האָט ווידער געהייסען דערלאַנגען דאָס פלייש.
פּארענט האָט זיך געפרעגט:
— האָבען זיי פריהער געגעסען, אָדער זיי האָבען זיך פערשפּעטיגט, ווייל זיי האָבען געהאַט א ראַנדעוואו.

זיי האָבען איצט ביידע געגעסען מיט גרויס אַפּעטיט. הענריעטטע איז געווען גאַנץ רוהיג, האָט געלאַכט און געזאָגט וויצען. איהר מאַן האָט זי אָנגעקוקט מיט שנעלע, פאַרשעמענדע בליקען. זי האָט געטראָגען א ראָזאַווען שלאָף־ראָק מיט ווייסע שפּיצען, און איהר בלאָנדער קאָפּ, איהר פרישער האַלז, איהרע רונדע אָרעמס זיינען אַרויסגעטראָטען פון דעם דאָזיגען קאָקעטען, שמעקעדיגען געוואַנד, ווי פון א מעער־קאָפּ, פון וועלכען דער שוים שטייגט אַרויס. וואָס האָט זי מיט דעם מאַן דאָרט א גאַנצען טאָג אָנגעגעבען? פּארמענט האָט אין זיינע געדאַנקען געזעהן, ווי זיי קושען זיך, ווי זיי פליסטערן איינער צום צווייטען ווערטער פון ליעבע. ווי איז דאָס גאָר מעגליך געווען, וואָס ער האָט גאָרנישט געוואוסט, גאָרנישט געפיהלט!

ווי אַזוי זיי האָבען זיך דאָס געמוזט פון איהם אויסלאַכען, אויב ער האָט טאַקע אויף אַן אמת פון דעם ערשטען טאָג אָן געשפּיעלט די ראָלע פון א נאַר. איז עס דען מעגליך, אַז מען זאָל מיט א מאַן, מיט א בראַווען מאַן, אַזוי שפּיעלען נור דערפאַר וואָס זיין פאָטער האָט געהאַט א ביסעל געלד! שוין זשע האָט מען גאָרנישט געקענט לעזען אין זייערע זעעלען? ווי איז דאָס מעגליך, אַז אַן עהרליכער מענש זאָל זיך ניט כאַפּען, אַז ער ווערט בעטראָגען פון ניעדעריגע בעשעפעניששען. ווי אַזוי איז עס מעגליך, אַז די דאָזיגע מענשען זאָלען מיט דעם זעלביגען טאָן קאָנען ליגען און זאָגען ווערטער פון ליעבע, אַז אין די אויגען פון די זעלבע מענשען זאָל ליגען אי פאַלשקייט, אי עהרליכקייט צוגלייך?

ער האָט זי פאַרשעמענדיג אָנגעקוקט און געוואַרט אויף עפּעס א

בעוועגונג, א וואָרט, א טאָן און פּלוצים האָט ער א טראכט געטהאָן:

— איך וועל זיי היינט ביי נאכט איבערראשען — און ער האָט געזאָגט:

— ליעבע פריינדין, אזוי ווי איך האָב יוליע׳ן אוועקגעשיקט, מוז איך זעהן צו קריגען אן אנדערע. איך וועל גלייך געהן, אום צו בעזאָרגען וועמען עס איז פאר מאָרגען. עס קען זיין, אז איך וועל היינט קומען אביסעל שפּעטער אהיים.

זי האָט געענטפערט:

— גוט, געה, איך ריהר זיך ניט פון פלעק. לימאוסין וועט מיט מיר פערבלייבען. מיר וועלען ווארטען אויף דיר.

דערנאָך האָט זי זיך געווענדעט צו דער שטוב־מיידעל:

— לייגט געאָרג׳ן שלאָפען. דאן קענט איהר צונעהמען פון טיש און ארויסגעהן צו זיך אין צימער.

פּארענט איז אויפגעשטאנען, אין קאָפּ האָט זיך איהם גע־מישט און ער האָט ארויסגעברומט:

— צום ווידערזעהן!

דאן איז ער אוועק צום טהיר, און האָט זיך דערביי געמוזט אנהאלטען אן וואנד, ווייל ער האָט געפיהלט, אז די ערד טרייסעלט זיך אונטער איהם, ווי אויף א שיף.

דאָס מיידעל האָט גענומען געאָרג׳ן אויף די הענד און איהם אוועקגעטראָגען. הענריעטטע און לימאוסין זיינען אריין אין זאאל. אזוי שנעל ווי די טהיר האָט זיך פארמאכט, האָט ער געזאָגט:

— ביזטו משוגע אזוי צו מאטערען דיין מאן?

זי האָט זיך א קעהר געטהאָן צו איהם:

— הער אויס, עס קלינגט צו קאָמיש. זייט דער לעצטער צייט האָסטו גענומען ארויסשטעלען פּארענט׳ן פאר א ריינעם מאר־טירער.

לימאוסין האָט זיך א וואָרף געטהון אויף א שטוהל און פער־לעגט א פוס אויף א פוס.

— איך שטעל איהם נישט אָרויס פאר קיין מארטירער, אָבער

איך דענק, אז אין אונזער לאגע איז לעבערליך זיך צו רייצען מיט דיעזען מאן פון פריה ביז נאכט!

זי האט גענומען א פאפיראס פון קאמין, האט עס פארוויכערט און געענטפערט:

— אבער איך רייץ זיך גארנישט מיט איהם, אין גענענטהייל, ער צורייצט מיך מיט זיין נארישקייט, און איך בעהאנדעל איהם נור אזוי, ווי ער פערדיענט.

לימאוסין האט זיך אבגערופען אונגעדולדיג:

— אבער דאס וואס דו טהוסט איז זעהר אונגעשיקט. איבריגענס, זייט איהר פרויען אלע אזוי.

— יא, אבער מיט וואס?

— ער איז א מאדנער יונג! ער איז צו גוט מיט זיין צוטרויען און גוטמוטיגקייט. ער שטערט אונז ניט אין קיין זאך, האט ניט אפילו אויף א מינוט קיין פערדאכט, מיר קענען טהאן וואס מיר ווילען און דו טהוסט אלעס אין דער וועלט איהם משוגע צו מאכען און אונז אלעמען דאס לעבען צו פערביטערען.

זי האט זיך אומגעקעהרט צו איהם.

— אך, דו לאנגוויילסט מיך! דו לאנגוויילסט מיך! די ביזט פייג, ווי אלע מענער, דו האסט מורא פאר דיעזען קלאגעדיגען נפש.

ער האט זיך א הייב געטהאן אויסער זיך:

— זאג מיר, איך בעט דיך, איך וואלט בלויז וועלען וויסען, וואס ער האט דיר אזוינס געטהאן און וואס אייגענטליך דו האסט געגען איהם. ער מאכט דיר אונגליקליך? ער שלאגט דיך? ער בעטריגט דיך? ניין. דאן הערט ווירקליך אויף דעם ארימען יונג נור דערפאר אזוי צו רייסען דאס פלייש, ווייל ער איז צו גוט, און איהם נאך מאכען פעראנטווארטליך דערפאר וואס דו בעטריגסט איהם.

זי איז צוגעקומען נעהנטער צו לימאוסינ׳ען און איהם ארייגעקוקט אין די אויגען:

— דו מאכסט מיר פארווירפע דערפאר, וואס איך בעטריג

איהם? דו? דו? דו? פוי! דיין נשמה מוז זיין אזוי נישקשה׳דיג שוואַרץ!

ער האָט זיך פערטהיידיגט עטוואָס פערלעגען:

— איך מאך דיר ניט קיין פאָרוואורף, מיין ליעבע, איך בעט דיך נור צו האָבען מעהר איינזעהעניש מיט דיין מאַן, ווייל מירביידע נויטיגען זיך אין זיין פערטרויען. דאָס מוזטו דאָך אליין איינזעהן.

זיי זיינען געשטאַנען איינער נעבען אנדערן. ער, גרויס, מיט אַ דונקעלער געזיכטס פארב, מיט לאַנגע וואָנצעס, דער טיפּ פון דעם ניט גאָר איידעלען, שעהנעם יונג; זי, ראָזאָווע, בלאָנדע אַ רייצענדע קליינע פּאַריזערין, האַלב קאָקעטקע, האַלב אנשטענדיגע פרוי, וועלכע האָט זיך אין קראָם אויסגעהאָדעוועט, דאָרט, דורך דאָס ווינקען פון איהרע אויגען אַ מאַן געפונען, אַ נאאיווען פערבייגעהער, וועלכער האָט זיך אין איהר פערליעבט, ווייל ער האָט זי יעדען טאָג פאר דער טהיר געטראָפען.

זי האָט געזאָגט:

— אָבער דו גרויסעס קינד, פאַרשטעהסטו דען ניט, אז איך האס איהם גראדע דערפאר, וואָס ער האָט מיט מיר געהייראַט, ווייל ער האָט מיך געקויפט און ווייל אַלעס וואָס ער טהוט, וואָס ער זאָגט, וואָס ער דענקט, מאַכט מיך ווילד. דורך זיין דומהייט, וועלכע דו רופסט גוטסקייט, מאַכט ער מיך משוגע. ער ערגערט מיך מיט זיין טעמפּקייט — דו רופסט עס „פערטרויען" — און איבערהויפּט ווייל ער איז מיין מאַן און ניט דו. איך פיהל, ווי ער שטעהט צווישען אונז, הגם ער שטערט אונז נישט. און דאַן: איז ער צו נאַריש אום איבערהויפּט עפּעס צו בעמערקען. איך וואָלט געוואָלט, ער זאָל כאָטש זיין אייפערזיכטיג. מאנכעס מאָל צופּט עס מיך איהם אַ געשריי צו טהאָן אין פּנים אריין: נאַר, פּראַ־אדם, זעהסט דו דען ניט, אז פּאָול איז מיין געליעבטער?

לימאוסין האָט זיך צולאַכט.

— נו, יעדענפאַלס וואָלט עס געווען קליגער, אז דו זאָלסט שווייגען און אונזער ליעבע ניט שטערען.

— אה, איך וועל עס שוין ניט שטערען, זיי גאַנץ רוהיג, פּאַר אַזאַ אַקס איז גאָר נישטאָ וואָס מורא צו האָבען, ניין, אַ האָר אויך נישט; אָבער איך קען ניט בעגרייפען, וואָס דו פערשטעהסט ניט, ווי פערהאַסט ער איז מיר, ווי נערוועז ער מאַכט מיך! דו מאַכסט אימער אַן אָנשטעל, ווי דו האָסט איהם שטאַרק ליעב, ווי דו וואָלסט איהם מיט אַ בעזונדערע ליעבע די האַנד געדריקט! די מענער זיינען מאַנכעס מאָל ווירקליך קאָמיש.

— יאָ, מיין ליעבע, מען מוז זיך קענען פערשטעלען.

— אך, עס האַנדעלט זיך גאָרנישט וועגען דעם; עס איז נור אַ פּראַגע פון די געפיהלען. ווען איהר בעטריגט אַ מאַן, מאַכט איהר דעם איינדרוק, ווי איהר וואָלט געוועזען די בעסטע פריינד. מיר אָבער, מיר האַסען דעם מאַן פון דעם טאָג אָן, אין וועלכען מיר האָבען איהם בעטראָגען.

— איך זעה ניט איין, פאַר וואָס עס קומט אַ גאַנץ בראַווען, אַנשטענדיגען מאַן, ביי וועמען מען נעהמט צו די פרוי, אַז מען זאָל איהם האַסען.

— דו זעהסט עס ניט איין? דו זעהסט ניט איין? נו יאָ, דערפאַר פעהלט אייך די עמפּינדונג. דאָס זיינען זאַכען, וועלכע מען מוז פיהלען, ערקלעהרען קען מען זיי ניט. און פאַר וואָס זאָל מען דען ניט האַסען — אָבער ניין, דאָס קענסטו ניט פערשטעהן — דאָ איז יעדע ערקלעהרונג אַרויסגעוואָרפען. איהר, מענער, האָט ניט קיין פיינעם געפיהל.

זי האָט ציניש אַ שמייכעל געטהאָן, איהם אַרויפגעלעגט די הענד אויף ביידע אַקסלען, און אויסגעשטרעקט צו איהם איהרע ליפּען. ער האָט אומגעדרעהט דעם קאָפּ צו איהר און זי אַרומגע־נומען. ווען זייערע ליפּען האָבען זיך באַגעגענט, זיינען זיי גע־שטאַנען פּונקט אַנטקעגען דעם שפּיעגעל פון קאַמין און זייערע שפּיעגעל בילדער הינטער דעם זייגער אויף דעם געזימס האָבען זיך אויך געקושט.

זיי האָבען גאָרנישט געהערט, ניט דעם גערויש פון דעם שליי־סעל אין שלאָס, ניט דאָס קלאַפּען פון דער טהיר. אָבער פּלוצים

האָט הענריעטטע אַרויסגעלאָזען אַ הויכען געשריי, האָט מיט אַ מאָל אָבגעלאָזען לימאוסינ'ען און זיי האָבען דערזעהען פּארענט'ן, וועלכער איז געשטאַנען פאר זיי אַ טויט בלייכער מיט צוזאַמענ־געדריקטע פויסטען, אין הוילע זאָקען, מיט דעם הוט אויפ'ן קאָפּ.

ניט אומדרעהענדיג דעם קאָפּ, האָט ער זיי אָנגעקוקט איינעם נאָכ'ן אַנדערען מיט אַ שנעלען בליק. ער האָט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט משוגע געוואָרען און דאָ, פּלוצים, ניט ריידענדיג קיין וואָרט, האָט ער זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף לימאוסינ'ען, איהם אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענד, ווי ער וואָלט איהם וועלען דערווערגען און מיט אַזאַ קראַפט אַ שליידער געטהאָן אין אַ ווינקעל פון זאַאַל, אַז דער אַנדערער האָט פערלאָרען דאָס גלייכגעוויכט, גענומען טאַפּען מיט די הענד אין דער לופטען און אַ שטאַרקען זעץ געטהאָן זיך מיט'ן קאָפּ אָן וואַנט.

ווען הענריעטטע האָט זיך געכאַפּט, אַז איהר מאַן וויל דער־הרג'ענען איהר געליעבטען, האָט זי זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף פּארענט'ן, געכאַפּט איהם ביים האַלז און איינגעפּרעסט איהרע צעהן צאַרטע, דאָזיגע פינגער אין זיין פלייש, האָט איהם, אין איהר פער־צווייפלונג אַזוי שטאַרק צוזאַמענגעדריקט די האַלז, אַז דאָס בלוט האָט אונטער איהרע נעגעל געשטראָהמט. דאַן האָט זי זיך איינ־געגעסען מיט איהרע צייהן אין זיין שולטער, ווי זי וואָלט איהם וועלען אויף שטיקער צורייסען. פּארענט האָט זיך געמאַטערט אָבצוכאַפּען דעם אָטהעם און האָט אָבגעלאָזען לימאוסינ'ען, אום זיך פון זיין פרוי, וועלכע איז איהם אויפ'ן האַלז געהאַנגען, צו בעפרייען. ער האָט זי אָנגעכאַפּט פאר'ן טאַליע און מיט איין שטויס זי אַ שליידער געטהאָן ביז צום אַנדערען עק פון זאַאַל.

אַזוי ווי דער אויסברוך פון זיין צאָרן, האָט ווי ביי אַלע גוט־מוטיגע מענשען, געדויערט אַ גאַנץ קורצע צייט, איז ער געבליבען שטעהן צווישען זיי ביידע אָהן אָטהעם, פערמאַטערט און ניט גע־וואוסט וואָס צו טהאָן. זיין ווילדער בעס האָט זיך אין דער דאָ־זיגער בעוועגונג אויסגעשעפּט, ווי דאָס קוילען זויערשטאָף, וועל־כע וועבט זיך אויס פון אַן אָבגעפּראַפּטער שאַמפּאַניער פלאַש. און

די אונגעוועהנליכע אנשטרענגונג פון זיין ענערגיע האָט זיך גע־ענדיגט מיט אַן אַנפאַלען פון שוואַכקיים.

אַזוי שנעל ווי ער האָט בעקאָנט רעדען, האָט ער אַרויסגע־שטאַמעלט:

— אַרויס! ביידע אַרויס! אַוועק!

לימאוסין איז געבליבען שטעהן אונבעוועגליך אין ווינקעל, אַנגעשפּאַרט אין וואַנד, צו שטאַרק צושראָקען אום עטוואָס צו בע־גרייפען, צופיעל צומישט, אום מיט אַ פינגער צו בעוועגען. העני־ריעטטע האָט אַנגעשפּאַרט ביידע הענד אויף אַ קליין טישעל, האָט אַבגעבויגען דעם קאָפּ אין פאַראויס און איז אַזוי געשטאַנען מיט צולאָזענע האָר, מיט אַ פונאַנדערגעשפּילעטער ווייסט, האַלב גע־בלויזטער ברוסט און האָט געוואַרט ווי אַ חיה, וואָס איז בערייט זיך אַרויפצווואַרפען אויף איהר שונא.

פּאַרענט האָט ווידער אויסגערופען, דאָס מאָל העכער:

— אַרויס! גלייך אַרויס פון דאַנען!

ווען זיין פרוי האָט דערזעהן, אַז זיין ערשטער כעס איז שוין כמעט אַריבער, האָט זי געפּאַסט מוט, זיך אויפגעריכט, געמאַכט צוויי טריט צו איהם און געזאָגט, שוין כמעט מיט דער פריהער־דיגער אונפערשעהמטקייט:

— דו האָסט הפנים אינגאַנצען דעם קאָפּ פערלאָרען! וואָס פאַלט דיר איין! ווי קומסטו דערצו אויף אונז אַזוי אָנצופאַלען?

ער האָט זיך אומגעקעהרט צו איהר און אויפגעהויבען דעם פויסט, אום זי צו שלאָגען, בעת ער האָט געשטאַמעלט:

— אה... אה!... דאָס איז צופיעל... צופיעל! איך האָב... איך האָב... איך האָב אַלעס געהערט, אַלעס, אַלעס... פערשטעהסטו? אַלעס! פערדאָרבענע, פערדאָרבענע! איהר זייט צוויי פערדאָר־בענע בעטריגער! אַרויס! ביידע! גלייך אויפ׳ן אָרט! איך וועל אייך דער׳הרג׳ענען אויף טויט! אַרויס!

זי האָט איינגעזעהן, אַז מיט איהם איז גאָרנישט צו מאַכען, אַז ער ווייס אַלעס, אַז זי קען מעהר נישט שפּיעלען די ראָלע פון אַן אונשולדיגער און מוז זיך אַבטראָגען. אָבער איהר גאַנצע אינ־

פערשעהמטקיים האָט ווידער צו איהר צוריקגעקעהרט זיך אין איהר האַס צו דעם דאָזיגען מאַן. און די פערצווייפלונג האָט איהר געגעבען מוטה; זי האָט געקריגען אַ פערלאַנג, איהם פון דאַס ניי צו רייצען און אַרויס צו פאָדערען.

— קומט, לימאוסין, אַזוי ווי מען טרייבט מיך אַרויס, וועל איך געהן צו אייך.

אָבער לימאוסין האָט זיך ניט געריהרט. פּאַרענט איז אויף דאָס ניי צוקאָכט געוואָרען און גענומען שרייען:

— גלייך אַרויס פון דאַנען! איהר לומפּען וואָס איהר זייט! אַרויס לומפּען, אָדער...

ער האָט געכאַפּט אַ שטוהל און איהם אויפגעהויבען איבער'ן קאָפּ.

דאַ איז הענריעטטע שנעל דורכגעלאָפען דורך דעם זאַאַל, האָט אָנגעכאַפּט איהר געליעבטען פאַר אַן אָרעם, אַ ריס געטהאָן איהם פון וואַנד, צו וועלכער ער איז ווי צוגעקלעפּט געוועזן, און איהם גענומען שלעפּען צום טהיר מיט די ווערטער:

— קומט, ליעבער פריינד, איהר זעהט דאָך, אַז ער איז משוגע געוואָרען. קומט דאָך!

אין דעם מאָמענט, ווען זי איז אַרויסגעגאַנגען, האָט זי זיך נאָך אַמאָל אומגעדרעהט צו איהר מאַן און געזוכט עפּעס מיט וואָס איהם וועה צו טהאָן, עטוואָס וואָס זאָל איהם שטאַרק בעליידיגען, איידער זי פערלאָזט דאָס הויז. דאָס איז איהר אַ געדאַנק דורך דעם קאָפּ דורכגעלאָפען, איינער פון יענע טיפעלישע געדאַנקען, אין וועלכע עס ווייזט זיך אַרויס די גאַנצע געמיינהייט פון דער פרוי.

זי האָט געזאָגט ענטשלאָסען:

— מיין קינד וועל איך מיטנעהמען!

פּאַרענט האָט געשטאַמעלט צושראָקען:

— דיין קינד! דו וואַגסט פון דיין צו רעדען! דו וואַגסט דיין קינד צו פערלאַנגען! אַה, אַה, אַה! דאָס איז צו פיעל! דאָס וואַגסטו! אַרויס דו אויסגעלאַסענע! אַרויס!

זי איז צוגעגאַנגען צו איהם, כמעט שמייכלענד, זיכער אין

איהר ראַכע. און גאַנץ נאָהנט האָט זי איהם די ווערטער אין פּנים א שלײדער געטהאָן:

— מײן קינד וויל איך! דו האָסט קײן רעכט ניט בײ זיך דאָס קינד צו פערהאַלטען, ווארים עס איז נישט דײן קינד, הערסטו? הערסטו צו ניט? דײן קינד איז עס נישט. עס געהערט צו לימאוסין.

א צושמעטערטער האָט פּאַרענט א געשרײ געטהאָן:

— דו לײגסט, עלענדע!

אָבער זי האָט געענטפערט:

— אָקס! די גאַנצע וועלט ווײס עס, בלויז דו נישט! איך זאָג דיר, דאָרט שטעהט זײן פאָטער! דו דאַרפסט איהם בלויז אָנקוקען אום עס אײנצוזעהן!

וואַנקענדיג אויף די פיס איז פּאַרענט פון איהם אָבגעטראָטען, דאַן האָט ער זיך פּלוצים אומגעדרעהט, גענומען א לײכטער און זיך א וואָרף געטהאָן אין צווײטען צימער.

באַלד איז ער צוריק געקומען מיט דעם קלײנעם געאָרג אין א דעקע אײנגעוויקעלט אויף די אָרעמס. דאָס קינד, וואָס איז אַזוי פּלוצים אויפגעריסען געוואָרען פון שלאָף, איז געוועזען צושראָקען און האָט געשריען. פּאַרענט האָט עס א וואָרף געטהאָן צו זײן פרוי אויף די הענד און האָט זי אָהן ווערטער א שטויס געטהאָן צו די טרעפּ, וואו לימאוסין האָט אוים פּאָרזיכטיגקײט אויף איהר שוין געוואַרט.

דאַן האָט ער הינטער איהר פערשלאָסען די טהיר, האָט צווײ מאָל דעם שליסעל אומגעדרעהט און פּאַררוקט דעם ריגעל. ווי נור ער איז ווידער אַרײן אין זאַאל, איז ער א פאַל געטהאָן אין דער גאַנצער לענג צו ד׳ערד.

## 2.

אין די ערשטע עטליכע וואָכען האָט פּאַרענט געלעבט גאַנץ אַלײן. דאָס לעבען נאָך דער צושײדונג איז איהם געוועזען אַזוי פרעמד, אַז ער האָט קוים צײט געהאַט צו טראַכטען. ער האָט ווידער גענומען פיהרען דאָס לעבען פון א בחור, האָט זיך ארומגעטרי־

בען איבער די גאַסען, געגעסען אין רעסטאָראַן ווי אַמאָל. וועלענ־דיג אויסמיידען יעדען סקאַנדאַל, האָט ער זיין פרוי געצאָהלט אַ יעהרליכען געהאַלט. זיין אַדוואָקאַט האָט פאַר איהם די זאַך בעאַרגט. אָבער ביסלעכווייז האָט די עראַינערונג אָן קינד איהם גענומען מאַטערען. מאַנכעס מאָל, ווען ער איז געזעסען אין אָבענד איינער אַליין אין הויז, האָט זיך איהם פּלוצים אויסגעדאַכט, ווי ער הערט געאָרג׳ן רופען „פּאַפּאַ!" און דאַן האָט זיין האַרץ גע־נומען קלאַפּען. ער איז שנעל אויפגעשטאַנען, געעפענט די טהיר, וואָס פיהרט צו די טרעפּ, און נאָכגעזעהן, אפשר איז דאָס קינד צופעליגערווייזע צוריק געקומען. פאַר וואָס זאָל ער נישט צוריק קומען, ווי די הינד אָדער טויבען? פאַר וואָס זאָל אַ קינד האָבען ווענ־יגער אינסטינקט, ווי אַ חיה? און ווען ער האָט איינגעזעהן, אַז ער האָט אַ טעות געהאַט, איז ער צוריק אין זיין צימער אריין, זיך אויף אַ שטוהל געוואָרפען און וועגען דאָס קינד געטראַכט. שטונדען לאַנג, טעג לאַנג האָט ער וועגען דאָס קינד געטראַכט. ניט נור אין די געדאַנקען האָט ער זיך בעשעפטיגט מיט׳ן קינד, זאָגאַר קערפּערליך האָט איהם דער קליינער אויך געפעהלט. ער האָט געפיהלט אַ בעדערפניס איהם ארומצונעהמען, צו האַלטען איהם אויף׳ן שויס, איהם צו גלעטען, איהם צו זיך אויף די קניע צו זעצען און לאָזען איהם רייטען, מיט איהם צו שפּאַסען. און ווען ער האָט געטראַכט פון די אַמאָליגע צערטליכקייטען, דאַן איז אויף איהם אָנגעפאַלען אַ פערצווייפלונג. ער האָט נאָך געפיהלט דעם אינגעל׳ס הענטלאַך אויף זיין האַלז, ער האָט געפיהלט דעם קליי־נעם מויל אויף זיין באָרד, ווען ער האָט איהם געקושט; ער האָט געפיהלט דעם קינד׳ס האָאָר אויף זיינע באַקען. און דער געדאַנק אָן די דאָזיגע אַלע צערטליכקייטען, אָן די פיינע, וואַרעמע הויט, אָן די קושען פון דעם קליינעם, און אַלעס, אַלעס, וואָס איז פער־שוואונדען, האָט איהם אַזוי געפּלאָגט, ווי די בענקעניש נאָך אַ געליעבטער פרוי, וועלכע מען האָט אויף אייביג פערלאָרען.

אויף דער גאַס האָט ער מאַנכעס מאָל פּלוצים גענומען וויינען, ווען ער האָט זיך דערמאָהנט, אַז איצט האָט זיין קליינער, דיקער

געארג'ל געקאנט לויפען ביי זיין זייט, ווי אמאל, ווען ער פלעגט מיט איהם שפאצירען געהן. דאן האט ער זיך אומגעקעהרט אהיים, בעהאלטען דאס פנים אין די הענד און געוויינט ביז שפעט אין דער נאכט.

צעהן, צוואנציג מאל א טאג האט ער זיך געשטעלט די פראגע: איז ער יא אדער איז ער ניט געווען געארג'ס פאטער? אי־בערהויפט ביי נאכט האט איהם דער דאזיגער געדאנק ניט אבגע־לאזען. ווי נור ער האט זיך געלייגט אין בעט, האט עס איהם גלייך גענומען עגבערן אין מוח.

אין אנהויב, נאכדעם ווי זיין ווייב איז אוועק, האט ער מעהר נישט געצווייפעלט, אז דאס קינד איז אונבעדינגט לימאוסין'ס זוהן. אבער ביסלעכווייז האט ער ווידער גענומען צווייפלען, ווייל הענ־ריעטטע'ס פערזיכערונג האט ביי איהם ניט געהאט קיין ווערט. זי האט זיך נור געוואלט מיט איהם אברעכענען, איהם טרייבען צו פערצווייפלונג. און וואס מעהר ער האט געטראכט איבער דעם דאפיר און דאגעגען, אלץ מעהר האט זיך איהם געדאכט, אז זי האט געזאגט ליגען.

דער איינציגער, וועלכער וואלט איהם אפשר קאנען זאגען דעם אמת, איז געווען לימאוסין אליין. אבער ווי אזוי האט מען עס פון איהם געקאנט דערגעהן? ווי ביי איהם פרעגען? ווי איהם ברענגען דערצו, אז ער זאל זיך מודה זיין?

און מאנכעס מאל איז פארענט אויפגעשטאנען אין מיטען דער נאכט, פעסט ביי זיך בעשלאסען צו געהן צו לימאוסינ'ען, איהם בעטען, פארשלאגען איהם אלעס וואס ער וויל, אבי ער זאל עס איהם אויסזאגען, און עס זאל ענדליך נעהמען א סוף צו זיינע ליידען. באלד אבער האט ער זיך פערצווייפעלט צוריק אוועקגעלעגט, ווייל ער האט איינגעזעהן, אז איהר געליעבטער וועט אהן צווייפעל ליגען זאגען. גאנץ זיכער וועט ער לייגען, אום צו שטערען דעם אמת'ן פאטער צוריק צו נעהמען דאס קינד. וואס זאל ער אלזא טהאן?

און איצט איז ער געווען פערצווייפעלט, וואס ער האט פון כעס גלייך געהאנדעלט, וואס ער האט זיך ניט געלאזט צייט צום

איבערלעגען, וואָס ער האָט ניט געהאַט קיין געדולד און ניט גע־וואַרט. ער האָט זיך געדאַרפט פאָרשטעלען אַ פּאָאַר מאָנאַטען צייט אום אליין מיט זיינע אויגען דעם אמת צו דערגעהן. ער האָט געדאַרפט מאַכען אַן אָנשטעל, ווי ער בעמערקט כלומר'שט גאָרנישט און זיי רוהיג לאָזען טהאָן וואָס זיי ווילען. ווען ער וואָלט דאַן באמערקט, ווי דער אַנדערער קושט דאָס קינד, וואָלט עס געווען גענוג, אום דעם אמת צו דערגעהן. אַ פרייגד קושט ניט אַזוי ווי אַ פּאָטער. ער וואָלט איהם הינטער דער טהיר נאָכגעשפּירט. פאַרוואָס האָט ער פריהער וועגען דעם ניט געטראַכט? ווען לימאוּ־סין וואָלט געבליבען אַליין מיט געאָרג'ן אין צימער און וואָלט איהם גלייך ניט אַרומגענומען, ניט געקושט, ווען ער וואָלט איהם געלאָזען גלייכגילטיג שפּילען און זיך וועגען איהם ניט געקימערט, דאַן וואָלט קיין צווייפעל ניט געווען, אַז ער איז ניט דער פּאָטער אָדער אַם וועניגסטענס, אַז ער האַלט זיך ניט פאַר זיין פּאָטער.

דאַן וואָלט פּאַרענט אַרויסגעיאָגט די מוטער, אָבער דעם זוהן וואָלט ער ניט פערלאָרען, און דאַן וואָלט ער געווען פּאָלקאָם גליק־ליך. אין שוויים געבאָדען, האָט ער זיך צוריק אין בעט געלעגט און געטראַכט, ווי לימאוסין האָט זיך געהאַלטען מיט'ן קינד. אָבער ער האָט זיך גאָרנישט געקאָנט דערמאָנען, קיין זאַך, קיין בעוועגונג, קיין בליק, קיין וואָרט, קיין פערדעכטיגע צערטליכקייט. און דערצו האָט דאָך די מוטער אליין זיך אויך וועניג געקימערט וועגען דאָס קינד. ווען זי וואָלט עס געהאַט פון איהר געליעבטען, וואָלט זי עס וואהרשיינליך מעהר ליעב האָבען. מען האָט איהם אַלזאָ פון זיין זוהן אוים ראַכע, אוים גרויזאַמקייט אוועקגעריסען, אום איהם צו בעשטראָפען דערפאַר, וואָס ער האָט זיי ביידע איבער־ראַשט.

ער האָט געפּאַסט אַן ענטשלוס, אַזוי גיך ווי עס וועט טאָג ווערען, צו לויפען אין דער פּאָליציי, אום געאָרג'ן צוריק צו קריגען.

אָבער קוים האָט ער זיך דערצו ענטשלאָסען, ווי דער צווייפעל, די אונגעוויסהייט איז ווידער אויף איהם אָנגעפאַלען. טאָמער איז דאָס גראָדע פאַרקעהרט. אויב לימאוסין איז פון אָנהויב אַן געווען

הענריעטטע׳ס ליעבהאָבער, דער מאַן, וועמען זי האָט געליעבט, דאַן האָט זי זיך איהם אַזוי אָבגעגעבען, אַז זי איז פון איהם מוטער געוואָרען. בעוויזט ניט די קאַלטע צוריק האַלטונג, וועלכע זי האָט אימער איהר מאַן ארויסגעוויזען, אַז ער האָט ניט געקאָנט זיין דער פאָטער?

אויב אַזוי, דאַן וואָלט ער אַ פּרעמד קינד פערלאַנגט, עס מיט געוואַלד צו זיך גענומען, און אויסגעהאָדעוועט. און קיין מאָל וואָלט ער עס ניט געקאָנט אָנקוקען, קיין מאָל אַ קוש טהאָן, קיין מאָל דאָס וואָרט „פּאַפּאַ“ הערען, אָהן דעם, אַז דער געדאַנק זאָל צו איהם ניט צוריק קומען און איהם דאָס הארץ צורייסען. דער גע־דאַנק: ער איז דאָך פאָרט ניט מיין זוהן! דאַן וועט ער זיך אליין די גרעסטע ליידען פערשאַפען און זיין אייגען לעבען צושטערען. ניין, עס איז פאָרט בעסער אליין צו בלייבען, אליין צו לעבען, אליין אַלט צו ווערען, אליין צו שטאַרבען.

און יעדען טאָג, יעדע נאַכט האָבען די דאָזיגע מורא׳דיגע צווייפעל איהם ווידער געפּלאָגט און געמאַטערט אָהן אַ סוף און אָהן אַ ברעג. מעהר ווי אַלעס האָט ער מורא געהאַט פאַר די אָבענ־דען. ווען די טרויעריגע דונקעלהייט האָט זיך אַראָבגעלאָזען, האָט זיך איהם געדאַכט, אַז זיין הארץ ווערט צוריסען פון וועהטאָג, עפּעס ווי צוזאַמען מיט דער פינסטערניש וואָלט אַ קוואַל פון פער־צווייפלונג זיך אויף איהם אויסגעגאָסען, און ווי אין דעם דאָזיגען קוואַל וואָלט ער זיך געטרונקען און דעם פערשטאַנד פערלאָרען. ער האָט מורא געהאַט פאַר זיינע געדאַנקען, ווי פאַר אַ פערברעכען, און איז אַנטלאָפען פון זיי ווי אַ פערפאָלגטע חיה. מעהר פאַר אַלעמען האָט ער מורא געהאַט פאַר זיין לעדיגע, דונקעלע, אומעדיגע וואָהנונג און די פערלאָזענע גאַסען, אין וועלכע נור וואו ניט וואו האָט אַ גאַז פייערל געברענט.

און אינסטינקטיוו האָט פּאַרענט געזוכט נור די גרויסע העל בעלויכטענע, בעלעבטע גאַסען. די ליכטיגקייט און דער עולם האָט איהם צו זיך צוגעצויגען, איהם צושטרייט און פאַרטויבט. ווען ער איז דאַן מיעד געוואָרען אַזוי ארומצובלאָנדזשען אַהין און

הער געשטויסען צו ווערען, ווען דער געדרענג אויף די גאַסען איז קלענער געוואָרען, די טראָטואַרען פּארלאָזענער, דאַן איז די מורא פאַר דער איינזאַמקייט, פאַר דער שטילקייט אויף איהם אָנגעפאַלען און איהם געטריבען אין א קאַפע, וואו עס זיינען געווען מענשען, און וואו עס איז געווען העל און ליכטיג. עס האָט איהם געצויגען אהין, ווי די באַבאָטשקע צום פייער. דאָרט האָט ער זיך געזעצט פאַר א קליין, רונד טישעל און באשטעלט א גלאָז ביער. ער האָט עס לאַנגזאַם אויסגעטרונקען און איז יעדעס מאָל אונרוהיג געוואָרען, ווען א גאַסט האָט זיך אויפגעהויבען אוועק צו געהן. ווען ער וואָלט געקאָנט, וואָלט ער איהם אָנגענומען ביים אָרעם און וואָלט איהם צוריק געהאַלטען, איהם געבעטען, ער זאָל נאָך א ווײלע בלייבען, אזוי האָט ער מורא געהאַט פאַר דער שעה, ווען דער קעלנער וועט צו איהם צוגעהן מיט די ווערטער:

— זייט אזוי גוט, מיר מוזען צושליסען!

יעדען אָבענד איז ער געווען דער לעצטער, וואָס האָט דעם לאָקאַל פערלאָזען. ער האָט געזעהן, ווי מען האָט די טישען פון דרויסען אינעווייניג אריינגענומען, ווי מען האָט די גאַז ברענערס איינעם נאָכ'ן אַנדערען אויסגעלאָשען ביז די לעצטע צוויי: די, איבער זיין טיש און די, וואָס איבער'ן בופעט. ער האָט געזעהן, ווי די קאַסירערין האָט דאָס געלד אָבגעצעהלט און עס פערשלאָסען און ער האָט געמוזט געהן, ווייל די בעדיענטע האָבען איהם די טהיר געוויזען, און געהענדיג היגטער איהם געררעדט צווישען זיך:

— אזא אלטער ארומשלעפּער! ווי עס שיינט, וויים ער ניט וואו ער זאָל זיך אהינטהאָן איבער נאכט.

און אזוי גיך ווי פּארענט איז געווען אליין אויף דער גאַס, האָט ער ווידער גענומען טראַכטען פון געאָרג'ן, זיך ברעכען דעם קאָפּ, עגבערן דעם מוח, אום פעסט צו שטעלען, אויב ער איז דער פאָטער פון דעם קינד אָדער ניט.

און אזוי האָט ער זיך איינגעוואָהנט צו געהן אין רעסטאָראַן, וואו מען איז אימער אונטער מענשען, הגם מען מוז מיט זיי ניט

רעדען, וואו דער דיקער טאבאק רויך צומישט די נארישע געדאנ־קען, בעת דאס שווערע ביער שלעפערט איין דעם מוח און בערו־היגט דאס קלאפענדיגע הארץ.

פון איצט אן האט ער נור דארט געלעבט. ווי נור ער איז אויפגעשטאנען, איז ער גלייך אוועק אהין, אום זיינע אויגען און זיינע געדאנקען צו בעשעפטיגען. דאן האט ער אויך דארט, אום עס זאל איהם זיין בעקוועמער און ער זאל ניט מוזען אוועקגעהן, גענומען עסען זיינע מאהלצייטען. ארום מיטאג צייט האט ער מיט זיין ביער גלאז אנגעקלאפט א טיש: דאן האט דער קעלנער איהם גלייך געבראכט א טעלער, א גלאז ביער, א סערוועטקע און צו עסען, וואס עס האט זיך געמאכט. אזוי גיך ווי ער איז פערטיג געווארען האט ער גענומען לאנגזאם זופען זיין קאפע, ניט אראב־נעהמענדיג די אויגען פון פלאש קאניאק, וועלכע האט איהם געזאלט העלפען זיינע צרות צו פערגעסען. א פריהער האט ער זיך בלויז איינגענעצט די ליפען מיט דעם קאניאק, ווי ער וואלט עס וועלען פערזוכען, ווי ער וואלט מיט'ן שפיץ צונג זועלען פיהלען דעם גע־שמאק פון דער פליסיגקייט. דאן האט ער גענומען טרינקען, א זופ נאך א זופ. דער שנאפס האט איהם גוט געטהאן — מיט אן ערנס־טער מינע האט ער איהם ארונטערגעשלונגען, און געפיהלט, ווי ער איז איהם דורכ'ן האלז ארונטער ביז אין מאגען אראב.

אזוי האט ער נאך יעדער מאהלצייט געטרונקען דריי־פיער קליינע גלעזער, וועלכע האבען איהם ביסלעכווייז איינגעשלעפערט. דאן איז איהם דער קאפ אויפ'ן לייב אראבגעפאלען, ער האט צו־געמאכט די אויגען און געכאפט אויף א ווייל א דרימעל. שפע־טער, ווען ער האט זיך אויפגעכאפט, האט ער גלייך אויסגעשטרעקט די האנד נאך דער גלאז ביער, וואס א קעלנער האט פאר איהם אוועקגעשטעלט, בעת ער איז געשלאפען. און אז ער האט עס אויס־געטרונקען, האט ער זיך עטוואס אויפגעהויבען אויף דער רויטער סאמעטענער באנק, האט ארויפגעצויגען די הויזען, אראבגעצויגען די וועסט, אום דעם ווייסען פאס, וואס האט זיך ארויסגעצויגען צווישען די ביידע, צו בעהאלטען. דאן האט ער זיך דעם קראגען

אביסעל צורעכט געמאַכט, די מאַנזשעטען אביסעל אראָבגעצויגען און גענומען די צייטונגען, וועלכע ער האָט שוין אין דער פריה געלעזען.

ער האָט זיי נאָך אמאָל איבערגעלעזען פון דער ערשטער שורה ביז דער לעצטער, האָט איבערגעקוקט די רעקלאַמען, די אַנאָנסען, דעם צעטעל פון דער בירזשע, דאָס טהעאַטער פּראָגראַם.

צווישען פיער און זיבען אזייגער האָט ער געמאַכט א קליינעם שפּאַציערגאַנג אויף די בולוואַרען, אום צו כאַפּען אביסעל לופט, ווי ער האָט געזאָגט. דאַן איז ער ווידער צוריק געקומען אויף זיין פּלאַץ, וועלכען מען האָט פאַר איהם געהאַלטען און פערלאַנגט אבסינטי.

נאָכדעם האָט ער א ווייַלע געפּלוידערט מיט שטענדיגע געסט, מיט וועלכע ער איז ביסלעכווייז בעקאַנט געוואָרען. זיי האָבען גערעדט איבער די נייעס פון טאָג, איבער שטאָדט זאַכען און פּאָ־ליטיק. דאָס איז אַזוי אַנגעגאַנגען ביז צו דער שטונדע פון עסען. און דער אָבענד איז איהם אוועק אַזוי ווי דער נאָכמיטאַג, ביז צו דעם מאָמענט, וואָס מען האָט דעם קאַפע צוגעשלאָסען. דאָס איז פאַר איהם געוועזען דאָס שרעקליכסטע! דער מאָמענט, ווען ער האָט געמוזט א היים געהן אין דאָס דונקעלע, לעדיגע צימער, וואָס איז אָנגעפילט געוועזען מיט אַל־די עראינערונגען, די מורא׳דיגע אנגסטען און הארץ קלעמענעש. ער האָט איצט ניט געזעהן קיינעם פון זיינע פריהערדיגע פריינד, קיינעם פון זיינע קרובים, קיינעם, ווער עס וואָלט איהם אָן זיין פריהערדיגען לעבען דערמאָנט.

און אזוי ווי זיין וואָהנונג איז איהם איצט געוואָרען א גיהנום, האָט ער זיך געדונגען א צימער אין גרענד האָטעל, א שעהנעם צי־מער צו די פּראָנט, אום קענען קוקען אויף די פאַרבייגעהער. אין דער דאָזיגער גרויסער עפענטליכער געביידע איז ער ענדליך ניט געווען אין גאַנצען אליין. איצט האָט ער דאָך געשפּירט א מענש־ליכען הו־הא ארום זיך, האָט געהערט שטימען, און ווען די אַלטע קוואַלען זיינען איהם ביי נאַכט אין בעט אָדער ביים איינזאַמען קאַמין ווידער בעפאַלען, דאַן איז ער איז די לאַנגע קאָרידאָרען

ארויס, איז געלאָפען ווי א וועבטער הין און צוריק פאר די פער־שלאָסענע טהירען און טרויעריג געקוקט אויף די שיף, וועלכע זיי־נען פּאָר ווייז פאר יעדער טהיר געשטאנען. ער האָט בעטראכט די קליינע רייצענדע דאמען שיכלאך נעבען די גרויסע, שווערע מע־נער־שטיוועל. און ער האָט געטראכט מיט א צובראָכען געמיט: די דאָזיגע אלע מענשען זיינען איצט אָהן צווייפעל גליקליך, שלאָ־פען שטיל, צערטליך און רוהיג, ארעם אין ארעם, אין דעם ווארעמען בעט.

אזוי זיינען אוועק פינף יאָהר, פינף טרויעריגע יאָהר אָהן שום ענדערונג פאר איהם, אויסער ווען ניט ווען א פּאָאר שטונדע ליעבע, וועלכע ער האָט זיך פאר צוויי גאָלדשטיק געקויפט.

און דאָ, איין מאָל אין א טאָג, ווען ער האָט זיין געוועהנליכען שפּאצירגאנג געמאכט, צווישען דער מאדלענע און דער רו דרואָט, האָט ער פּלוצים בעמערקט א פרוי, וועמעס גאנג איז איהם געוואָ־רען אויפפאלענד. א הויכער הערר און א קינד האָבען זי בעגלייט. אלע דריי האָבען געטראָטען אין פאָראויס פאר איהם. און ער האָט זיך געפרעגט: וואו האָב איך זיי שוין אמאָל געזעהן? און פּלוצים האָט ער זי דערקאָנט אָן א געוויסער האנד בעוועגונג: עס איז גע־ווען זיין פרוי, זיין פרוי, מיט לימאוס'ן און זיין קינד, זיין קליינער גערג.

זיין הארץ האָט געקלאפט ביז צום דערשטיקט ווערען. אָבער ער האָט זיך ניט אָבגעשטעלט, ער האָט זיי געוואָלט זעהן, און איז זיי נאָכגעגאנגען. זיי האָבען אויסגעזעהן ווי א שעהנע בירגערליכע פּאָאר פאָלק. הענריעטטע האָט געהאלטען פּאול'ן אונטער'ן ארעם און שטיל מיט איהם גערעדט, בעת זי האָט אלע ווייל געקוקט אָן דער זייט. איצט האָט פּארענט געקאָנט זעהן איהר פּראָפיל, האָט דערקאָנט די שעהנע שטריכען פון איהר פּנים, די בעוועגונגען פון איהר ציגע, איהר שמייכעל און איהר זיסען בליק. אָבער מעהר פון אלץ האָט איהם דאָס קינד אינטערעסירט. ווי גרויס ער איז גע־וואָרען, ווי קרעפטיג! פּארענט האָט זיין פּנים ניט געקאָנט זעהן, נור די לאנגע, בלאָנדע האָאר, וואָס איז אין קינסטליכע לאָקען אויף

די פּלייצעס אַראָבגעפּאַלען. דאָס איז געווען גאָרג׳ל, דער דאָזיגער גרויסער ווידליג מיט די נאַקעטע פּיסלאַך, וועלכער האָט ווי אַ קליי־נער מאַן נעבען זיין מוטער געטראָטען.

ווען זיי זיינען פּאָר אַ קראָם שטעהן געבליבען, האָט ער זיי פּלוצים דערזעהן אַלע דריי. לימאוס׳ן איז געוואָרען גרויער, על־טער, מאָגערער. זיין פרוי, פּאַרקעהרט, איז געווען פרישער, ווי ווען עס איז, זי איז זאָגאָר עטוואָס דיקער געוואָרען; גאָרג׳ן אָבער איז געווען אונמעגליך צו דערקענען, אַזוי האָט ער זיך פּער־ענדערט. זיי זיינען אַוועק ווייטער. פּאַרענט איז זיי ווידער נאָכ־געגאַנגען, האָט זיי מיט איילענדיגע טריט אַריבערגעיאָגט אום דאַן זיך אומצוקעהרען און זיי פון גאַנץ נאָהנט צו זעהן. ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען פאַר׳ן קינד, איז אויף איהם אָנגעפּאַלען אַ משוגענער פּערלאַנג, אָנצונעהמען דאָס קינד פאַר אַ האַנד און מיט איהם אנטלויפען. ער האָט איהם ווי צופעליג אָנגעריהרט. דער קליינער האָט אומגעדרעהט דעם קאָפּ און אונצופריעדען אָנגעקוקט דעם אומגעלומפּערטען מאַן. דאָס האָט פּאַרענט׳ן שטאַרק וועה געטהאָן און ער איז איילענדיג אַוועק, בעליידיגט פון דעם דאָזיגען בליק, ווי ער וואָלט פערפאַלגט געוואָרען. ער איז געלאָפען ווי אַ גנב. אַ מורא׳דיגע אנגסט איז אויף איהם אָנגעפאַלען, טאָמער האָט מען איהם געזעהן, טאָמער האָט זיין פרוי און איהר ליעבהאָבער איהם דערקאָנט. און אַזוי איז ער געלאָפען, זיך אין ערגעץ ניט אָבשטעלענדיג, ביז צו זיין קאַפע־הויז און איז דאָרט געפאַלען אָהן אטהעם אויף זיין שטוהל.

אין יענעם טאָג האָט ער געטרונקען דריי גלעזער אבסינטי.

פיער מאָנאַטען נאָכאַנאַנד איז די שמערצליכע עראינערונג פון דער דאָזיגער בעגעגעניש איהם אין הארצען געלעגען. יעדע נאַכט האָט ער זיי אַלע אין די געדאַנקען געזעהן, ווי זיי אַלע דריי, פּאָטער, מוטער און זוהן געהען רוהיג און גליקליך איבער׳ן בולוואַר שפּאַציערען, איידער זיי קעהרען זיך צוריק אהיים צום עסען. די דאָזיגע נייע עראינערונג האָט ביסלעכווייז אויסגעלאָשען די אַלטע. איצט איז עס געווען גאָר עטוואָס אַנדערעס, עטוואָס נייעס און דער

וועהטאָג איז איצט אויף געווען גאָר א נייער. דער קליינער גע־אָרג'ל, זיין געאָרג'ל, וועמען ער האָט אמאָל אזוי געליעבט, אזוי היים געקושט, איז ווי פערשוואונדען אין דער ווייטער, ווייטער פערגאַנגענהייט. איצט האָט ער פאַר זיך געזעהן אַן אַנדער געאָרג, א ברודער פון דעם אמאָליגען, א גרויסען יונג מיט נאַקעטע קניע, וועלכער האָט איהם שוין מעהר ניט דערקענט. ביי דעם דאָזיגען געדאַנק האָט ער מורא'דיג געליטען! דעם קינד'ס ליעבע צו איהם איז אָבגעשטאָרבען. קיין שום בונד האָט שוין איצט ניט עקזיס־טירט צווישען זיי. ווען ער זאָל איהם אָנטרעפען, וועט דער קליי־נער שוין מעהר נישט אויסשטרעקען צו איהם זיינע אָרעמס! ער האָט איהם זאָגאַר בייז אָנגעקוקט.

אָבער ביסלעכוויז איז ער רוהיגער געוואָרען, זיין שמערץ האָט זיך איינגעשטילט, דאָס בילד פאַר זיינע אויגען איז בלאַסער געוואָרען, אונבעשטימטער און האָט איהם נור זעלטען ווען גע־פּלאָגט. ער האָט ווידער גענומען לעבען, ווי אַנדערע, ווי אַלע מענ־שען, וועלכע האָבען ניט וואָס צו טהאָן און וועלכע טרינקען זייער גלאָז ביער אויף די מאַרמאָרנע טישלאָך און רייבען אוים זייערע הויזען אויף די סאַמטענע זאָפאַס פון די קאַפע הייזער.

ער איז אַלט געוואָרען אין דעם טאַבאַק רויך. אונטער דעם שיין פון די גאַז ברענערס זיינען איהם די האָאָר אויסגעקראָכען. די וואַננע, וואָס ער האָט יעדע וואָך גענומען, איז איהם פאָרגעקומען ווי א גרויסע פּאַסירונג. דאָס אָבשערען די האָאָר אַלע פערצעהן טעג, דאָס קויפען א נייעם ראָק אָדער א נייע הוט איז שוין געווען גאָר עטוואָס אונגעוועהנליכעס. ווען ער איז מיט א נייער הוט אין זיין לאָקאַל געקומען, האָט ער זיך א לאַנגע צייט בעטראַכט אין שפּיעגעל, פריהער ווי ער האָט זיך געזעצט, האָט דעם הוט עטליכע מאָל אָנגעטהאָן און אויסגעטהאָן, האָט איהם פאררוקט איין מאָל אויף רעכטס און איין מאָל אויף לינקס און צום סוף האָט ער געפרעגט זיין פריינדין, די קאַסירערין, וועלכע האָט איהם נאָכ־געקוקט:

— וואָס זאָגט איהר, קליידט עס מיר?

צוויי־דריי מאָל אַ יאָהר איז ער געגאַנגען אין טהעאַטער, און זומער־צייט האָט ער ווען־ניט־ווען פערבראַכט אַן אָבענד אין אַ טינגל־טאַנגעל אויף דער טשאַמפּ־עליסעע. דאַן איז איהם שטענ־דיג פאַרבליבען עפּעס אַ מעלאָדיע אין געדעכעניש, וועלכע האָט איהם דערנאָך וואָכענלאַנג בעשעפטיגט און וועלכע ער האָט גע־זונגען שטיל, פאַר זיך, צוקלאַפּענדיג דערצו צום טאַקט מיט'ן פוס, בעת ער איז געזעסען ביי זיין גלאָז ביער.

אַ יאָהר נאָך אַ יאָהר איז אַוועק, לאַנגזאַם, אָהן אינהאַלט, אָהן אינטערעס. ער האָט ניט בעמערקט, ווי די יאָהרען זיינען אַוועק־געפלויגען. זיך ניט ריהרענדיג פון פלעק, שוין מעהר ניט אויפ־רעגענדיג זיך פון קיין זאַך, אימער אויף דעם זעלבען פּלאַץ ביי זיין ביער־טיש, איז ער לאַנגזאַם דעם טויט אנטקעגען געגאַנגען, און נור דער גרויסער שפּיעגעל, אויף וועלכען ער האָט אימער זיין, מיט יעדען טאָג גרויער ווערענדיגען קאָפּ, אָנגעשפּאַרט, האָט געצייגט די פערוויסטונג, וואָס די צייט האָט אָנגעמאַכט, די צייט, וואָס פאַרשלינגט אין איהר שנעלען פערביילויפען די מענשען, די אָרימע מענשען.

איצט האָט ער נור זעהר זעלטען געטראַכט פון דער שרעקלי־כער פּאַסירונג, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבען צושטערט, דען זייט יענעם מורא'דיגען אָבענד זיינען צוואַנציג יאָהר אַוועק.

אָבער דאָס לעבען, וואָס ער האָט פון דער צייט אָן געפיהרט, האָט איהם אויסגעמאַטערט, אָבגעשוואַכט און די קרעפטען אויס־געזויגען. און אָפט האָט געזאָגט צו איהם דער ווירט, דער זעקס־טער ווירט, זייט ער האָט צום ערשטען מאָל דעם לאָקאַל בעזוכט:

— הערר פּאַרענט, איהר האָט געדאַרפט האָבען אַ ביסעל בעוועגונג, כאַפּען אַביסעל לופט, זיין אַביסעל אין דאָרף. צייט איינינגע מאָנאַטען האָט איהר זיך זעהר פערענדערט.

און ווען דער גאַסט איז אַרויסגעגאַנגען, האָט זיך דער ווירט אָבגערופען צו דער קאַסירערין:

— מיט דעם אָרימען הערר פּאַרענט האַלט עס שלעכט. עס איז ניט גוט, וואָס ער געהט קיין מאָל ניט אַרויס פון שטאָדט.

רעדט איהר איהם צו, צו אייך האָט ער צוטרויען, אז ער זאָל אבי־סעל ארויספאָהרען. איצט איז שוין באַלד זומער. דאָס וועט איהם ווידער צו זיך ברענגען.

און די קאַסירערין, וועלכע האָט גרויס מיטלייד געהאַט מיט'ן אַלטען גאַסט, האָט יעדען טאָג געזאָגט צו דעם הערר פּאַרענט:

— איהר מוזט ביי זיך פּועל'ן ארויסצופאָהרען און כאַפּען אַ ביסעל פרישע לופט. אַך, אין דאָרף איז אזוי שעהן! די זון שיינט אזוי העל! ווען איך זאָל נור קענען, וואָלט איך מיין גאַנץ לעבען אין דער פרייער נאַטור פערבראַכט.

און זי האָט איהם מיטגעטיילט אַלע איהרע חלומות און האָפ־נונגען, די פּאָעטישע אידעען פון אַלע יענע אָרימע מיידלאַך, וואָס זיצען דאָס גאַנצע יאָהר נאָכאַנאַנד הינטער די גלעזערנע טירען פון אַ קראָם, הערען דעם ליארעם און טומעל אויף די גאַסען און דענ־קען אימער פון דאָס זיסע לעבען אויף'ן דאָרף, פון דאָס לעבען אונ־טער שאָטענדיגע בוימער, אין לאַכענדיגען זנשיין, אויף דער לאָנקע, אין דונקעלען וואַלד, נעבען פּליסענדען טייכעלע, וואו די קיה ליגען אין גראָז, וואו טויזענדער בליהמעלאַך בליהען, בלוי, רויט, געל, לילא, ראָזאָווע, ווייס, אַלע אזוי רייצענד, אזוי פריש אזוי שמע־קעדיג, בלומען, וואָס מען רייסט אויף דעם שפּאַציערגאַנג און בינדט צוזאַמען אין אַ בוקעט.

עס האָט איהר פערשאַפט פערגעניגען צו איהם פון איהר שטענ־דיגער ביינקעניש צו רעדען, די האָפנונגען וועלכע זי האָט ניט גע־קאָנט ערפילען; וועלכע האָבען זיך ניט געלאָזט ערפילען. און ער, דער אָרימער אַלטער מאַן, וועלכער האָט אין לעבען שוין אויף קיין זאַך מעהר ניט געקאָנט האָפען, האָט געהאַט פערגעניגען פון דעם, וואָס ער האָט זי אויסגעהערט. ער האָט זיך געזעצט נעבען בופעט, אום מיט פריילען זאָיע איבער דאָס דאָרפישע לעבען און איבער איהר אליין צו פּלוידערען. און דאַן איז איהם ביסלעכווייז געקומען דער פערלאַנג נאָך אמאָל אַ קוק צו טהאָן אויפ'ן וואַלד, צו זעהן, אויב דאָרט, ווייט פון שטאָדט איז טאַקע אזוי שעהן, ווי זי זאָגט.

איין מאָל אין דער פריה האָט ער געפרעגט:

— וואו קען מען אין דער אומגעגענד פון פּאריז אם בעסטען פריהשטיקען?

זי האָט געענטפערט:

— געהט אויף דער טעראסע פון סיינט־זשערמען, דאָרט איז וואונדער שעהן.

אלס חתן איז ער אמאָל דאָרט געוועזן און דערפאר האָט ער בעשלאָסען דאָרט נאָך אמאָל צו געהן.

אָהן א בעזונדערען גרונד האָט ער אויסגעקליבען א זונטאג, ווייל געוועהנליך פאָהרט מען אוים זונטאג, ווען אפילו מען האָט א גאנצע וואָך אויך גאָרנישט צו טהאָן.

גאנץ פריה איז ער אוועק נאָך סיינט־זשערמען. עס איז געווען אין אָנהויב יולי. דער טאָג העל און ווארעם. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דעם אָפענעם פענסטער פון'ם אייזענבאהן וואגאָן, האָט געקוקט אויף די בוימער און די קליינע זעלטזאמע הייזלאך, וואָס האָבען אין דער אומגעגענד פון פּאריז פאר זיינע אויגען פאר־בייגעשוועבט. אויפ'ן הארצען איז איהם געווען טרויעריג. עס האָט איהם פערדראָסען, וואָס ער האָט נאָכגעגעבען דעם פּלוצימ־דיגען פערלאַנג און זיין אַלטע געוואָהנהייט געשטערט. די לאנד־שאפט, וועלכע האָט זיך שטענדיג געביטען און איז דאָך אימער דיזעלבע געבליבען, האָט איהם מיעד געמאכט. ער האָט געהאַט דורשט. און וואָלט אם ליעבסטען אויף יעדער סטאנציאָן פון וואגאָן ארויס, אום זיך צו זעצען אין א קאפע־הויז, וועלכען ער האָט גע־זעהן הינטער'ן באהן־הויף, איין אָדער צוויי גלאָז ביער אויסטרינ־קען, און דאן מיט דעם נעקסטען צוג צוריק קיין פּאריז געפאָהרען. דערצו האָט איהם די רייזע אויסגעוויזען אזא ווייטע, ווייטע. גאנ־צע טעג האָט ער געקאָנט רוהיג אָבזיצען, ווען ער האָט אימער די אייגענע זאכען געזעהן, אָבער דאָ בלייבען אויף איין פלעק, בעת די לאנדשאפט פאר איהם האָט זיך געהאַלטען אין איין בייטען און ער אליין האָט זיך ניט געקאָנט א ריהר טהאָן, ניין — דאָס איז איהם לאנגווייליג געווען.

טראַצדעם האָט ער געקוקט אויף דער סיינע, ווען זיי זיינען איבער איהר געפאָהרען. ער האָט געזעהן אונטער׳ן בריק שיפלאַך שווימען, געטריבען פון נאַקעטע אָרעמס פון די רודערער מיט שטאַרקע בעוועגונגען. און ער האָט געטראַכט: אָט די דאָזיגע יונגען דאַרט אונטען לאַנגווייליגען זיך אַם ווענינסטענס ניט.

ווען ער האָט דערזעהן דעם פּלוס, ווי ער האָט זיך געצווינגען איבער דער לאַנדשאַפט פון ביידע זייטען בריק, האָט טיעף איהם אין הארצען אַ וואונש ערוואַכט, זיך אָבצושטעלען דאָרט אויפ׳ן ברעג. אָבער דער צוג איז פערשוואונדען אין אַ טונעל און אין אַ ווײַלע ארום האָט ער זיך אָבגעשטעלט אויף דער סטאַציאָן.

פּאַרענט איז ארויס פון וואַגאָן און די הענד אויף הינטער פאַרלעגט, איז מיעד אוועק צו דער טעראַסע. ווען ער איז צוגעקומען צו דער אייזערנער פּאַרענץ, איז ער געבליבען שטעהן, אום די אויסזיכט צו בעטראַכטען. אַן אונענדליכער, פלאַכער פעלד האָט זיך אויסגעצויגען פאַר איהם, גרויס ווי דער ים, מיט דערפער אויסגעזעהט, פול מיט מענשען, ווי גאַנצע שטעדט. ווייסע גאַסען האָבען דורכגעשניטען דאָס ברייטע פעלד. דאָ און דאָרט האָט געגרינט אַ וואַלד, די טייכען פון בעסימענט האָבען געבליצט ווי זילבערנע שפּיעגעל און ווייטע שפּיצען פון די הויכע בערג האָבען זיך קוים אָבגעצייכענט אין דער העלער, בלויליכער לופט. די זון האָט אראָבגעשטראַהלט מיט איהר גאַנצער מאַכט ווארעם און ליכטיג אויף דער ווייטער לאַנדשאַפט, אויף וועלכער עס זיינען נור געלעגען אַ פּאָאָר פריהמאָרגענדיגע נעבעלדיגע שאָטענס, וואָס זיינען אויפגעשטיגען פון דער מיט זון פערגאָסענער ערד און פון דער סיינע, וועלכע האָט זיך ווי אַ לאַנגע, לאַנגע שלאַנג דורך דאָס פעלד געדרעהט, פאַרביי דערפער, פאַרביי בערג.

אַ ווארעם ווינטעלע, אַ פריהלינג ווינטעלע פול מיט בלומענדופט האָט איהם געגלעט, זיך אין זיין ברוסט ארייננעריסען, און האָט, ווי עס שיינט, זיין הארץ אינגער געמאַכט, זיין גייסט אָבגעפרישט, זיין בלוט בעלעבט.

פּאַרענט האָט כמעט פערוואונדערט איהם טיעף איז די לונגען

איינגעזויגען און בעטראַכט מיט אָפענע אויגען די ווייטע לאַנדשאַפט, בעת ער האָט צו זיך געדעדט:

— אַך, ווי שעהן דאָס איז!

דאַן האָט ער געטהאָן אַ פּאָאַר טריט און איז ווידער געבליבען שטעהן אום צו בעטראַכטען. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אז ער מאַכט ענטדעקונגען, ניט מיט די אויגען, נור מיט דער נשמה. ער האָט געפיהלט ווי ער לעבט איבער עטוואָס נייעס, עטוואָס גליק־ליכעס, ווי אונגעריכטע פרייד. ביי דעם דאָזיגען בליק אויף דער אונענדליכער נאַטור האָט זיך פאַר איהם געעפענט אַ גאַנץ נייע וועלט, פון וועלכער ער האָט פריהער קיין שום אהנונג ניט געהאַט.

דער גאַנצער מוראַ'דיגער עלענד פון זיין לעבען, האָט איהם איצט דורך דער העלער ליכטיגקייט, וואָס האָט אויף דער ערד אראָבגעשטראַהלט, געגומען קלאָהר ווערען. ער האָט געטראַכט פון די צוואַנציג יאָהר, וועלכע ער האָט איינטאָניג, טרויעריג, אומעטיג אין זיין קאַפּע־הויז פערבראַכט. ער האָט דאָך אויך געקענט רייזען ווי אנדערע מענשען, ווייט אוועק, צו פרעמדע פעלקער, צו אונ־בעקאַנטע לענדער, איבער ימים, ווייט, ווייט; ער וואָלט זיך דאַן געקאָנט בעגייסטערען פאַר אַלעס, וואָס הויבט אויף אנדערע מענ־שען, פיר קונסט, פיר וויסענשאַפט. ער וואָלט דאַן געקאָנט דאָס לעבען ליעב האָבען אין טויזענד פערשיעדענע פאָרמען און אַרטען, דאָס וואונדערבאַר רייצענדע אָדער שמערצליכע לעבען, וועלכעס האַלט זיך אין איין בייטען, איז אימער אונערקלעהרליך, אימער מערקווירדיג.

איצט איז עס שוין געווען צו שפּעט. איצט האָט ער געוואַנקט פון איין גלאָז ביער צו דער אַנדערער, אָהן אַ פאַמיליע, אָהן פרייד, אָהן האָפנונג, אָהן אינטערעס פאַר וואָס עס איז, און אזוי וועט שוין זיין ביז'ן טויט. און ביי די דאָזיגע געדאַנקען איז אויף איהם אָנ־געפאַלען אַ מוראַ'דיגער טרויער און עס האָט זיך איהם געוואָלט אנטלויפען פון דאַנען, זיך בעהאַלטען, צוריק קיין פאַריז פאָהרען און זיך ווידער אין זיין טונקעלען ווינקעל אין קאַפּע־הויז פערלירען. דורך דאָס בלענדענדע ליכט פון דער זון אויף דעם ברייטען פעלד

האָבען אַלע געדאַנקען, אַלע טרוימען, אַלע פערלאַנגען, וועלכע דרעמלען אין די פארטעמפטע נשמות, ווידער אין איהם אויפגע־וואכט.

ער האָט געפיהלט, אַז ווען ער וועט דאָ נאָך לענגער בלייבען, וועט ער דעם קאָפּ פערלירען, און ער האָט גענומען שנעל געהן צום פּאַוויליאָן אום צו פריהשטיקען, אום זיך צו בעטויבען אין וויין און אַלקאָהאָל און ווענינגסטענס צו רעדען אַ וואָרט מיט ווער עס איז.

ער האָט זיך געזעצט אין גאָרטען ביי אַ קליינעם טישעל, פון וועלכען מען האָט געקאָנט זעהן די גאַנצע לאַנדשאַפט, באַשטעלט זיין עסען און געבעטען, מען זאָל עס איהם אַזוי שנעל ווי מעגליך דערלאַנגען.

אַנדערע שפּאַציערגעהער זיינען געקומען, האָבען זיך געזעצט ביי דערבייאיגע טישלאַך, און ער האָט זיך גענומען פיהלען בעסער, ער איז שוין מעהר נישט געוועזען אַליין.

אין אַ ליעטאַנקע האָבען געפריהשטיקט דריי מענשען. ער האָט זיי אַ פּאָאָר מאָל פארבייגעהענדיג אָנגעקוקט, ווי מען קוקט געוועהנליך אָן פרעמדע, גלייכגילטיגע מענשען.

פלוצים האָט ער זיך אַ טרייסעל געטהאָן אונטער דעם טאָן פון אַ פרויען שטימע.

די דאָזיגע שטימע האָט געזאָגט:

— געאָרג, דו קאָנסט די הוהן דערלאַנגען?

— יאַ, מאַמאַ.

פּאַרענט האָט אויפגעהויבען די אויגען און ער האָט דערפיהלט, האָט זיך גלייך אָנגעשטויסען, ווער די דאָזיגע מענשען זיינען. דער־קאָנען האָט ער זיי געוויס ניט געקאָנט. זיין פרוי איז איצט געוועזען גאַנץ ווייס, זי איז געוואָרען נישקשה׳דיג דיק און האָט אויסגעזעהן ווי אַן אַלטע, ערנסטע, ווירדיגע דאַמע. בעת זי האָט געגעסען, האָט זי דעם קאָפּ אויסגעצויגען, מורא האָבענדיג, זי זאָל ניט מאַכען קיין פלעקען אויף איהר קלייד, הגם זי האָט זיך מיט אַ סערוועטקע די ברוסט צוגעדעקט. געאָרג איז געוואָרען אַ מאַן. ער האָט גע־

קריגען אַ באָרד, יענע כמעט פאַרבלאָזע האָארעלעך, וואָס שפּראָטצען אַרוים ביי די גאַנץ יונגע לייט אויף די באַקען. ער האָט געטראָגען אַ צילינדער, אַ ווייסע וועסט און פענסנע, וואהרשיינליך פון מאָדע ווענגען. פּאַרענט האָט איהם ערשטוינט אָנגעקוקט. דאָס איז גע־ווען געאָרג, זיין זוהן? ניין, דעם דאָזיגען יונגען מאַן האָט ער נים געקאָנט, צווישען זיי ביידע איז נים געווען קיין שום געמיינ־זאַמעס.

לימאוסין איז געזעסען צו איהם מיט'ן רוקען און געגעסען, אָנגעבויגט עטוואָס קרום אין פאַראוים.

די דריי מענשען האָבען געשיינט צו זיין גליקליך און צופריע־דען. זיי האָבען הפּנים נאָר געוואָלט פריהשטיקען אויפ'ן פרייען פעלד אין אַ בעקאַנטען רעסטאָראַן; זייער לעבען האָט געפלאָסען רוהיג, זאָרגלאָז, ווי אַ פאַמיליען לעבען אין אַ בעקוועמער, וואַ־רעמער וואָהנונג, וואו עס האָבען זיך געפונען אַלערליי זאַכען, וועל־כע מאַכען דאָס לעבען אַנגענעהם, וואו זיי האָבען געפונען ליעבע, וואו צערטליכע ווערטער האָבען געקלונגען, ווי געוועהנליך צווי־שען מענשען, וואָס האָבען ליעב איינער דעם אַנדער'ן. אָט אַזוי האָבען זיי געלעבט, אויף זיינע קאָסטען, מיט זיין געלד, נאָך דעם ווי זיי האָבען איהם בעטראָגען, בע'גנב'עט און פערלאָזען. איהם, דעם גוטמוטיגען, אונשולדיגען, נאַאיווען מאַן האָבען זיי צו דעם עלענד, צו דער איינזאַמקייט פעראורטיילט, צו דעם שרעקליכען לעבען, וועלכען ער האָט געפיהרט צווישען גאַס און שענק, צו אַלע גייסטיגע ליידען און צו אַלע קערפּערליכע ענוים. זיי האָבען פון איהם געמאַכט אַ נוצלאָזע, אַ פערלאָרענע באַשעפעניש, אַן אָרימען, אַלטען מאַן, וועלכער האָט שוין נים געהאַט מעהר קיין נחת, און האָט שוין מעהר אויף גאָרנישט געקאָנט האָפען, נים פון זאַכען און נים פון מענשען. פאַר איהם איז די ערד פוסט געווען, ווארום אויף דער דאָזיגער ערד האָט ער גאָרנישט געליעבט. ער האָט געקאָנט די גאַנצע וועלט אויספאָהרען, איבער די גאַסען לויפען, אין אַלע הייזער פון פאַריז אריינגעהן, ער וואָלט סיי ווי סיי הינטער קיין טהיר קיין פּנים נים געפונען, וועמען ער זאָל האָבען געזוכט, וואָס

ער זאָל האָבען געליעבט, וועלכען עס איז פרויען אָדער קינדערשען פנים, וועלכעם זאָל שמייכלען, ווען עס זאָל איהם האָבען דערזעהן.

און די דאָזיגע דריי אויסוואורפען דאָרט זיינען אין דעם שול־דיג געווען, דיעזע אונווירדיגע פרוי, דער דאָזיגער פאַלשער פריינד, און דער גרויסער בלאָנדער יונג דאָרט, וועלכער האָט אזוי אונפער־שעהמט געקוקט גלייך אין דער וועלט אריין.

איצט האָט ער געטראָגען א הארץ אויף דעם קינד גראַד אזוי, ווי אויף די ביידע אַנדערע. איז ער דען ניט געווען לימאוסין'ס זוהן? ווען ניט וואָלט איהם דען לימאוסין ביי זיך געהאַלטען, איהם געליעבט? וואָלט לימאוסין זיך באַלד ניט אָבגעוואָרפען אי פון דער מוטער און אי פון דעם זוהן, ווען ער וואָלט ניט גע־וואוסט אויף זיכער, אז יענער יונג דאָרט איז בעשטימט זיין זוהן? ערציהט מען דען קינדער פון פרעמדע מענשען?

אַט זיינען זיי געזעסען גאַנץ נאָהענט פון איהם, די דאָזיגע דריי פערברעכער, וועלכע זיינען שולדיג געווען אין זיין גאַנצען עלענד.

פאַרענט האָט זיי בעטראַכט און איז אַלץ אויפגערעגטער און בייזער געוואָרען ביי דעם געדאַנק אַן אַלדעם קומער, אַל זיין הארץ וועהטאָג, אַן אַל זיין פערצווייפלונג. מעהר פון אַלעם האָט איהם צורייצט זייער רוהיגער, בעפרידיגטער אויסזעהן. ער האָט געפיהלט ווי זיי צו דער'הרג'ענען, וואַרפען זיי א סיפאָן אין קאָפּ; לימאו־סינ'ען, וועלכער האָט זיך איבער זיין טעלער אריבערגעבויגט, דעם מוח צו צופּלעטען.

זיי האָבען זיך געלעבט אָהן וועלכע עס איז זאָרג, אָהן קומער, אָהן אויפרעגונג. ניין, ניין, דאָס איז געווען צו פיעל! ער האָט געוואָלט אָן זיי נקמה נעהמען, ער האָט געוואָלט גלייך אויפ'ן אָרט אָן זיי נקמה נעהמען, איין מאָל האָט ער זיי דאָ געטראָפען. אָבער ווי? ער האָט עס איבערלעגט און געטראַכט פון מורא'דיגע זאַכען, וועלכע קומען פאָר אין די שפּאַנענדע ראָמאַנען און אין צייטונגען. אָבער קיין פּראַקטישען פּלאַן האָט ער ניט געפונען. און אום זיך צו־צוגעבען מוט, האָט ער געטרונקען איין גלאָז נאָכ'ן אנדער'ן, דען

היינטיגע געלעגענהייט האָט ער ניט געטאָרט דורכלאָזען — ניט אַזוי לייכט וועט ער האָבען אַן אַנדערע.

פּלוצים איז איהם איינגעפאַלען אַ געדאַנק, אַ מוראַ'דיגער געדאַנק. ער האָט אַוועקגעשטעלט זיין גלאָז און גענומען אַרומטראַכטען. ער האָט געמוזט אַ שמייכעל טהון און אַרויסמורמלען.

— גוט, איצט האָב איך זיי, איצט וועלען מיר אַקאָרשט זעהן! איצט וועלען מיר אַקאָרשט אַ קוק טהאָן.

דער קעלנער האָט איהם געפרעגט:

— פערלאַנגט דער הערר נאָך עטוואָס?

— גאָרנישט, נור קאַפע און קאָניאַק; אָבער פון דאָס בעסטע!

און איצט האָט ער זיי גענומען בעאָבאַכטען, ווי זיי טרינקען. אום צו טהאָן, וואָס ער האָט זיך פאָרגענומען, האָט ער געמוזט אָבוואַרטען, ווייל עס זיינען געווען צופיעל מענשען. ער האָט זיך בעשלאָסען צו וואַרטען, זיי נאָכגעהן, ווייל זיי וועלען אודאי געהן אויף דער טעראַסע אָדער אין וואַלד. ווען זיי וועלען אָבגעהן אַ שטיק וועג, וועט ער זיי נאָכפאָלגען, און דאַן זיך מיט זיי אָברעכענען, יאַ, יאַ, זיך אָברעכענען. מען קען ניט זאָגען, אַז עס איז צו פריה, איצט, נאָך דריי און צוואַנציג יאָהר פון ליידען. אָה, זיי האָבען קיין אהנונג ניט געהאַט, וואָס אויף זיי וואַרט.

אין רוהיגער אונטערהאַלטונג האָבען זיי געענדיגט זייער פריהשטיק. פּאַרענט האָט זייערע ווערטער ניט געקאָנט כאַפּען, אָבער ער האָט געזעהן יעדע בעוועגונג זייערע. מעהר ווי אַלץ האָט איהם אַרויסגעבראַכט פון זיך דער פּנים פון זיין פרוי. זי האָט אָנגענומען עפּעס אַ מין פאַרריסענעם, שטאָלצען אויסזעהן, פול ווירדע, עפּעס אַ מין סאָרט „ריהר מיך נישט אָן", מיט שטרענגע פּרינציפּען און הוילער טוגענד געפּאַנצערט.

און אַט האָבען זיי בעצאָהלט און זיינען אויפגעשטאַנען. איצט האָט ער דערזעהן לימאוסינ'ען פון פּאָרענט. ער האָט געהאַט אין זיך עטוואָס פון אַן אויסגעדיענטען דיפּלאָמאַט, דאָס דאָזיגע בכבוד'יגע אויסזעהן האָט ער געהאַט צו פערדאַנקען זיינע שעהנע,

לאַנגע, ווייסע וואָנצעס, פון וועלכע די שפּיצען זיינען אזש ביז אויף דעם שווארצען ראָק ארונטערגעפאַלען.

זיי זיינען געגאַנגען אין פּאָראוים. געאָרג האָט געראויכערט אַ ציגאַר, דעם הוט, מעשה פּראַנט, געטראָגען אָן אַ זייט פון קאָפּ. פּאַרענט איז גלייך אַוועק נאָך זיי.

פריהער האָבען זיי געמאַכט אַ שפּאַציר אויף דער טעראַסע און האָבען בעוואונדערט די לאַנדשאַפט געלאַסען, שטיל, ווי עס פּאַסט פאַר פיינע לייט; דאַן זיינען זיי אַוועק אין וואַלד.

פּאַרענט האָט זיך געריבען די הענד און זיי אַלץ פון ווייטען נאָכגעפאָלגט, האַלטענדיג זיך עטוואָס פאַרשטעקט, אום זייער אויפמערקזאַמקייט ניט צו ערוועקען.

זיי זיינען געגאַנגען מיט קליינע טריט, אין דער ווארימער לופט, אונטער דעם וואונדערבארען גרינעם דאַך. הענריעטטע האָט געגומען לימאוסינ׳ען אונטער׳ן אָרעם. זי האָט געטראָטען גלייך און שטאָלץ ביי זיין זייט, ווי אַ זעלבסטבעוואוסטע, זיכערע פרוי. געאָרג האָט מיט זיין שטעקעל די בלעטער אַראָבגעקלאַפּט, און פון צייט צו צייט מיט איין שפּרונג איבער גראָבענס אריבערגעשפּרונגען, ווי אַ יונג, פייערדיג פערדעל.

פּאַרענט איז ביסלעכווייז צוגעקומען נעהנטער, אויסער אטהעם פאַר אויפרעגונג און מיעדקייט, ווייל ער איז שוין אָבגעוועהנט געוועזען פון געהן. באַלד האָט ער זיי דעריאָגט. אָבער אַן אונערקלעהרליכע, אונבעשטימטע מורא איז אויף איהם אָנגעפאַלען און ער איז זיי פאַרבייגעגאַנגען, אום זיי פון פּאָרענט אנטקעגען צו קומען.

זיין הארץ האָט געקלאַפּט. ער האָט געפיהלט ווי זיי זיינען געגאַנגען הינטער איהם און ער האָט אַלץ גע׳טענה׳ט צו זיך אליין: איצט מוט, מוט. דער מאָמענט איז דאָ, איצט מוז עס זיין.

ער האָט זיך אומגעקעהרט. זיי האָבען זיך אַלע דריי געזעצט אויפ׳ן גראָז צו־פוסען פון אַ גרויסען בוים און האָבען זיך אונטערהאַלטען.

דאָ האָט ער זיך ענטשלאָסען און איז שנעל צו זיי צוגעגאַנ־

גען. ער איז געבליבען שטעהן פאר זיי אין מיטען וועג און געזאָגט מיט א קורצער, פערסאַפּעטער שטימע, פון וועלכער עס האָט זיך געהערט די אויפרעגונג.

— איך בין עס. אָט בין איך. איהר האָט מיך ניט ערוואַרט?

אַלע דריי האָבען אַנגעקוקט דעם פרעמדען מאַן, דענקענדיג, אַז ער איז משוגע.

ער האָט ווייטער גערעדט:

— ווי עס שיינט, דערקענט איהר מיך ניט. קוקט מיך נור גוט אָן. איך בין פּארענט, היינריק פּארענט. נו יאָ, איהר האָט אודאי ניט געדענקט, אַז איצט איז שוין אַלעס אויס, אַז איהר וועט מיך שוין מעהר קיין מאָל ניט זעהן! אָה, ניין, ניין, ניין; אָט בין איך, איצט לאָמיך זיך אָקאָרשט אַברעכענען איינער מיט'ן אַנדערען.

הענריעטטע האָט צושראָקען בעהאַלטען איהר פּנים איןביידע הענד און געשטאַמעלט:

— אַך, מיין גאָט!

געאַרג האָט זיך אויפגעהויבען, ווען ער האָט דערזעהן דעם אונבעקאַנטען, סטראַשענדיג זיין מוטער, און איהם געוואָלט אָנכאַפּען פאַר'ן קאָלנער.

לימאוסין איז געשטאַנען א צושמעטערטער און האָט צושראָקען אַנגעקוקט דעם אַלטען, וועלכער האָט ווייטער גערעדט, נאָך דעם ווי ער האָט א פּאָאַר מאָמענטען אָבגעצויגען דעם אָטהעם:

— אַלזאָ, איצט לאָמיר אָקאָרשט אונטערציהען אונזער רעכענונג. דער אויגעבליק איז געקומען. איהר האָט מיך בעטראָגען, איהר האָט מיך צו א לעבען פון א פערברעכער פעראורטהיילט! און האָט געדענקט, אַז עס איז גאָר נישטאָ דערפאַר קיין פערגעלטונג...

אָבער דער יונגער מאַן האָט איהם א כאַפּ געטהאָן פאַר אַן אַקסעל און אַבגעשטויסען צוריק:

— זייט איהר משוגע? וואָס ווילט איהר פון אונז? טראָגט

זיך גלייך אָב פון דאַנען, אָדער איך וועל אייך צוברעכען די ביי־
נער!

פּארענט האָט געענטפערט:

— וואָס איך וויל? איך וויל דיר זאָגען, ווער אָט די דאָזיגע
לייט זיינען.

אָבער געאָרג האָט איהם אויסער זיך פאַר כעס געטרייסעלט
און איז שוין געווען בערייט איהם צו שלאָגען, ווען דער אנדערער
האָט פאָרטגעזעצט:

— לאָז מיך אָב, איך בין דיין פאָטער! אָט קוק זיי אָן, די
ביידע אויסוואורפען, און זיי, צו זיי דערקענען מיך, צו ניט.

דער יונגער מאַן האָט איהם צושראָקען אָבגעלאָזען און זיך
אַ קעהר געטהון צו זיין מוטער.

פּארענט איז איצט צוגעטראָטען צו איהר:

— אזוי, און איצט זאָג איהם אקאָרשט, ווער איך בין, זאָג
איהם, אז איך הייס היינריק פּארענט און אז איך בין זיין פאָטער,
ווייל ער הייסט דאָך געאָרג פּארענט און דו ביזט דאָך מיין פרוי,
און אז איהר אַלע דריי לעבט פון מיינע געלד, פון מיינע צעהן טויז־
זענד פראַנק, וועלכע איך צאָהל אייך, פון דער צייט אָן, וואָס איך
האָב אייך ארויסגעיאָגט. און דאַן קאָנט איהר איהם נאָך זאָגען,
פאַר וואָס איך האָב אייך ארויסגעיאָגט, ווייל איך האָב דיך מיט
דעם דאָזינגען לומפּ, מיט דעם דאָזיגען הונד דאָרט, מיט דיין גע־
ליעבטען געכאַפּט! און זאָג איהם, אז איך בין געווען אַן אנשטענ־
דיגער מאַן, מיט וועלכען דו האָסט צוליעב זיין געלד געהייראטה
און וועלכען דו האָסט בעטראָגען פון׳ם ערשטען טאָג אָן. זאָג איהם,
ווער איהר זייט און ווער איך בין.

ער האָט מעהר נישט געקאָנט רעדען. דער אטהעם האָט איהם
פערכאַפּט, ער האָט זיך אין גאַנצען געטרייסעלט פאַר כעס.

די פרוי האָט אַ געשריי געטהאָן מיט אַ פערצווייפעלטען טאָן:

— פּאול! פּאול! לאָז איהם ניט ווייטער רעדען. ער זאָל
דאָס מויל האַלטען! דערלאָז ניט, אז ער זאָל אזוי רעדען פאַר מיין
זוהן אין די אויגען.

לימאוסין איז אויפגעשטאַנען און געזאָגט מיט א דומפּפּען קול:

— שווייגט, שווייגט! ווייסט איהר דען ניט, וואָס איהר טהוט דאָ אָן?

פּאַרענט האָט געענטפערט מיט גאַל:

— איך ווייס זעהר גוט, וואָס איך טהו, און דאָס איז נאָך ווייט ניט אַלעס. איינס וויל איך וויסען, עטוואָס, וואָס פּלאָגט מיך זייט צוואַנציג יאָהר.

ער האָט זיך אומגעקעהרט צו געאָרג׳ן, וועלכער האָט זיך אַ צושראָקענער אָן אַ בוים אָנגעשפּאַרט:

— דו, הער זיך אַקאָרשט צו. ווען זי איז דאַן פון מיר אוועקגעגאַנגען, האָט זי געדענקט, אַז עס איז נאָך נישט גענוג, וואָס זי האָט מיך אָבגענאַרט, נור זי האָט נאָך געוואָלט מיך משוגע מאַכען אויך. דו ביזט געווען מיין איינציגער טרייסט. זי האָט דיך מיטגענומען און מיר געשוואָרען, אַז איך בין ניט דיין פּאָטער, נור, אַז דער אָן דאָרט איז דיין פּאָטער. האָט זי געלייגט? איך ווייס נישט. זייט צוואַנציג יאָהר, אַז איך וויל עס וויסען.

ער איז צוגעטראָטען גאַנץ נאָהנט צו איהר מיט טראַגישע מינעס, אויף וועלכע עס איז געווען אַ שרעק צו קוקען, איהר אַ ריס געטהאָן די האַנד פון פּנים און אויסגערופען:

— איך פאָדער דיך איצט אויף, מיר צו זאָגען, ווער פון אונז ביידע איז דער פאָטער פון דעם יונגען מאַן דאָ, ער אָדער איך, דיין מאַן אָדער דיין געליעבטער. פאָרווערטס איצט, שנעל אָן ענטפער.

לימאוסין האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף איהם. פּאַרענט האָט איהם פון זיך אָבגעשטויסען מיט אַ ווילדען געלעכטער:

— אהא, היינט ביזטו מוטיגער, ניט אמת, היינט ביזטו מוטיגער ווי דעמאָלט, ווען דו ביזט פון די טרעפּ אנטלאָפען, ווייל אַז ניט וואָלט איך דיר דאַן דעם טויט געמאַכט. נו, ווען זי ענטפערט ניט, דאַן ענטפער כאָטש דו, דו מוזט דאָך עס גראד אזוי גוט וויסען, ווי זי. איצט זאָג מיר, ווער איז דער פאָטער פון דיעזען יונג? פאָרווערטס, רעד!

ער איז ווידער צוגעטראָטען צו זיין פרוי:

— ווען דו ווילסט עס מיר ניט זאָגען, טאָ זאָג עס ווענינגס־טענס דיין זוהן. היינט איז ער אַ מאַן און איצט האָט ער דאָס רעכט צו וויסען, וואר עס איז זיין פאָטער. איך וויים עס ניט, איך האָב עס קיין מאָל ניט געוואוסט, קיין מאָל ניט, און איך קען עס דיר ניט זאָגען, מיין קינד.

ער איז אין גאַנצען משוגע געוואָרען, זיין שטימע האָט אָנגע־נומען אַ שארפען קלאַנג און ער האָט געמאַכט מיט די הענד, ווי אַן עפּילעפּטיקער.

— נו, נו, ריהרט זיך, ענטפערט מיר דאָך. — זי ווייס אַליין ניט, איך ווער ווענען, אַז זי ווייסט ניט — אפשר ווייס דער טייַ־פעל, זי ווייס עס ניט! זי האָט מיט ביידע געשלאָפען, אָה, אָה, קיין מענש ווייס עס ניט, קיין מענש. פון וואַנען זאָל מען עטוואָס אזוינס וויסען? און דו, מיין אינגעל, וועסט אויך נישט וויסען, וועסט קיין מאָל נישט וויסען, וועסט קיין מאָל ניט זיין זיכערער פון מיר. אָט פרעג זי אקאָרשט, פרעג זי אדרבה, דו וועסט זעהן, אַז זי ווייס עס נישט, איך אויך נישט, ער אויך נישט, דו אויך נישט, קיין מענש ווייס עס נישט. דו קאָנסט נור אויסקלייבען, יאָ, אויסקלייבען קאָנסטו צווישען איהם און מיר. אַלזאָ, קלייב זיך אוים — און דערווייל אַ גוטע נאַכט. איצט איז אַלעס אוים. ווען זי זאָל זיך ענטשליסען דיר עס צו זאָגען, דאַן קענסטו מיך לאָזען וויסען אין האָטעל די פּינף וועלט טהיילען. דו וועסט עס טהאָן, ניט אמת? עס וועט מיר פערשאפען גרויס פרייד עס צו ערפאהרען. אַ גוטע נאַכט, איך ווינש אייך פיעל פערגעניגען.

און מאַכענדיג היציג מיט די הענד איז ער אוועק און נאָך אַלץ געערדט פאַר זיך, געהענדיג אונטער די גרויסע בוימער אין דער פרישער, פרייער שמעקעדיגער לופט. ער האָט זיך ניט אומגע־דרעהט, אום זיי נאָך אַ מאָל צו זעהן, ער איז אוועק מיט זיין וועג. איהם האָט געטריבען דער כעס, די פערצווייפלונג און די פיקסע אי־דעע, וועלכע האָט איהם דעם קאָפּ צומישט.

פּלוצים איז ער געבליבען שטעהן ביים באהנהויף. אַ צוג האָט

נור וואָס געדאַרפט אַבגעהן. ער האָט זיך געזעצט אין וואַגאָן. און בעת׳ן פאָהרען האָט זיך זיין כעס איינגעשטילט. ער איז ווידער געוואָרען דער בעל הבית איבער זיינע געפיהלען און ווען ער האָט זיך צוריק געקעהרט אין פּאַריז, האָט ער זיך אַליין געוואונדערט איבער זיין כעס.

ער האָט זיך געפיהלט צובראָכען, ווי מען וואָלט איהם אַלע זיינע ביינער צושלאָגען. טראָצדעם איז ער אוועק אין זיין לאָקאַל, אום זיין גלאָז ביער צו טרינקען.

ווען פריילין זאָיע האָט איהם דערזעהן אריינקומענדיג, האָט זי ערשטוינט געפרעגט:

— שוין צוריק? זייט איהר מיעד?

ער האָט געענטפערט:

— יא, יא, זעהר מיעד, זעהר מיעד. ווייסט איהר, אז מען איז ניט צוגעוואָהנט אויסצופאָהרען... אָבער פאַר מיר איז עס גע־נוג, איך געה מעהר קיינמאָל ניט אין דאָרף. עס וואָלט געווען גליי־כער, איך זאָל דאָ בלייבען. יעדענפאַלס איצט ברענגען מיך קיין צעהן פערד ניט ווידער אהין.

און טראָץ אַלע איהרע בעמיהונגען האָט זיך איהר ניט איינ־געגעבען אַרויסצוקריגען פון איהם וואָס־עס־איז פון זיין שפּאַציער־פאָהר.

און צום ערשטען מאָל אין זיין לעבען, האָט ער זיך אין יענעם אָבענד אָנגעטרונקען טויט שיכור, אזוי אז מען האָט איהם געמוזט ברייינגען אהיים.



# דאָרפישע צווייטיגקייטען



ער געריכטס־זאאל פון'ם ציוויל געריכט אין זשאַזשעוויל איז פול מיט דאָרפסלייט, וועלכע זיצען אונבעוועגליך פאזע די ווענט און ווארטען אויף דעם אָנהויב פון דער זיצונג.

צווישען זיי זיינען פאראן גרויסע, קליינע, דיקע, מיט רויטע פנימ'ער און אויסגעדארטע, וועלכע זעהען אויס, ווי זיי וואָלטען געווען אויסגעשניצט פון אַלטען האָלץ.

זיי האָבען אראָבגעלאָזען זייערע קערב אויפ'ן פאָל און ווארטען שווייגענדיג, רוהיג, נאָכדענקענדיג איבער זייערע זאכען. זיי האָבען מיט זיך מיטגעבראכט דעם גערוך פון שטאל, פון שוויים, פון זויער־מילך און מיסט. אויף דעם ווייסען סופיט זשומען א פּאָאר פליגען און דורך דער אָפענער טיר הערט מען דאָס קרעהען פון א הוהן.

אויף א מין סאָרט ביהנע שטעהט א לאנגער טיש בעצויגען מיט גרינעם טוך, לינקס זיצט אן אַלטער צורונצעלטער מאַן און שרייבט, רעכטס אויף א שטול זיצט א זשאנדאר און קוקט פאר זיך אין דער לופט אריין. אויף דער נאקעטער וואנד הייננט א גרויסער הילצערנער בילד פון קריסטוס'ן מיט א שמערצליכען אויסדרוק.

צום סוף בעוויזט זיך דער פריעדענס־ריכטער. ער איז א בעלייבטער מיט א רויטען פנים, און ביי זיין שנעלען גאנג פלאַטערט דער לאנגער שווארצער ריכטער־מאנטעל ארום איהם ארום. ער זעצט זיך, לעגט אוועק דעם הוט אויפ'ן טיש און קוקט אָן די אָנוועזענדע מיט טיעפער פעראכטונג.

ער איז דער למדן פון יענער געגענד, א מענש מיט ליטערא־

רישער בילדונג, וועלכער לעזט האָראַץ, האָט ליעב וואָלטער'ס קליי־נע פערזען און וויים אויף אויסענווייניג לאַפּאָנטען'ס פאבעלס פונקט אַזוי גוט ווי פּאַרנים געדיכטע.

ער הויבט אָן:

— פּאָטעל, איצט רופט שנעל אוים די קלאגען!

דער געריכטסשרייבער הויבט אויף זיין פליכעוואַטען קאָפּ און מורמעלט מיט אַן אונפערשטענדליכער שטימע:

— מאדאם וויקטאָריא באַסקיול געגען איזידאָר פּאַטוראָן.

עס טרעט אַרוים אַ ריעזיגע פרוי, אַן אמת'ע דאָרפ'ס פרוי, וועלכע שטאַמט פון דעם הויפּט אָרט פון יענער געגענד. זי טראָגט אַ הוט מיט בענדער, אַ גרויסע קייט פון אַ זייגער, רינגען אויף די פינגער און בליסטשענדיגע אויררינגלאַך, וועלכע לייכטען ווי אַ פּאָאַר אָנגעצונדענע ליכט.

דער פריעדענס ריכטער בעגריסט זי ווי אַ בעקאַנטע, מיט אַ שנעלען שפּאָטישען בליק און זאָגט:

— מאדאם באַסקיול ברענגט אריין אייער קלאגע.

די געגען פּארטיי געפינט זיך אויף דער אַנדערער זייט. זי בעשטעהט פון דריי פּאַרשוין: אין מיטען אַ יונגער פויער פון אַ יאָהר פינף און צוואַנציג מיט פולע רויטע באַקען, ווי די עפּעל. רעכטס פון איהם זיין מאָגערע, קליינע, יונגע פרוי, וועלכע זעהט אוים ווי אַ הוהן מיט איהר קליין קעפּעל, אויף וועלכען זי טראָגט אַ ראָזאָווע הייבעל, ווי אַ הוהן אַ קאַם. איהרע אויגען זיינען קיי־לעכדיגע, זיי קוקען ערשטוינט און פול כעס און זי אין גאַנצען קוקט פון דער זייט, ווי אַ גאַנז.

לינקס פון'ם יונגען מאַן שטעהט זיין פאָטער, אַן אַלטער איינ־געבויגענער פויער, וועמעס איינגעשרומפּפטער קערפּער ווערט פאַרלאָרען אין דער קראָכמאַלענער בלוזע, ווי אונטער אַ גלאָק.

מאדאם באַסקיול הייבט אָן:

— הערר פריעדענס־ריכטער! מיט פופצעהן יאָהר צוריק האָב איך דעם דאָזיגען יונג דאָרט צוגענומען צו זיך. איך האָב איהם אויסגעהאָדעוועט און געליעבט ווי אַ מאַמע. איך האָב פאַר איהם אַלעס געטהאָן, איך האָב איהם געמאַכט פאַר אַ מאַן. ער האָט

מיר פאַרשפּראָכען, ער האָט מיר געשוואָרען, אז ער וועט מיך קיינמאָל ניט פאַרלאָזען, ער האָט מיר זאָגאַר געגעבען א געשריע־בענעם פּאַפּיער שווארץ אויף ווייס און זייענדיג זיכער מיט איהם, האָב איך איהם דערפאַר אָבגעגעבען מיין קליינעם גוט, מיין הויף: בעק־דעה מארטין. ער איז ווערט א זעקס טויזענד פראַנק. און דאָ קומט אזא קליינער גאַרנישט, אזא נול, אזא פאַרזעהעניש...

דער פריעדענס־ריכטער אונטערברעכט איהר:

— רוהיגער, מאדאם באסקיול, אָהן בעליידיגונגען.

מ א ד א ם ב א ס ק י ו ל: א קליינע... א קליינע... זי פאַר־דרעהט איהם דעם קאָפּ, מאַכט איהם איך ווייס אליין ניט וואָס. און דער נאַרישער יונג, דער גרויסער אָקס נעהמט און האָט חתונה מיט דער דאָזיגער מיאוסקייט און גיט איהר נאָך אַלס נדן מיין גוט בעק־דע־מארטין. ניין, ניין, אזוי האָב איך מיט איהם ניט אָבגעמאַכט, ניין! איך האָב א פּאַפּיר וועגען דעם, שווארץ אויף ווייס, אָט דאָ איז עס! איצט דאַרף ער מיין גוט צוריק אָבגעבען, מיר האָבען זיך אָבגעשריבען ביי א נאָטאריוס וועגען דעם גוט און דאַן האָבען מיר זיך נאָך אָבגעשריעבען פריוואַט אוים פריינדשאַפט.

זי דערלאַנגט דעם פריעדענס־ריכטער א גרויסען, צוזאַמענגע־לעגטען געשטעמפּעלטען פּאַפּיר.

א י ז י ד אָ ר פּ אַ ט ו ר אַ ן: דאָס איז ניט אמת.

ד ע ר פ ר י ע ד ע נ ס ר י כ ט ע ר: שווייגט, איהר וועט רעדען, ווען אייער צייט וועט קומען. — ער לעזט:

„איך דער אונטערצייכענטער פאַרשפּרעך דאָ דער מאַדאם באסקיול, מיין וואָהלטעטערין, אז איך וועל זי קיינמאָל ניט פאַר־לאָזען, אזוי לאַנג ווי איך לעב און וועל איהר שטענדיג דיענען געטריי.

ז ש א ז ש ע ו ו י ל ל, דעם 5טען אויגוסט, 1883.

ד ע ר פ ר י ע ד ע נ ס ר י כ ט ע ר: אנשטאָט אן אונ־טערשריפט שטעהט א צלם. איהר קענט דען ניט שרייבען?

א י ז י ד אָ ר: ניין, איך קען ניט.

ד ע ר ר י כ ט ע ר: ווער דען האָט עס געמאַכט?

א י ז י ד אָ ר: זי האָט עס געמאַכט.

ד ע ר ר י כ ט ע ר: זייט איהר בערייט צו שווערען, אז איהר האָט ניט געמאַכט דעם צלם?

א י ז י ד אָ ר (שנעל): איך שווער אויף מיין פאָטער'ס, אויף מיין מוטער'ס, אויף מיין זיידענ'ס און מיין באָבע'ס קאָפּ און פאַר דעם ליעבען גאָט, וועלכער הערט מיך אצינד, אז איך האָב עס ניט געמאַכט. (ער הויבט אויף די האנד און שפייט אויס אָן דער זייט, אום צו בעשטעטיגען זיינע רייד).

ד ע ר ר י כ ט ע ר (לאַכענדיג): אין וואָס פאַר א בעציהונגען זייט איהר געשטאַנען צו מאַדאַם באסקיול?

א י ז י ד אָ ר: זי איז געוועזען מיין בליצאבלייטער! (איז זאָאַל ברעכט אויס אַ געלעכטער).

ד ע ר ר י כ ט ע ר: איהר ווילט זאָגען, אז אייערע בעציהונגען צו דער דאַמע זיינען ניט געוועזען אזוי ריין, ווי זי פאַרזיכערט?

פּאָטער פאטוראָן נעהמט דאָס וואָרט:

— הערר ריכטער, ער איז נאָך ניט געוועזען קיין פופצעהן יאָהר אַלט, ווען זי האָט איהם פאַרפיהרט.

ד ע ר ר י כ ט ע ר: וואָס מיינט איהר פאַרפיהרט?

ד ע ר פּ אָ ט ע ר: איך מיין פשוט! ער איז נאָך ניט אַלט געוועזען קיין פופצעהן יאָהר. פיער יאָהר האָט זי איהם געקאָרמעט ווי א גאַנז, האָט געשטופּט אין איהם, אז ער האָט געקענט פּלאַצען. און ווען די צייט איז געקומען, ער איז אונטערגעוואַקסען אביסעל, האָט זי איהם פאַרדאָרבען.

ד ע ר ר י כ ט ע ר: פערדאָרבען, פערדאָרבען... און איהר האָט עס רוהיג צוגעלאָזען?

ד ע ר פּ אָ ט ע ר: איין מאָל מוז עס דאָך זיין, וואָס איז דער אונטערשיעד צי מיט דער אָדער מיט אַן אנדערער...

ד ע ר ר י כ ט ע ר: טאָ וואָס בעקלאָגט איהר זיך?

ד ע ר פּ אָ ט ע ר: איך בעקלאָג זיך ניט, איך בעקלאָג זיך גאָר ניט, איך מיין נור, אז ווען ער וויל מעהר ניט האָבען מיט איהר צו טהאָן, דאַן דאַרף מען איהם מיט געוואַלד ניט צווינגען. איך פערלאַנג, אז דאָס געזעץ זאָל איהם בעשיצען.

מ א ד א ם  ב א ס ק י ו ל: העדר ריכטער, די לייטע פאַר־וואַרפען מיך מיט ליגענס, איך האָב איהם געמאַכט פאַר א מאַן.

ר י כ ט ע ר: ווירקליך!

מ א ד א ם  ב א ס ק י ו ל: און אלס דאַנק דערפאַר פאַר־לייקענט ער מיך, פאַרלאָזט ער מיך און גנב'עט ביי מיר אוועק מיין אייגענטהום.

א י ז י ד א ר: דאָס איז ניט ריכטיג, העדר ריכטער, לאָזט מיר אייך דערצעהלען: נאָך מיט א יאָהר פינף צוריק האָב איך זי שוין געוואָלט פאַרלאָזען, ווייל זי האָט אלץ מעהר פון מיר פער־לאַנגט און מיר האָט עס שוין דערעסען, נו יאָ, עס האָט מיר דער־עסען און איך האָב איהר געזאָגט, אז איך וויל פון איהר אוועק. דאַן האָט זי זיך צוקלאָגט, ווי א ביבער, און מיר צוגעזאָגט דעם הויף בעק־דע־מארטין, אויב איך וועל בלייבען מיט איהר נאָך א פּאָאר יאָהר, פיער אָדער פינף יאָהר. איך האָב א טראַכט געטהאָן: עטליכע יאָהר, ניט קיין אונגליק, איך קען בלייבען. וואָס וואָלט איהר דען אויף מיין פּלאַץ געטהאָן? איך בין אלזאָ פאַרבליבען נאָך פינף יאָהר. איך האָב איהר געריענט יעדען טאָג, יעדע שטונדע. און איצט זיינען מיר קוויט. יעדער האָט געקריגען וואָס איהם קומט. איך האָב דעם הויף כשר פאַרדיענט. איך בין איהם ווערט געוועזן.

איזידאָר'ס פרוי, וועלכע איז ביז אהער געזעסען שטיל, גיט זיך פּלוצים א כאַפּ און קוויטשעט אויס מיט א שפּיציגער שטימע, ווי א פּאַפּוגאיי.

— קוקט זי אָן, העדר ריכטער, קוקט אָן די אַלטע פּאַדלע, און זאָגט אליין, אויב עס איז ניט ווערט געוועזן דעם הויף!

דער פאָטער טהוט א שאָקעל מיט'ן קאָפּ און זאָגט מיט אָן איבערצייגטען טאָן:

— ביי גאָט, עס איז ווערט געוועזן.

מאדאם באסקיול זעצט זיך אויף א באַנק און הויבט אָן צו וויינען.

דער ריכטער רופט זיך אָן צו איהר אין א פאָטערליכען טאָן:

— וואָס ווילט איהר, געעהרטע פרוי, איך קען אייך דאָ גאָר־

נישט העלפען. איהר האָט אייער גוט בעק־דע־מאַרטין איבערגע־
געבען אויף א גאַנץ געזעצליכען אופן. איצט געהערט ער צו איהם,
אין דעם איז קיין שום צווייפעל נישטאָ! ער האָט א רעכט צו
טהאָן דערמיט וואָס ער וויל און עס איז ניט קיין עולה וואָס ער
האָט עס זיין פרוי אריינגעגעבען אין נדן. עס איז ניט מיין זאַך
צו בעריהרען געוויסע דעליקאַטע פראַגען. איך קען די טהאַט־
זאַכען בעטראַכטען בלויז פון'ם שטאַנדפונקט פון געזעץ, איך קען
אייך דאָ גאָרנישט העלפען...

ד ע ר  א ל ט ע ר  פ א ט ו ר א ן (מיט שטאָלץ): קענען
מיר איצט אהיים געהן?

ד ע ר  ר י כ ט ע ר: יאָ.

זיי געהען אוועק מיט נצחון, ווי לייטע, וואָס האָבען געוואונען
א פראָצעס און די פויערים קוקען זיי נאָך מיט פריינדליכע בליקען.
פרוי באַסקיול שלוכצט אויף איהר באַנק.

דער פריעדענסריכטער ווענדעט זיך צו איהר מיט א שמייכעל:

— געעהרטע פרוי, קומט צו זיך. הערט אויף, איהר מוזט
קומען צו זיך. ווען איהר זאָלט מיר ערלויבען אייך געבען אַן עצה,
וואָלט איך אייך געראַטען, איהר זאָלט זיך אויפזוכען אַן אַנדער
איינגעל צו ערציהען.

פרוי באַסקיול אונטער טרערען:

— איך קען קיין אַנדערען ניט געפינען.

ד ע ר  ר י כ ט ע ר: עס טהוט מיר זעהר לייד, וואָס איך
קען אייך ניט אָנווייזען קיין אַנדערען.

זי וואַרפט א פאַרצווייפעלטען בליק צום בילד פון ליידענדען
קריסטוס, וועלכער הייננט דאָרט אויבען אויפ'ן קרייץ, דאַן שטעהט
זי אויף און געהט אַרויס מיט קליינע טריט, שלוכצענדיג, דאָס
פּנים מיט א טאַשענטיכעל פאַרשטעלט.

דער ריכטער ווענדט זיך צום געריכטס שרייבער און זאָגט אין
א שפּאַסיגען טאָן:

— קאַליפּסאָ האָט זיך ניט געקענט טרייסטען צוליעב דער אַברייזע פון אַדיססעאוס.

דאַן רעדט ער ווייטער מיט דעם טאָן פון א בעאַמטען:

— רופט אוים די נעקסטע קלאַגע.

דער געריכטס־שרייבער שטאַמעלט:

— צעלעסטין פּאָליט לעקאַשעור געגען פּראָספּער מאַגלאָרע דיעלאַפּאיט...



# זעלבסטמארדען



ס פערגעהט ניט א טאג, אז מען זאל ניט לעזען אין וועלכע ניט איז צייטונג אט אזא שטיקעל נייעס:

„אין דער נאכט פון מיטוואך אויף דאנערשטאג זיינען די איינוואהנער פון אזא און אזא הויז אויפגעוועקט געווארען פון צוויי שאסען, וועלכע האבען געפאלגט איינער נאך דעם אנדערען. די שיסעריי האט זיך געהערט פון א וואהנונג, וועלכע הערר איקס האט געדונגען. מען האט געעפענט די טיר און געפונען דעם מאן שווימענדיג אין זיין בלוט, נאך מיט דעם רעוואלווער אין האנד, מיט וועלכען ער האט זיך געטויטעט.

הערר איקס איז געווען זיבען און פופציג יאהר אלט, האט געלעבט אין וואוילטאג און האט געהאט אלעם אום גליקליך צו זיין. מען האט ניט געפונען קיין שום אורזאכע פאר זיין אונגליקליכען ענטשלוס“.

וואס פאר א טיעפע שמערצען, וואס פאר וואונדען אין הארצען, וואס פאר א פארבארגענע פערצווייפלונג האט געטריעבען דעם דאזיגען מענשען, וועלכער האט געלעבט אין אזעלכע גוטע אומשטענדען צום זעלבסטמארד? מען זוכט, מען טראכט אוים עפעס א ליעבעס דראמא אדער שלעכטע געשעפטען און אזוי ווי מען געפינט קיינמאל ניט אוים עטוואס געוויסעס, בלייבט דער טויט פון דעם דאזיגען מענשען פאר אונז א רעטעניש.

און טאמער פאלט אונז אין די הענד אריין א בריעף, וואס אזא מין „זעלבסטמערדער אהן א גרונד“ האט געשריעבען אין דער לעצטער נאכט, בעת דער אנגעלאדענער רעוואלווער איז געלעגען פאר זיינע אויגען, זוכען מיר אין איהם אומזיסט עפעס א גרויס אונגליק,

א קאטאסטראָפע, וועלכע זאָל האָבען געפיהרט צו דער פערצווייפעל־טער טהאט. אָבער ער צייגט די ביסלעכוויים׳דיגע ווירקונג פון די קליינע ליידען פון לעבען, די צורודערטקייט פון אן איינזאמען מענ־שען, וועמעס חלומות זיינען פארשוואונדען, ער דעקט אויף די גריב־דע פון אזא טראגישען סוף, גרינדע, וועלכע נור נערוועזע, און טיעף פיהלענדע מענשען קענען פארשטעהן.

אָט איז א בריעף:

„עס איז האַלבע נאכט. אזוי שנעל ווי איך וועל ענדיגען די דאָזיגע שורות, וועל איך זיך טויטען. ווארום? איך וויל פּרובירען עס צו ערקלעהרען, ניט פאר די, וואָס וועלען עס לעזען, נור פאר מיר אליין, כדי מיר צו־צוגעבען מוטה, כדי זיך אליין צו איבערציי־גען אין דער אונאננענעהמער נויטווענדיגקייט פון מיין ענטשלוס, וועלכער קען אָבגעלייגט אָבער ניט אויפגעגעבען ווערען.

איינפאַכע גלויבינע עלטערן האָבען מיך ערצויגען און איך האָב געגלויבט אזוי ווי זיי.

מיין טרוים האָט געדויערט לאנג; ערשט יעצט זיינען אראָב־געפאלען די לעצטע שלייערס דערפון.

שוין זייט עטליכע יאָהר געהט אין מיר פאָר עטוואָס בעזונ־דערעס. אלע פאסירונגען אין לעבען, וועלכע האָבען אמאָל אין מיינע אויגען געשטראהלט מיט העלע פארבען, ווערען אלע בלאסער און בלאסער. די הארטע ווירקליכקייט האָט מיר געוויזען וואָס פאר א בעדייטונג אלע זאכען האָבען. דער אמת׳ער הינטערגרונד פון דער ליעבע האָט מיר פארמיאוסט אפילו די פּאָעטישע צערטליכקייט פון איהר.

מיר זיינען אן אייביגער שפּיעלבעל פון שעהנע אָבער נארישע חלומות, וועלכע האלטען זיך אין איין ווידערהאָלען.

און דאן, ווען איך בין שוין עלטער געוואָרען און האָב א מאך געטהאָן מיט דער האנד אויף דעם גאנצען עלענד פון אונזער לעבען, אויף דער נוצלאָזיגקייט פון אלע אונזערע בעמיהונגען, אויף דער נישטיגקייט פון אלע אונזערע ערוואַרטונגען, האָבען זיך מיר פּלוצים געעפענט די אויגען און איך האָב דערזעהן די נישטיגקייט פון אלע זאכען. היינט אין אָבענד האָב איך עס דערזעהן, היינט נאָכ׳ן עסען.

פריהער בין איך געווען פרעהלאך, לעבעדיג, אלעס האָט מיך אמוזירט: די פרויען, וועלכע זיינען פארבייגעגאנגען, די גאס, מיין הויז. איך האָב זיך זאָגאר געזאָרגט וועגען דעם שניט פון מיינע אנצוגען. אָבער די אייביגע ווידערהאָלונג פון דיזעלבע זאכען האָט אויפ'ן סוף אָנגעפילט מיין נשמה מיט לאנגווייליגקייט און פארדרוס, זוי ווען אימיצער וואָלט יעדען אָבענד געזעהן אין טהעאַטער איין און די זעלבע שטיק.

זייט דרייסיג יאָהר שטעה איך יעדען טאָג אויף אין דערזעלבער צייט און עס זייט דרייסיג יאָהר אין דער זעלבער שעה, אין'ם זעל־בען רעסטאָראן דיזעלבע שפּייזען, וועלכע פערשיעדענע קעלנער דער־לאנגען מיר.

איך האָב פּרובירט צו רייזען. די פאַרלאָזענקייט, וועלכע מען פיהלט אין דער פרעמד, האָט אויף מיר ארויפגעוואָרפען א מורא. איך האָב זיך געפיהלט אזוי עלענד, אזוי אליין אין דער וועלט, אז איך בין שנעל צוריק אהיים געפאָהרען.

אָבער דאָ האָב איך ווידער פאַר מיר געהאַט דעם זעלבען אָנבליק פון מיינע מעבעל, וועלכע שטעהען זייט דרייסיג יאָהר אויף דעם זעלבען אָרט. איך האָב געזעהען מיינע אָבגעניצטע שטור־לען, וועלכע זיינען אמאָל געווען ניי. איך האָב איינגעזויגען אין זיך דעם גערוך פון מיין וואָהנונג — דען יעדע היים נעהמט מיט דער צייט אָן א געוויסען גערוך. און די דאָזיגע אלע זאכען האָ־בען ביי מיר ארויסגערופען אן עקעל און ארויפגעיאָגט אויף מיר א מרה־שחורה.

אלעס, אלעס ווידערהאָלט זיך. די אָרט און ווייזע ווי איך שליס אויף מיין טיהר, ווען איך קום אהיים, דער פּלאַץ, וואו איך געפין שטענדיג די שוועבעלאך, דער ערשטער בליק אין מיין צימער, ווען עס ווערט ליכטיג, דאָס אלעס צומישט מיך אזוי, אז איך וואָלט זיך וועלען ארויסשליידערען פון פענסטער, אבי די אלע איינטאָניגע זאכען, פון וועלכע מיר קענען קיין מאָל ניט פּטור ווע־רען, מעהר ניט דאַרפען אָנקוקען.

טעגליך בעת'ן ראזירען זיך פאַלט אויף מיר אן א שטאַר־קער פערלאנג מיר דורכצושניידען דעם האלז, ווען איך קוק אין קליין

שפּיגעלע אויף מיין אָנגעזייפּטען פּנים, וועלכער בלייבט אימער דער אייגענער, ווערט מיר טרויעריג אויפ׳ן האַרצען און אויף מיי־נע אויגען בעווייזען זיך טרערען.

איך טרעף זיך ניט גערן מיט די מענשען, מיט וועלכע איך האָב אַמאָל ליעב געהאַט צו פערברייננגען, אזוי געגוי קען איך זיי, אזוי גענוי ווייס איך וואָס זיי וועלען זאָגען, וואָס איך וועל ענט־פערען און פון וואָס מיר וועלען רעדען. דער מות איז ווי א צירק, אין וועלכען אַן אָרעמער געבונדענער פערד לויפט אַרום און אַרום אין א קרייז. ווי מיר זאָלען זיך נישט ווערען, נישט אַר־בייטען און מאַטערען זיך, קענען מיר פון דעם דאָזיגען ענגען קרייז נישט אַרויס, קענען ניט טהאָן א שפּרונג אָן דער זייט, קענען ניט וואַרפען א בליק אין דאָס אונבעקאַנטע. מיר מוזען זיך אימער דרעהען אין דעם קליינעם צירקעל פון דיזעלבע געדאַנקען, פריידען, שפּאַסען, געוואָהנהייטען, ערוואַרטונגען און דעם זעלבען עקעל.

היינט ביי נאַכט איז געווען א שרעקליכער נעבעל. ער האָט אין גאַנצען איינגעהילט די בולוואַרען און די אומעדיגע גאַז־ברענערס האָבען געצוקט ווי חלב׳נע ליכטלאַך. איך האָב זיך געפיהלט נאָך טרויעריגער ווי געוועהנליך. וואַהרשיינליך איז ביי מיר דער מאָגען נים אין אָרדנונג און איך פערדייה שלעכט.

א גוטער מאָגען בעדייטעט אַלעס אויף דער וועלט. ער גיט דעם קינסטלער געדאַנקען, די יונגע לייט ליעבעס פערלאַנגען, דעם דענקער מאַכט ער קלאָהר דעם קאָפּ און אַלע מענשען מאַכט ער לעבעדיג און פרעהליך און לאָזט זיי א סך עסען — איינס פון די גרעסטע גליקען וואָס איז דאָ אויף דער וועלט. א קראַנקער מאָגען רופט אַרויס צווייפעל, אומעדיגקייט, אונגלויבען און בייזע, פינ־סטערע געדאַנקען. דאָס האָב איך שוין אָפּט בעמערקט. פּיליכט וואָלט איך זיך ניט געטויטעט, ווען מיין מאָגען וואָלט היינט ביי־נאַכט גוט פערדייהט.

ווען איך בין געזעסען אין פאָטעל, אין וועלכען איך זיץ שוין זייט דרייסיג יאָהר, און האָב זיך אַרומגעקוקט אַרום זיך, איז אויף מיר אָנגעפאַלען אַזאַ מורא׳דיגע אַנגסט, אַז איך האָב געמיינט, **איך ווער משוגע.**

איך האָב געוואָלט אנטלויפען פון זיך אַליין. איך האָב אָבער ניט געקענט זיך נעהמען צו קיין שום בעשעפטיגונג, די הענד האָבען זיך ביי מיר ניט געהויבען עפּעס צו טהאָן. דאַן איז מיר איינגעפאַלען צו ברייגנען אין אָרדנונג מיינע פּאַפּירען.

שוין אַ צייט לאַנג ווי איך האָב זיך געקליבען אויפצוראַמען אַ ביסעל אין מיינע שופלאָדען, ווייל שוין דרייסיג יאָהר, ווי איך וואַרף אַהין אַריין אַלע מיינע בריעף, אַלע מיינע רעכענונגען און די אונאָרדענונג וואָס דאָרט הערשט האָט מיר שוין פיעל מאָל פערשאַפט אונאַנגענעהמליכקייטען. אָבער ביי דעם איין געדאַנק בלויז וועגען אויפראַמען פלעגט אויף מיר אָנפאַלען אַזאַ פיזישע און מאָראַלישע מיעדקייט אַז איך האָב קיין מאָל ניט געהאַט דעם מוט די דאָזיגע טרויעריגע אַרבייט אָבצוטהאָן.

איך האָב זיך אַלזאָ געזעצט פאַר מיין שרייב־טיש און איהם געעפענט, אום אַרויסצונעהמען פון דאָרט די אַלטע פּאַפּירען און זיי פאַרברענען.

צוערשט האָט מיך דער הויפען, פון דער צייט געל געוואָרענע בלעטלאַך דערשראָקען, דאַן האָב איך איינינגע פון זיי אַרויסגענומען.

אַך, דער מענש, וועלכער ליעבט דאָס לעבען זאָל קיין מאָל ניט בעריהרען אַזאַ מין בית עולם פון אַלטע בריעף. און טאָמער טהוט ער עס צופעליג יאָ, זאָל ער אַ כאַפּ טהאָן מיטביידע הענד די בריעף, זאָל צו מאַכען די אויגען אום קיין וואָרט ניט צו זעהן, כדי אַ לאַנג פערגעסענע האַנדשריפט זאָל איהם פלוצים ניט אַריינשליידערן אין דעם אָקעאַן פון עראינערונגען. זאָל ער אַ וואָרף טהאָן די דאָזיגע בריעף אין פייער אַריין און ווען זיי האָבען זיך פערוואַנדעלט אין אַש, זאָל ער זיי צורייבען אויף שטויב... אַז ניט איז ער פערלאָרען... פערלאָרען אַזוי ווי איך בין זייט אַ שטונדע.

די ערשטע בריעף, וועלכע איך האָב געפונען, זיינען מיר ניט געווען אינטערעסאַנט. אגב זיינען זיי געווען ניט גאָר קיין אַלטע, פון נאָך לעבעדיגע מענשען, פון לייטע מיט וועלכע איך קום אָפט צוזאַמען און וועלכע אינטערעסירען מיך זעהר ווייניג. אָבער פלוצים האָט מיר אַ פעקעל בריעף געגעבען אַ זעץ אין האַרצען. פון אַ גרויסער קרעפטיגער האַנד געשריבען, איז דאָרט געשטאַנען מיין

נאָמען, און פּלוצים זיינען מיר די אויגען נאַס געוואָרען. דאָס איז געווען פון מיין בעסטען פריינד, מיט וועלכען איך בין צוזאמען אויפגעוואקסען און אַלע האַפנונגען געטיילט. און ער איז געשטאַנען פאר מיר אזוי קלאָהר מיט זיין קינדערשען שמייכעל, מיט דער האנד צו מיר אויסגעשטרעקט, אז אַ שוידער איז מיר איבער לייב אריבער. יאָ, יאָ, די טויטע שטעהען אויף תחית המתים, איך האָב איהם געזעהן מיט מיינע אייגענע אויגען! אונזער געדעכניש איז אַ בעסערע וועלט, ווי די אמת'ע וועלט: זי מאַכט דאָס, וואס איז שוין מעהר נישט צוריק לעבעדיג.

מיט ציטערנדע הענד און טרעהרען אין די אויגען האָב איך פון דאָס ניי געלעזען וואָס ער האָט-מיר געשריבען און אין מיין אָרעם, צוואוואונדעט הארץ האָב איך דערפיהלט אזא וועהטאָג, אז איך האָב גענומען קרעכצען, ווי אייבער, וועמען מען רייסט גליעדערווייז.

דאָ האָב איך געוואָרפען אַ בליק אויף מיין פערגאנגענעם לעבען, ווי מען פאָהרט דורך אַ טייך פון איין ברעג צום צווייטען. איך האָב זיך דערמאָנט אָן מענשען, וועלכע איך האָב שוין לאנג געהאט פערגעסען, וואס זייערע נעמען זיינען מיר אין גאנצען פון זינען ארויס. נור זייערע בילדער זיינען געשטאַנען פאר מיר לעבעדיגע. פון מיין מוטער'ס בריעף האָבען אין מיין געדעכניש אָבגעלעבט אַלטע דיענער, אונזער הויז און פיעלע אונבעדייטענדע קלייניגקייטען, וואס האָבען מיך אמאָל, ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען, בעשעפטיגט.

יאָ, איך האָב זיך פּלוצים דערמאָנט אָן אַלע אַלטע קליידער, וואָס די מאמע האָט ווען געטראגען לויט דער מאָדע נאָך. איבערהויפט האָט זיך מיר איינגעגעסען אין געדעכנים איין קלייד איהרס פון געבלומטען זייד און געוויסע ווערטער, וואס זי האָט מיר דאַן געזאָגט: „ראָבערט, קינד מיינס, ווען דו וועסט זיך נים האַלטען גלייך, וועסטו דיין גאַנץ לעבען מוזען געהן איינגעהויקערט."

דערנאָך האָב איך געעפענט אַן אנדער שופלאָד און האָב געפונען עראינערונגען פון ליעבע: אַ באַל־שוך, אַ צוריסענע נאָז־

טיכעל, א זאָקען־בענדעל, האָר און פערטריקענטע בלומען. און די פערגאנגענע ליעבעס דראמען פון וועלכע די העלדינען לעבען נאָך, אָבער וועמעס האָר זיינען שוין גרוי געווארען, האָבען מיר דאס הארץ נאָך שווערער געמאכט. אלעס, אלעס פערגעהט. אך, יענע יונגע קעפלאך מיט בלאָנדע לאָקען, יענע־ זיסער האנד דרוק, דער בליק, די ווילד קלאפענדיגע הערצער, וואס רייסען זיך איינס צו דאָס אנדערע, יענער שמייכעל, וועלכער פערשפרעכט א קוש און יענע קושען... יענע ליעבע! און דער ערשטער קוש... אָהן א סוף... מיט צוגעמאכטע אויגען... וואו אלע געדאנקען ווערען אויס־ געלאָשען אין אונענדליכען גליק...

איך האָב גענומען די דאָזיגע סמנים פון פערגאנגענע צערט־ ליכקייטען איןביידע הענד, האָב זיי געקושט, געקושט... און אין מיין צורויטעלטער נשמה, וועלכע איז אויפגעוועקט געווארען פון די דאָזיגע טרויעריגע עראינערונגען, האָב איך זיי אלע ווידער דער־ זעהן ווי אין יענער שטונדע, ווען זיי זיינען מיינע געווארען און איך האָב געליטען גרעסערע יסורים ווי די קוואלען פון גהינום!

א לעצטער בריעף איז נאָך געלעגען פאר מיר. עס איז גע־ ווען פון מיר אליין, דאָס האָט מיר מיט פופציג יאהר צוריק מיין לעהרער דיקטירט. אין איהם איז געשטאנען:

„מיין ליעבע, קליינע מאמע!

איך בין היינט זיעבען יאָהר אלט. איך בין שוין א גרויסער און דערפאר דאנק איך דיר, וואָס דו ביזט געווארען מיין מאמע. איך ליעב דיך אזוי שטארק.

דיין קליינער זוהן,

ראָבערט.

דערמיט האָבען זיך געענדיגט אלע בריעף. איך בין צוגע־ קומען צו דעם פריהמאָרגען פון מיין לעבען און איצט האָב איך פלוצים א בליק געטהאָן אין פאָראויס צו דעם אבענד, צו מיין סוף. איך האָב דערזעהן, ווי עס קומט אָן די מורא'דיגע, די איינזאמע עלטער. איך האָב דערזעהן קראנקהייט און שוואכקייט און דאן איז אלעס אויס, אלעס אויס, אלעס אויס. און איך בין אליין... גאנץ אליין.

דאָרט אויפ'ן טיש ליגט מיין רעוואָלווער... איך לאָד איהם אָן... לעזט קיין מאָל ניט אייערע אַלטע בריעף."

אזוי טויטען זיך א סך מאָל מענשען, אין וועמעס לעבען מען זוכט אומזיסט עפּעס א גרויסען שמערץ.



# דער אַלטער מאָנזשילעט

———o———



ין ביורא האט מען דעם אלטען מאנזשילעט געהאל־טען פאר אן אריגינאל. ער איז געווען אן אלטער בעאמטער, א גוטער יונג, וועלכער איז נור איין איינציגען מאל אין זיין לעבען ארויסגעפאהרען פון פאריז.

עס איז געווען סוף יולי, און יעדער פון אונז איז זונטאג אביסעל ארויסגעפאהרען, אום זיך אבצורוהען אין גראז אדער ערגעץ וואו אויף דעם וואסער ארומצוטרייבען זיך: אזניער־רעס, ארזשענטעיל, שאטאו, בוזשיוואל, מאמזאנס, פאיזזי — יעדער בעזונדער האט געהאט זיינע שטענדיגע געסט, וועלכע האבען לייַ־דענשאפטליך בעשטריטען די מעלות און די שעהנקייט פון יעדען פון די דאזיגע בעריהמטע פלעצער, וועלכע זיינען אזוי טהייער אלע פאריזער בעאמטע.

דער אלטער מאנזשילעט האט געפרעגט:

— איהר אלטע עזלען, וואס איהר זייט, וואס אזוינס האט איהר פון אייער ארויספאהרען אויפ'ן לאנד?

מיר האבען איהם געפרעגט פון אונזער זייט:

— אבער מאנזשילעט, פאהרט איהר דען קיינמאל ניט אביסעל ארויס?

— א, יא. איך פאהר שפאציערען אין אמניבוס; ווען איך האב אבגעגעסען א גוטען פריהשטיק אין דער וויין־שטוב אונטען, דאן מאך איך מיר גאנץ רוהיג, אהן איילעניש, א רייזע מיט א פלאן פון פאריז און א קורסבוך אין האנד. איך קלעטער מיר ארויף אויפ'ן דעק פון מיין אמניבוס, עפען פונאנדער מיין זונען שירעם, און דאן זעה איך זאכען, איך זאג אייך, מעהר ווי איהר אלע צו־

זאמענגענומען. איך קום אין אַן אנדער קוואַרטאַל פון שטאָדט, מיר דאַכט זיך, ווי איך וואָלט דערגרייכט די גאַנצע וועלט, אַזוי אַנדערש, אַזוי פערשיעדען איז די בעפעלקערונג פון איין גאַס צו דער אַנדערער. איך קען פּאַריז בעסער, ווי ווער עס איז. און דאַן איז נישטאָ קיין אַמוזאַנטערע זאַך, ווי די מיטעלסטע עטאַזשען פון די הייזער. וואָס מען זעהט זיך דאָרטען אַן מיט איין בליק, עס איז גאָר ניט צו גלויבען! מען שטויסט זיך אָן אויף פאַמיליען סצענעס; מען זעהט נור דעם מויל פון א מאַן וועלכער שרייט; מען צולאַכט זיך, ווען מען פאָהרט פּאַרביי א באַרביער און מען זעהט ווי דער באָרד־קראַצער האָט אַבגעלאָזען די נאָז פון א הערר נאָך אין גאַנצען ווייס פון זייף, אום אַרויסצוקוקען אין גאַס; מען קאָקעטירט מיט די נייטערקעס און דאָס איז שרעקליך, ווייל מען האָט אפילו ניט קיין צייט אַרונטערצוגעהן. אַך, איך זאָג אייך, מען זעהט זיך אָן גענוג!

דאָס איז אביסעל א וועלט! עס איז אַן אמת'ער טהעאַטער. א נאַטור טרייער טהעאַטער, וועלכער שפּיעלט זיך אָב פאַר דעם לויפען פון צוויי פערד. איך זאָג אייך, איך וואָלט מיינע אָמניבוס שפּאַציערען ניט פאַרבייטען פאַר אייערע נאַרישע אַרומפאָהרעני־שען אין דער אומגעגענד.

מיר האָבען צו איהם געזאָגט:

— אָבער פּרובירט דאָך אַמאָל מיט אונז מיטפאָהרען, מאַנ־זשילעט. איין איינציגען מאָל, פון שפּאַס וועגען.

ער האָט געענטפערט:

— איין איינציגען מאָל האָב איך עס געטהאָן. עס איז שוין צוואַנציג יאָהר אין דעם. אָבער מעהר טהו איך עס קיינמאָל ניט.

— אָבער וואָס אַזוינס איז מיט אייך דאַן געשעהן, מאַנזשי־לעט? איהר מוזט עס אונז דערצעהלען.

— אויב איהר ווילט נור. אלזאָ, הערט זיך צו. איהר האָט דאָך געקענט באַיווין, דעם אַלטען בוכהאַלטער.

— יאָ, געוויס.

— ער איז געווען מיין קאַמעראַד אין ביוראָ. ער האָט גע־האַט א הויז אין קאָלאָמבוס, און האָט מיך אימער געבעטען איך

זאָל איהם אמאָל א זונטאג בעזוכען. ער האָט צו מיר געזאָגט:

— קום ארוים צו מיר מאקיולאטטע — ער האָט מיך אזוי גערופען אויף שפּאַס — מיר וועלען דאַן מאכען א שעהנעם שפּאַציערגאַנג.

— איך האָב זיך געלאָזט כאַפּען, ווי א פיש אויפ'ן שנור און איין מאָל א פריהמאָרגען בין איך ארויסגעפאָהרען מיט דעם אכט א זייגער צוג. איך בין אָנגעקומען אין א מין שטאָדט, א קליינע דאָרפישע שטאָדט, וואו מען זעהט גאָרנישט. צום סוף האָב איך אין א שמאָלער געסעל צווישען צוויי מויערען געפונען אן אלטע, הילצערנע טיר מיט אן אייזערנעם גלעקעל.

איך האָב אָנגעקלונגען. איך האָב לאַנג געוואַרט, ביז מען האָט מיר געעפענט. און ווער האָט מיר געעפענט? איך האָב אין אָנהויב אליין ניט געוואוסט צי דאָס איז געווען א פרוי צי א מאַן? עס איז געווען עפּעס אן אלטע בעשעפעניש, מיאוס, העסליך, שמוציג, א מין שלאַק אין אלע שמאַטעס אָנגעטהאָן; איהרע האָאָר זיינען געווען פול מיט פעדערען און אין גאַנצען האָט זי אויסגעזעהן, ווי זי וואָלט מיך וועלען אויפפרעסען א לעבעדיגען.

זי האָט געפרעגט:

— וואָס פערלאַנגט איהר?

— איך וויל זעהן הערר באַיווין...

— וואָס ווילט איהר פון'ם הערר באַיווין?

מיר איז געווען אונאַנגענעהם, וואָס די דאָזיגע אלטע מכשפה נעהמט מיך אויף אזא שטרענגען פאַרהער און איך האָב אויסגעברומט:

— ער ערוואַרטעט מיך.

זי האָט בעמערקט:

— איהר זייט עס דער, וואָס דאַרף קומען אהער צום פריהשטיק?

איך האָב ציטערענדיג געזאָגט, יאָ.

דאַן האָט זי זיך א קעהר געטהאָן צום הויז און געזאָגט מיט כעס:

— באַיווין, דאָ איז דיין מאַן.

דאָס איז, אלזאָ, געווען מיין פריינד'ס פרוי. דער אלטער באַיווין האָט זיך גלייך בעוויזען אויפ'ן שוועל. ער האָט געטראָגען פערפלעקטע ווייסע הויזען און א שמוציג שטרויענעם הוט.

נאָך דעם ווי ער האָט מיר געדריקט די האנד, האָט ער מיך אריינגעפיהרט אין דעם פלאַץ, וואָס ער האָט גערופען גאָרטען. עס איז געווען א שטיק קאָרידאָר ארומגערינגעלט פון ריעזיגע גרויסע ווענט, א קליין פיערקאַנטיגע שטיקעל ערד, אזוי גרויס, ווי א טאַשענטיכעל. די ארומיגע ווענט זיינען געווען אזוי הויך, אז די זון האָט אהין געקענט צוקומען נור צוויי, דריי שטונדען אין טאָג. פיילכען, נעלקען, א פּאָאָר רויז בושעס זיינען דאָ געווען פאַרזעעט און האָבען קוים געזשיפּעט אין דער דאָזיגער פינסטערער לאָך אָהן לופט, אָהן ליכט, אין וועלכער עס איז געווען הייס, ווי אין א קאַלך אויוועז פון די אָנגעברענטע דעכער.

— קיין בוימער האָב איך ניט! — האָט געזאָגט באַיווין — אָבער די ארומיגע ווענט זיינען גראָדע אזוי גוט. דאָ איז דאָ שאָטען, ווי אין א וואַלד.

דאַן האָט ער מיך אָנגענומען פאר א קנעפּעל פון ראָק און שטילערהייד צו מיר געזאָגט:

— דו קענסט מיר טהאָן א גרויסע טובה. דו האָסט דאָך געזעהען מיין פרוי, זי איז ניט גאָר קיין דימענט. נו, און היינט, ווייל איך האָב דיך איינגעלאַדען, האָט זי מיר געגעבען א גוטע גאָב. אָבער ווען איך זאָל זיך וועלען צו איהר צוהערען, וואָלט איך ניט געקענט לעבען אויף דער וועלט. איך מוז זיך מאַכען ניט וויסענדיג, אָבער פונדעסטוועגען איז גלייכער, אז עס זאָל הייסען דאָס דו ביזט געקומען מיר העלפען בעגיסען מיינע פלאַנצען.

איך האָב איינגעוויליגט, האָב אויסגעטהאָן מיין ראָק, פאַרקאַטשעט די ארבעל, גענומען די קישקע און זיך געשטעלט צו דער ארבייט. און די קישקע האָט געפייפט, געכאָרכעלט ווי א לונגען קראַנקער און מיט גרויס מיה ארויסגעלאָזען א דינענקען שטראָמעלע וואַסער. עס האָט אונז גענומען צעהן מינוטען ביז מיר האָבען אָנגעפילט א קאַן וואַסער. איך בין אין גאַנצען בעגאָסען געוואָרען מיט שוויים. דאַן איז באַיווין אוועק מיט מיר.

— אָט אזוי, — אָט די פּלאַנצונג — נאָך אביסעלע — באגים אָט דאָ — אָט אזוי — איצט דאָ...

די קאַן האָט געהאַט א לאָך, זי האָט גערונען און איך האָב בעגאָסען מיינע פיס מעהר ווי די בלומען. דער אונטערשטער נאַסער טהייל פון מיינע הויזען איז אינגאַנצען שמוציג געוואָרען. צוואַנציג מאָל כסדר האָט זיך ווידערהאָלט דיזעלבע געשיכטע: איך האָב נאָכאַנאַנד בעגאָסען מיינע פיס און דאַן איבער א נייעם אָנגעפילט די קאַן, בעוועגענדיג די הענטעל פון'ם פּלאָמפּ אהין און אהער. ווען איך בין געוואָרען שטאַרק אויסגעמאַטערט און האָב געוואָלט אויפהערען, האָט דער אַלטער באיווין מיך אָנגענומען פאַר אַן ארעם און זיך גענומען בעטען:

— נאָך איין קאַן, איין איינציגע! דאַן הערען מיר אויף.

און דאַן ערשט האָט ער מיר געשענקט א ראָזע, א גרויסע ראָזע. אָבער אזוי שנעל ווי איך האָב זי אריינגעטהאָן אין מיין קנאָפּ-לעכעל זיינען גלייך אַלע בלעטלאַך פון איהר צופאַלען און עס איז נור פערבליבען איין איינציגער גרינער קליינער פּונקט, הארט ווי א שטיין. איך בין געוועזן ערשטוינט, האָב אָבער גאָר־נישט געזאָגט.

פון ווייטען האָט מען געהערט פרוי באיווין'ס שטימע:

— קומט איהר אריין, צי נים? איך האָב שוין לאַנג גע־זאָגט, אז דאָס עסען איז פאַרטיג.

און מיר זיינען אוועק אין הויז.

אויב דער גאָרטען האָט זיך געפונען אין שאָטען, דאַן איז דאָס הויז געשטאַנען אויף דער זון, און א קאַלך־אויוועז איז געוועזן גאָר־נישט אַנטקעגען מיין פריינד'ס עס־צימער.

אויף א טיש פון געלען האָלץ זיינען געשטאַנען דריי טעלער. אין מיטען איז געשטאַנען א שיסעל מיט רינד פלייש און קאַר־טאָפעל. מיר האָבען גענומען עסען.

א גרויסע גראַפינקע מיט א רויטליכען וואַסער האָט זיך מיר געוואָרפען אין די אויגען. באיווין האָט געזאָגט צו זיין פרוי:

— זאָג נאָר, מיין ליעבע, קענסטו אונז אפשר פאַר היינט געבען אביסעל וויין?

זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט כעס:

— אום איהר זאָלט זיךביידע אָנ׳שיכור׳ן, ניט אמת? און דאַן וועט איהר דאָ זיצען דעם גאַנצען טאָג און איך וועל פון אייך ניט קענען פּטור ווערען. ניין, א שעהנעם דאנק אייך.

ער האָט געשוויגען. נאָך דעם ערשטען געריכט איז געקומען א צווייטער: קארטאָפעל מיט קרויט. נאָך דעם ווי מיר האָבען שווייגענדיג אויפגעגעסען דאָס צווייטע געריכט, האָט זי געזאָגט:

— נו, איצט זייט איהר פאַרטיג, און טראָגט זיך, זייט מוחל, גלייך אָב פון דאַנען.

באַיווין האָט זי אָנגעקוקט א דערשראָקענער:

— אָבער די טויב; דו האָסט דאָך היינט אין דער פריה צורעכט געמאַכט א טויב.

זי האָט זיך אוועקגעשטעלט מיט די הענד אין די באָקעס:

— וואָס איז, עס איז אייך ניט גענוג? דו שלעפּסט אהער פרעמדע מענשען און דענקסט, אז מען דאַרף אויפעסען אַלעס, וואָס איז דאָ אין הויז. און וואָס וועלען מיר דאַן עסען צו סאַפּער?

מיר זיינען אויפגעשטאַנען. באַיווין האָט מיר אריינגעשושקעט אין אויער:

— וואַרט אויף מיר איין מינוט און דאַן רוקען מיר זיך ארויס פון דאַנען.

ער איז אריין אין קיך, וואו זיין פרוי איז איצט געווען, און איך האָב געהערט, ווי ער האָט צו איהר געזאָגט:

— גיב מיר צוואַנציג סו, מיין ליעבע.

— וואָס וועסטו טהאָן מיט צוואַנציג סו?

— מען קען ניט וויסען, וואָס עס קען טרעפען. עס איז אימער גוט, ווען מען האָט ביי זיך געלד.

זי האָט אויסגעברומט הויך אויפ׳ן קול, כדי איך זאָל הערען:

— ניין, דו קריגסט גאָרנישט. דו האָסט איינגעלאַדען דעם מאַן דאָרטען, מעג ער איצט דיך דערפאַר אויסנעהמען און פאַר דיר בעצאָהלען.

דער אַלטער באַיווין האָט זיך אומגעקעהרט נאָך מיר. איך

האָב געוואָלט זיין העפליך און איך האָב זיך פאַרנייגט פאַר דער פרוי און געזאָגט:

— איך דאַנק אייך פיעל מאָל פאַר דער ליעבענסווירדיגקייט, מיט וועלכער איהר האָט מיך אויפגענומען.

זי האָט געענטפערט:

— גוט, איהר זאָלט איהם אָבער ניט ברענגען אַ היים אַ שיכור׳ן, אַז ניט וועט איהר האָבען צו טהאָן מיט מיר.

מיר זיינען אַוועק. מיר האָבען געמוזט געהן אונטער דער ברענענדיגער זון איבער אַ שוצלאָזען, פלאַכען שטיק פעלד. איך האָב געוואָלט עפּעס אויסרייסען ביי די זייטען פון וועג, אָבער גלייך האָב איך ארויסגעלאָזען אַ מורא׳דיגען געשריי, עס האָט מיר שרעקליך צושטאָכען די פינגער. דאָס זיינען געווען שטעכעדיגע בייזע פלאַנצען. און דערצו האָט איבעראַל געשטונקען מיט מיסט, געשטונקען אַזוי, דאָס עס האָט געקענט ניט גוט ווערען.

באַיווין מאַכט צו מיר:

— נור אַביסעלע געדולד, מיר קומען באַלד צום טייך.

און ווירקליך, מיר זיינען צוגעקומען צום טייך. דאָרט האָט געשטונקען מיט שטעהענדיגע וואַסער און מיט אָבפאַל און די זון האָט אַזוי מורא׳דיג געפלאַקערט, אַז זי האָט מיר שיער די אויגען ניט אויסגעברענט.

איך האָב געבעטען באַיווינ׳ען, מיר זאָלען וואו עס איז אריינגעהן. ער האָט מיך אַוועקגעפיהרט אין עפּעס אַ לאָך, וואו אַן עולם מענשען זיינען געזעסען, אַזאַ מין סאָרט שענק פאַר מאַטראָזען. און ער האָט צו מיר געזאָגט:

— עס זעהט דאָ אפילו ניט אויס בעזונדערס שעהן, דאָ איז אָבער גוט.

איך בין געווען הונגעריג און האָב זיך געהייסען געבען אַ פיינקוכען. אָבער שוין נאָך דער צווייטער גלאָז וויין איז דער אַלטער באַיווין שוין געווען אָנגעסנאָסקעט. און איצט האָב איך פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זיין פרוי וויל איהם ניט געבען קיין געלד. ער האָט גערעדט פון וועג, איז אויפגעשטאַנען, האָט זיך אריינגעמישט אין דעם שטרייט פון צוויי שיכורים, וועלכע האָבען זיך גע-

שלאָגען, וועלענדיג מאַכען שלום צווישען זיי און ווען ניט דער בעל הבית פון שענק, וואָלטען מיר נאָך אפשרביידע ערמאָרדעט געוואָרען.

איך האָב איהם אוועקגעשלעפּט פון דאָרט, איהם געהאַלטען, ווי מען האַלט די שיכורים, און איהם אוועקגעפיהרט צו די ערשטע בושעס. דאָרט האָב איך איהם איינגעלאָזען און דאַן האָב איך זיך אליין אוועקגעלייגט דערביי און בין הפּנים איינגעשלאָפען.

מיר האָבען מסתמא זעהר לאַנג געשלאָפען, ווייל ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען נאַכט. באַיוויין האָט גע־כראָפּעט נעבען מיר. איך האָב איהם גענומען טרייסלען. ער איז אויפגעשטאַנען, איז אָבער נאָך אַלץ געווען שיכור, הגם אביסעלע וועניגער ווי פריהער.

און מיר זיינען אוועק צוריק אין דער דונקעלהייט איבער דעם פלאַכען שטיק פעלד. באַיוויין האָט געזאָגט, האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ער וועט געפינען דעם וועג. מיר זיינען געגאַנגען לינקס, דאַן רעכטס, דאַן ווידער לינקס. מען האָט גאָרנישט געזעהן, ניט פון הימעל און פון דער ערד און מיר זיינען געווען פאַרבלאָנדזשעט אין עפּעס אַ מין וואַלד פון קליינע בוים׳לאַך, וועלכע האָבען אונז גע־גרייכט ביז צו דער נאָז.

עס איז וואהרשיינליך געווען אַ ווייגאַרטען. עס איז ניט געווען אין ערגעץ קיין לאַנטערנע. אַ שעה אָדער צוויי האָבען מיר דאָ ארומגעבלאָנדזשעט, געדרעהט זיך אהין און אהער, אויסגע־שטרעקט די הענד, געטאַפּט ארום זיך פאַרצווייפעלט, ניט געפינענ־דיג קיין אויסגאַנג און זיינען אימער צוריק געקומען אויף דעם זעלבען פּלאַץ.

צום סוף איז באַיוויין אומגעפאַלען אויף אַ בוים און זיך צור־ריסען די באַק. ער איז דאַן געבליבען זיצען אויף דר׳ערד אָהן בעוועגונג און גערעוועט מיט בענומענע קולות:

— אוי, אוי! אוי, אוי! אוי, אוי!

איך האָב גענומען שרייען נאָך הילף אַזוי הויך, ווי איך האָב נור געקענט, האָב אָנגעצונדען מיין אויטאָמאַטישע לאַמטערנע, אום

די רעטער אויף אונזער שפּור צו ברענגען און מיר אַליין מוט צו מאַכען.

צום סוף האָט אונז דערהערט אַ פּערשפּעטיגטער פויער און האָט אונז אַרויסגעפיהרט אויף אַ וועג.

איך האָב בעגלייט באַיווין אַהיים. ביים שוועל פון זיין הויז האָב איך זיך מיט איהם געזעגענט און האָב שוין געהאַלטען ביים אוועקגעהן, ווען עס האָט זיך פּלוצים געעפענט די טיר און די פרוי האָט זיך בעוויזען מיט אַ ליכט אין האַנד. אַ קעלט איז מיר איבער אַלע גליעדער אַריבער.

אַזוי שנעל ווי זי האָט דערזעהן איהר מאַן, וועלכען זי האָט ערוואַרטעט שוין פון פאַרנאַכט, האָט זי אַ געשריי געטהאָן און זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף מיר:

— דאָס זייט איהר, שופט! איהר לומפּ! איך האָב אָבער געוואוסט, אַז איהר וועט מיר איהם ברענגען אַהיים אַ שיכור'ן.

צום טייפעל; איך האָב זיך אַ ריס געטהאָן און געלאָזט זיך לויפען מיט אַלע מיינע קרעפטען. איך בין געלאָפען צום וואָקזאַל, און אַזוי ווי איך האָב געדענקט, אַז די צורייצטע פרוי פערפאָלגט מיך, האָב איך זיך איינגעשלאָסען אין קלאַזעט און זיך דאָרט בעהאַלטען, ווייל דער נעקסטער צוג איז אָבגעגאַנגען ערשט אין אַ האַלב שעה אַרום.

דאָס איז אַלעס. אָט דערפאַר האָב איך קיין מאָל ניט געהייראַט און דערפאַר פאָהר איך מעהר קיינמאָל ניט אַרויס פון פּאַריז.



# אַנקעל יוליוס.



[א]לטער מאַן מיט אַ ווייסער באָרד האָט ביי אונז געבעטען אַ נדבה. מיין פריינד, יאָזעף דאַוואַנשע, האָט איהם געגעבען אַ פינף־פראַנק שטיק. דאָס האָט מיך פאַרוואונדערט, און ער האָט געזאָגט:

— דער אָרימער יונג דערמאָהנט מיך אָן אַ געשיכטע, וואָס האָט מיט מיר געטראָפען און וועלכע איך קען קיין מאָל ניט פאַרגעסען.

מיין פאַמיליע, וועלכע שטאַמט פון האַוור, איז ניט געווען פערמעגליך. מען האָט זיך קוים דורכגעשטופּט. דער פאָטער האָט געאַרבייט, איז שפּעט ביי נאַכט פון ביוראָ אַ היים געקומען און האָט ניט פיעל פערדיענט. איך האָב געהאַט צוויי שוועסטער.

מיין מוטער האָט שטאַרק געליטען פון אונזער אָרימקייט און אָפט האָט זי אויסגעלאָזען איהר ביטער האַרץ צו איהר מאַן און פאַרשטעלט איהם פאָרווירפע געמאַכט. דאַן האָט דער אָרימער מאַן געענטפערט מיט אַ האַנד־בעוועגונג, וועלכע האָט אימער וועה געטהון: ער האָט זיך אַ פיהר געטהאָן מיט דער האַנד איבער'ן שטערן, ווי ער וואָלט וועלען אַ טראָפּען שוויים אָבווישען, וועלכער איז דאָרט גאָרניט געווען און האָט ניט געזאָגט קיין וואָרט. איך האָב געפיהלט זיין אָהנמעכטיגען שמערץ. מען האָט אין אַלדינג געשפּאָרט. קיין מאָל האָבען מיר ניט אָנגענומען קיין איינלאַדונג צו אַ דינער, אויס מורא, אז מען זאָל צו אונז נישט קומען. אַלע הויז זאַכען זיינען איינגעקויפט געוואָרען אויף אָן אויספּערקויף, מיינע שוועסטער האָבען זיך אַליין גענעהט זייערע קליידער און איבער יעדער בענדעל, צו פופצעהן סאַנטים אַ מעטער, האָט מען לאַנג, לאַנג זיך געישובט. אונזער געוועהנליכער עסען איז

בעשטאַנען פון זופּ און רינדפלייש און פון צייט צו צייט עפּעס אַן אַנדער סאָוס. דאָס דאָזיגע עסען מאַכט געוויס געזונד און שטאַרק, אָבער איך וואָלט דאַן גערן עפּעס אַן אַנדער זאַך אויך געגעסען.

איבער יעדען פערלאָרענעם קנאָפּ און יעדער פּאָאַר צוריסענע הויזען פלעגען אַרויסקומען מורא׳דיגע סצענען.

אָבער יעדען זונטאַג זיינען מיר אין זונטאַגדיגע בגדים אויף ברעג ים שפּאַציערען געגאַנגען. מיין פּאַטער האָט געטראָגען אַ שווארצען ראָק, אַ הויכען הוט, האַנדשוה, און האָט געפיהרט מיין מוטער געאָרעמט, וועלכע האָט זיך אָנגעבלאָזען, ווי אַ שיף אין אַ פעסט־טאָג. מיינע שוועסטער, וועלכע זיינען אימער צוערשט פער־טיג געוואָרען, האָבען געוואַרט אויף אַ צייכען צום געהן. אָבער אין לעצטען מאָמענט האָט מען אימער ענטדעקט אַ פלעק אויף דעם ראָק פון דעם בעל הבית, וועלכער האָט אין גרויס איילעניש נאָך געמוזט אַרויסגענומען ווערען מיט אַ אין בענזין איינגעטונקענע שמאַטקעלע.

דאַן איז מיין פּאַטער געשטאַנען מיט דעם הוט אויפ׳ן קאָפּ, מיט די ווייסע אַרבעל פון דער העמד און געוואַרט, ביז די אָפּעַ־ראַציאָן וועט געענדיגט ווערען. בערט, מיין מוטער, האָט אַזוי שנעל ווי מעגליך געריבען דעם פלעק, צו וואָס זי האָט אַראָבגענומען איהרע האַנדשוה, אום זיי ניט איבערצופיהרען און די ברילען אָנ־געטהאָן, ווייל זי איז געווען קורצזיכטיג.

פייערליך זיינען זיי אַוועק, מיינע שוועסטער, געאָרעמט און פּאַראַוויס. זיי זיינען געווען כלה מיידלאַך און מען האָט זיי געמוזט ווייזען פאַר לייטען. איך בין געגאַנגען ביי מיין מוטער׳ס לינקער זייט; מיין פּאַטער ביי איהר רעכטער. און איך געדענק נאָך גאַנץ גוט דאָס גרויסאַרטיגע אויסזעהן פון מיינע אָרימע עלטערן ביי די דאָזיגע זונטאַגדיגע שפּאַצירגאַנגען. איך זעה נאָך פאַר מיי־נע אויגען זייערע ערנסטע געזיכטער און זייער בכבוד׳יגען האַל־טען זיך. זיי זיינען געגאַנגען גלייך, מיט שטייפע טריט, עפּעס ווי אַ זעהר וויכטיגע זאַך וואָלט פון זייער האַלטונג אָבגע־האַנגען.

און יעדען זונטאג, ווען מיר האָבען געזעהן די גרויסע שיפען, וועלכע האָבען זיך פון אונבעקאַנטע לענדער צוריק געקעהרט און זיינען אין האפען געשטאַנען, האָט מיין פאָטער געזאָגט די זעלבע ווערטער:

— אך, ווען יוליוס וואָלט מיט אזא מין שיף צוריקגעקומען! דאָס וואָלט געווען אן איבערראַשונג!

אָנקעל יוליוס, מיין פאָטער'ס א ברודער, איז געווען די איינ־ציגע האָפנונג פון דער פאמיליע, נאָך דעם ווי ער איז אמאָל זייער אונגליק געוועזען. אין מיינע קינדער יאָהרען האָב איך אָפט פון איהם געהערט רעדענדיג, און מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אז ווען איך זעה איהם, וואָלט איך איהם אויפ'ן ערשטען בליק דערקאָנט, אזוי אָפט און אזוי פיעל האָב איך זיך מיט איהם בעשעפטיגט. איך האָב געוואוסט אלע איינצעלהייטען פון זיין לעבען ביז צו דעם טאָג, ווען ער איז קיין אמעריקא אוועק, הגם מען האָט פון דער דאָזיגער צייט פון זיין לעבען נור מיט א האַלבען מויל גערעדט.

ער האָט זיך שלעכט אויפגעפיהרט, דאָס הייסט ער האָט גע־קאָנט א סך געלד פארלעבען און דאָס איז פאר אָרימע לייט א גרויס פארברעכען. ביי די רייכע מאכט א מאן, וועלכער לעבט איבער זיין פערמעגען: „דומהייטען", און מען רופט איהם מיט א שמייכעל „פארשווענדער". ביי די געדריקטע ווערט דער זוהן, וועלכער צווינגט די עלטערען זייערע אָרימע פאָאר גראָשען איהם צו געבען, א שלעכטער יונג אָנגערופען און נאָך א לומפ דערצו.

די אונטערשיידונג צווישען ביידע איז גאַנץ גערעכט, הגם זיי טהוען ביידע דיזעלבע זאך, וואָרים נור די פאָלגען ענטשיידען איבער דעם ווערט פון א טהאט.

צום סוף האָט אָנקעל יוליוס זאָגאַר די ירושה אָנגעריהרט, אויף וועלכער מיין פאָטער האָט א רעכט געהאַט. דאָס האָט ער געטהאָן ערשט נאָך דעם, ווי ער האָט זיין אייגענעם טהייל אין גאַנצען ביז א גראָשען פארלעבט. מען האָט איהם, ווי מען האָט דאַן אָפט געטהאָן, אויף א האנדעלס שיף ארויפגעזעצט, וועלכע איז געגאַנגען פון האוור קיין ניו יאָרק, און איהם קיין אמעריקא אוועק־

געשיקט. דאָרט האָט אַנקעל יוליוס אַנגעהויבען עפּעס אַ געשעפט און אין גיכען האָט ער געשריבען, אַז ער פערדיענט אַביסעל געלד און אַז ער האָפט, דאָס אונרעכט, וואָס ער האָט מיין פאָטער אמאָל געטהאָן, ווידער גוט צו מאַכען. דער דאָזיגער בריעף האָט דער פאַמיליע טיעף געריהרט.

יוליוס, וועלכער, ווי מען זאָגט, איז אַן אויסגעבלאָזענע איי' ניט ווערט געוועזען איז פּלוצים געוואָרען אַ בראַווער יונג, אַ מענש מיט אַ גוט הארץ, אַ ריכטיגער דאַווראַנשע, טאַדעלאָז ווי אַלע דאַווראַנשעס.

אַ קאַפּיטען האָט אונז נאָך דערצו אָבגעגעבען אַ גרוס, אַז ער האָט אַ שעהנע קראָם געדונגען און פיהרט גרויסע געשעפטען.

צוויי יאָהר שפּעטער איז אָנגעקומען נאָך אַ בריעף, וועלכער האָט זיך געלעזען ווי פאָלגט:

„מיין ליעבער פיליפּ! איך שרייב דיר, אום דו זאָלסט וועגען מיר און מיין געזונד זיך ניט מאַכען קיין געדאַנקען. איך בין געזונד און די געשעפטען גערען גאַנץ גוט. מאָרגען אונטערנעהם איך אַ גרויסע רייזע נאָך זיד אַמעריקאַ. עס קען זיין, אַז דו וועסט אַ פּאָאָר יאָהר פון מיר גאָר נישט הערען. זאָלסט זיך גור ניט בעאונרוהיגען, אויב איך וועל ניט שרייבען. אַזוי שנעל, ווי איך וועל ווערען רייך, קום איך צוריק קיין האַוור, און איך האָף, אַז דאָס וועט ניט גאָר לאַנג געדויערען און אַז מיר וועלען דאַן אַלע צוזאַמען לעבען גליקליך".

דער דאָזיגער בריעף איז געוואָרען דאָס יעוואַנגעליום פון אונ־זער פאַמיליע. ביי אַלע געלעגענהייטען האָט מען איהם געהאַל־טען אין איין לעזען און מען האָט איהם געצייגט יעדען איינציגען מענשען בעזונדער. און ווירקליך, אַנקעל יוליוס האָט זעקס יאָהר נאָכאַנאַנד גאָרנישט געלאָזט הערען פון זיך. אָבער מיין פאָטער'ס האָפנונג איז געוואַקסען, וואָס מעהר צייט עס איז אַוועק, און אויך מיין מוטער האָט אָפט געזאָגט:

— ווען דער גוטער יוליוס זאָל נאָר קומען, וואָלט זיך אונזער לאַגע שוין ענדערען. יענער האָט גאַנץ קלוג אָנגעהויבען.

און מיין פאָטער האָט יעדען זונטאג, ווען ער האָט געזעהן די מעכטיגע שיפען מיט די וואָלקענס רויך נאָך זיי, וואָס האָבען זיך ווי שלאַנגען צום הימעל געדרעהט, זיין געוועהנליכע פראַזע ווידער־האָלט:

— אַך, ווען יוליוס וואָלט מיט אַט אזא שיף צוריק געקומען. דאָס וואָלט געוועזען אַן איבערראַשונג!

און מען האָט כמעט געוואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען ער וועט מיט זיין טאַשענטוך פאָכען און וועט אויסרופען: „הורראַ, פיליפ!"

טויזענד ליפּט־שלעסער האָט מען געבויט אויף דאָס דאַזיגע צוריק קומען פון דעם אָנקעל. מען האָט אפילו פאַר זיין געלד גע־זאָלט קויפען אַ קליין גוט אינגאַוויל און איך בין ניט זיכער, אויב מיין פאָטער האָט ניט געפיהרט פערהאַנדלונגען וועגען דעם.

מיין עלטסטע שוועסטער איז דאַן אַלט געוועזען אכט און צוואַנ־ציג יאָהר; די אינגערע, זעקס און צוואַנציג. זיי האָבען ניט גע־האַט קיין שום אויסזיכט זיך צו פערהייראַטען און דאָס האָט אַלע־מען וועה געטהאָן.

צום סוף האָט זיך בעוויזען אַ חתן פאַר דער אינגערער, אַ ניט גאָר רייכער, אָבער זעהר אַן עהרענהאַפטער בעאַמטער. איך האָב אימער געהאַט אַ חשד, אַז אָנקעל יוליוס בריעף, וועלכען מען האָט איהם אמאָל געציינגט, האָט צו זיין צווייפעל אַן ענדע געמאַכט און דעם יונגען מאַן צו דעם ענטשלוס געטריבען.

זיין ווערבונג איז גלייך אָנגענומען געוואָרען, און מען האָט בעשלאָסען, אַז די גאַנצע פאַמיליע זאָל נאָך דער חתונה מאַכען אַ קליינע רייזע נאָך דזשאַייזי.

צו פאָהרען קיין דזשאַייזי איז דאָס אידעאַל פון ניט רייכע מענשען. עס איז ניט ווייט; די רייזע איבער'ן ים ווערט געמאַכט אין אַ קליין שיפעל, און מען געפינט זיך אויף פרעמדען באָדען, ווייל דער אינזעל געהערט צו די ענגלענדער. אַ פראַנצויז קען זיך אַלזאָ מיט אַ צוויי שטונדיגער רייזע פערגינען, אַ נאַכבאַר־פאָלק אויף זיין אייגענעם באָדען צו בעאָבאַכטען, און זיינע אגב שלעכטע

זיטען צו שטודירען, ווייל אויף דעם דאָזיגען אינזעל פלאַטערט דער פלאַג פון גרויס בריטאַניען, ווי דער פראָסטער עולם זאָגט.

מיט דער דאָזיגער רייזע קיין דזשאַייזי האָבען מיר זיך אַ לאַנגע צייט בעשעפטיגט. זי איז געוואָרען אונזער איינציגע ער־וואַרטונג; מיר האָבען פון קיין שום אנדער זאַך ניט געטרוימט. צום סוף זיינען מיר אָבגעפאָהרען. איך זעה נאָך אַלעס קלאָהר פאַר זיך, ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטען געשעהן: דעם גרויסען דאַמפּפער, ווי ער איז רויבערענדיג אין האַפען פון גראַנוויל געלע־גען, מיין פאָטער, ווי ער האָט אַן אויפגערעגטער אונזערע דריי פּעקלאַך באַגאַזש געהיט; מיין מוטער, וועלכע האָט בעזאָרגט די עלטסטע אונפערהייראַטע טאָכטער אונטער'ן ארעם גענומען — זייט די אַנדערע איז פון הויז אוועק, האָט זי געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ ציפּליאָנאָק'ל, וועלכער איז איינער אליין ביי דער הוהן פער־בליבען — און הינטער אונז דאָס יונגע פּאָאָר פאָלק, וועלכע איז אימער אביסעל אָבגעשטאַנען, אזוי אַז איך האָב אָפט צו זיי דעם קאָפּ אומגעקעהרט.

דאָס שיף האָט גענומען פייפען; מיר זיינען געווען ביים ברעג. דאָס שיף האָט פערלאָזען דעם האַפען און האָט זיך אוועקגעלאָזט אין ים אַרויס, וועלכער איז געלעגען פלאַך פאַר אונז, ווי אַ טיש פון גרינעם מאַרמאָר. מיר האָבען געזעהן ווי די ברעגעס ווערען פערשוואונדען און האָבען זיך געפיהלט גליקליך און שטאָלץ, ווי אַלע, וואָס געהען זעלטען אויף רייזען.

מיין פאָטער איז געשטאַנען דערביי אין זיין שווארצען ראָק, פון וועלכען מען האָט נאָך אין דערפריה פאָרזיכטיג אַלע פלעקען ארויסגענומען און האָט פאַרשפּרעהט אַ בענזין־גערוך, ווי אין די שפּאַציר טעג, פון וועלכע איך האָב גלייך דערקענט, אַז עס איז זונטאָג.

פלוצים האָט ער בעמערקט צוויי עלעגאַנטע דאַמען, וועמען צוויי הערען האָבען אָנגעבאָטען אויסטערס. אַן אַלטער אָבגעריי־סענער מאַטראָז האָט געעפענט די שאָלעכץ מיט אַ מעסער און דערלאַנגט די הערען, וועלכע האָבען זיי דאַן די דאַמען איבערגע־

געבען. זיי האָבען געגעסען זעהר פּאַרזיכטיג, האַלטענדיג די אויס־טערס אין פיינע טאַשענטיכער, בעת זיי האָבען דעם מויל אין פּאַרראַויס פּאַררריסען, אום ניט צו מאַכען קיין פלעקען אויף זייע־רע קליידער. דאַן האָבען זיי מיט אַ פּלוציִמדיגער בעוועגונג דאָס וואַסער פון די אויסטערס אויסגעטרונקען און די שאָלעכץ אין ים אריינגעוואָרפען. מיין פּאָטער איז הפנים געפעלען געוואָרען די אריסטאָקראַטישע אַרט צו עסען אויסטערס אויפ'ן שיף. איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אַז דאָס איז אויסערגעוועהנליך פיין, און ער איז צוגעקומען צו דער מוטער מיט דער שוועסטער מיט דער פראַגע:

— זאָל איך אייך הייסען געבען אַ פּאָאַר אויסטערס?

מיין מוטער האָט זיך מישב געווען צוליעב די קאָסטען. אָבער מיינעביידע שוועסטער האָבען גלייך אָנגענומען. און מיין מו־טער האָט געזאָגט מיט כעס:

— איך האָב מורא, איך וועל קריגען דערפון בויך־וועהטאָג. גיעב נאָר די קינדער, אָבער ניט צופיעל, אַז זיי זאָלען ניט קראַנק ווערען.

דאַן האָט זי זיך אַ קעהר געטהאָן צו מיר און צוגעלעגט:

— יאָזעף דאַרף עס גאָרנישט. מען טאָר אַזעלכע אינגלאַך ניט צולאָזען.

איך האָב געמוזט בלייבען נעבען דער מוטער, הגם איהר אונ־טערשיידונג צווישען מיר און די עלטערע איז געווען זעהר אַן אונגערעכטע. איך האָב נאָכגעקוקט מיין פאָטער, וועלכער האָט זיינע ביידע טעכטער און זיין איידעם, צו דעם אַלטען, אָבגעריסע־נעם מאַטראָז צוגעפיהרט.

די ביידע דאַמען זיינען נור וואָס אוועקגעגאַנגען און מיין פּאָטער האָט ערקלעהרט מיינע שוועסטער, ווי אַזוי מען דאַרף עסען די אויסטערס, אַז זיי זאָלען ניט אויסרינען. ער אליין האָט זיי געוואָלט ווייזען ווי אַזוי מען מאַכט די זאַך, און האָט גענומען אַן אויסטער. פּרובירענדיג צו מאַכען אַזוי ווי יענע דאַמען האָבען עס געטהאָן, האָט ער דעם גאַנצען אינהאַלט אויסגעגאָסען אויף זייי

ראָק און איך האָב געהערט, ווי מיין מוטער האָט געברומט: ער וואָלט עס בעסער צו רוה געלאָזען!

אָבער מיט איין מאָל איז אויף מיין פאָטער עפּעס אַ געוויסע אונרוה אָנגעפאַלען, ער האָט אַ פּאָאַר טריט צוריק געטראָטען און האָט מיט שטאַרע אויגען זיין פאַמיליע אָנגעקוקט, וועלכע איז ארום דעם מאַן געשטאַנען, וואָס האָט די אויסטערס געעפענט.

דאַן איז ער צו אונז צוגעקומען. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז בלייך געוואָרען און זיינע אויגען האָבען אַ בעזונדערען אויסדרוק אָנגענומען. ער האָט אין דער שטיל געזאָגט צו מיין מוטער:

— עס איז דאָך מערקווירדיג, ווי דער מאַן דאָ, וועלכער עפענט אויף די אויסטערס, איז עהנליך צו יוליוס'ן.

מיין מוטער האָט געפרעגט ערשטוינט:

— וואָס פאַר אַ יוליוס?

מיין פאָטער האָט געענטפערט:

— אָט, מיין ברודער יוליוס. ווען איך זאָל ניט וויסען, אַז איהם געהט גוט דאָרט, אין אַמעריקאַ, וואָלט איך כמעט געווען זיכער, אַז דאָס איז ער.

מיין מוטער האָט גענומען שטאַמלען צושראָקען:

— ביזטו משוגע? ווען דו ווייסט, אַז דאָס איז נישט ער, טאָ צו וואָס טויג דיר רעדען אַזעלכע נאַרישקייטען?

אָבער מיין פאָטער איז געבליבען ביי דאָס זייניגע:

— קוק איהם אַקאָרשט גוט אָן, קלאַריסאַ! עס איז מיר ליעבער, אַז דו זאָלסט זיך אַליין איבערצייגען.

זי איז אויפגעשטאַנען און אַוועק צו איהרע טעכטער. אויך איך האָב אָנגעקוקט דעם מאַן. ער איז געווען אַלט, שמוציג, פול קנייטשען און האָט ניט אָבגעריסען די אויגען פון זיין בעשעפ־טיגונג.

מיין מוטער האָט זיך צוריק געקעהרט. איך האָב געזעהן, ווי זי האָט געציטערט און ווי זי האָט שנעל געזאָגט:

— איך גלויב, עס איז ער. געה אַקאָרשט אריבער צום קאַ־

פּיטאַן און פרעג איהם. אָבער אום גאָטעס ווילען, זיי פאַרזיכטיג, אַז דער טויגעניכטס זאָל זיך אונז ווידער ניט אָנלעגען אויפ׳ן קאַרק.

מיין פאָטער איז אוועק, און איך האָב איהם נאָכגעפאָלגט. איך בין געווען זעהר בעוועגט. דער קאַפּיטאַן, א גרויסער, מאָגע־רער מאַן, מיט לאַנגע וואָנצעס, האָט מיט אַזאַ וויכטיגער מינע געטראַכטען אויף דעם קאָמאַנדער־בריק, ווי ער וואָלט א שיף נאָך אינדיען געפיהרט.

מיין פאָטער האָט צו איהם געגומען רעדען פייערליך, האָט איהם אויסגעפרעגט וועגען זיין בערוף און איהם דערביי א פּאָאַר קאָמפּלימענטען געמאַכט. ער האָט געוואָלט עטוואָס וויסען איבער דער בעדייטונג פון דזשאַייזי, פון זיינע פּראָדוקטען, זיין בעפעל־קערונג, די זיטען און געוואָהנהייטען וואָס הערשען דאָרט און אַזוי ווייטער. דאַן האָט ער געגומען רעדען איבער דאָס שיף, דעם „עקספּרעס“. דערנאָך פון זיינע מאַטראָזען. און אויפ׳ן סוף האָט מיין פאָטער מיט אַן עטוואָס אונזיכערער שטימע געזאָגט:

— איהר האָט דאָ אויפ׳ן שיף עפּעס אַן אַלטען מאַן, וועלכער עפּענט די אויסטערס. דער זעהט מיר אויס זעהר אינטערעסאַנט. ווייסט איהר עפּעס נעהנטערעס פון דעם גוטען אַלטען?

דער קאַפּיטען, ווען די דאָזיגע אונטערהאַלטונג האָט גענו־מען ווערען לאַנגוויילינ, האָט געענטפערט טרוקען:

דאָס איז אַן אַלטער פראַנצויזישער שלעפּער, וועמען איך האָב לעצטען יאָהר אין אַמעריקאַ געטראָפען און וועלכען איך האָב צוריק אַהער געבראַכט. איך גלויב, ער האָט קרובים אין האַוור. אָבער ער וויל צו זיי ניט קומען, ווייל ער איז זיי שולדיג געלד. ער הייסט יוליוס דאַרמאַנשע אָדער דאַווראַנשע, מיט איין וואָרט עטוואָס עהנ־ליכעס. עס שיינט, אַז ער איז דאָרט אין אַמעריקאַ, א מאָל רייך געווען, אָבער ווי איהר זעהט, איז ער איצט ווידער גאַנץ געפאַלען.

מיין פאָטער איז געוואָרען טויט ווי קאַלך און האָט געשטאַ־מעלט מיט א הייזעריגער שטימע, קוקענדיג צושראָקען ארום זיך.

— אַזוי, אַזוי, זעהר שעהן. דאָס וואונדערט מיך גאָרנישט. איך דאַנק אייך פיעל מאָל, הערר קאַפּיטאַן.

און ער איז אַוועק, בעת דער קאַפּיטאַן האָט איהם שטאַרק פערוואונדערט נאָכגעקוקט. מיין פאָטער איז אַזוי דערשראָקען צו דער מוטער צוגעקומען, אַז זי האָט אויסגערופען איהם אנטקעגען:

— זעץ זיך צו, אַז ניט ועט מען נאָך באַמערקען, וואָס דאָ טהוט זיך.

ער האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף אַ באַנק און גענומען שטאַמ־לען:

— ער איז עס, ער איז עס.

דערנאָך האָט ער געפרעגט:

— וואָס טהוט מען איצט?

און זי האָט געענטפערט מיט היץ:

— מיר מוזען די קינדער אַוועקנעהמען פון דאַנען. אַזוי ווי יאָזעף וויים שוין סיי ווי סיי, טאָ זאָל ער געהן און זיי אַוועק־רופען. אָבער די הויפּט זאַך איז, אַז אונזער איידעם זאָל דערפון גאָרנישט וויסען.

מיין פאָטער איז קענטיג געוועזן אויסער זיך; ער האָט גע־מורמעלט:

— אַזאַ שלים מזל!

מיין מוטער, וועלכע איז פּלוצים געוואָרען אויפגעבראַכט, האָט צוגעלעגט:

— איך האָב אָבער פון שטענדיג אָן געטראַכט, אַז פון דעם גנב וועט גאָרנישט אַרויסקומען און ער וועט אונז נאָך אַ מאָל ווי־דער פאַלען צו לאַסט! נו יאָ, וואָס פאַר אַ גוטעס קען מען ערוואַר־טען פון אַ דאַוראַנשע!

און מיין פאָטער האָט אַ פּיהר געטהאָן מיט דער האַנד איבער'ן שטערן, ווי ער פלעגט געוועהנליך ביי די פּאָרווירפע פון זיין פרוי־טהאָן.

זי האָט צוגעלעגט:

— גיעב יאָזעף'ן געלד, אום ער זאָל גלייך בעצאָהלען פאַר די

אויסטערס. מעהר פעהלט אונז נישט, נור אז דער בעטלער זאָל אונז דערקענען, דאַן וועט זיין א שעהנער סקאַנדאַל אויף'ן שיף. מיר וועלען אריבערגעהן אויף דער אַנדערער זייט און זעהן, אז דער מאַן זאָל נישט צוקומען צו נאָהענט צו אונז.

זיי זיינען אויפגעשטאַנען און אוועק, נאָכדעם ווי איך האָב געקריגען א פינף פראַנק שטיק. מיינע שוועסטער האָבען פער־וואונדערטע אויפ'ן פאָטער געוואַרט. איך האָב זיי פערזיכערט, אַז די מאַמע איז עטוואָס זעהר קראַנק געוואָרען, און געפרעגט דעם אויסטער עפענער:

— וואָס זיינען מיר אייך שולדיג?

איך האָב מורא געהאַט, אַז איך זאָל ניט צולייגען: „ליעבער אַנקעל".

ער האָט געענטפערט:

— צוויי פראַנק פופציג סאַנטים.

איך האָב איהם דערלאַנגט מיין פינף פראַנק שטיק און ער האָט מיר ארויסגעגעבען דאָס איבעריגע געלד צוריק. דערביי האָב איך אַנגעקוקט זיין צוקנייטשטע, צורונדעלטע מאַטראָזען האַנד און זיין פנים, אַן אַלט, פאַר'חושכ'ט, טרויעריג, מיעד פנים. און איך האָב געזאָגט צו זיך אַליין: דאָס איז אַלזאָ מיין אַנקעל, דער ברו־דער פון מיין פאַפאַ. איך האָב איהם געגעבען צעהן סאָו טרינק־געלד.

ער האָט געדאַנקט.

— גאָט זאָל אייך דערפאַר העלפען, יונגער העדר.

דער טאָן פון אַן אָרימאַן האָט געקלונגען אין זיין דאַנק, פון א בעטלער, וואָס קריגט א נדבה; ער האָט הפנים דאָרט, אויף יענער זייט ים געבעטעלט. מיינע שוועסטער האָבען מיך אַנגע־קוקט. זיי זיינען געוועזן זעהר ערשטוינט פון מיין פרייגעביגקייט. ווען איך האָב די צוויי פראַנק מיין פאָטער אָבגעגעבען, האָט מיין מוטער געפרעגט:

— די אויסטערס האָבען דריי פראַנק געקאָסט? דאָס איז דאָך ניט מעגליך!

און איך האָב געענטפערט מיט אַ פעסטער שטימע:

— איך האָב פופציג סאַנטים טרינק געלד געגעבען.

מיין מוטער האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן און מיך שאַרף אָנגעקוקט:

— דו ביזט הפּנים משוגע געוואָרען, געבען פופציג סאַנטים אַזאַ שלעפּער, אַזאַ לומפּ...

מיין פאָטער האָט זי אָנגעקוקט פול בעדייטונג און פון דער זייט געוואָרפען אַ בליק אויף זיין איידעם, אַזוי אַז זי האָט איהרע רייד אין מיטען איבערגעבראָכען. דאַן זיינען אַלע אנשווייגען געוואָרען. פאַר אונז האָט זיך ווי אַ וויאָלעטער שאָטען פון ים אויפגעהויבען. דאָס איז געווען דזשאַייזי. ווען מיר זיינען צוגעקומען צום האַפען, האָב איך געפיהלט אַ בעדירפעניש נאָך אַ מאָל צו זעהן אָנקעל יוליוס, צו איהם צו צוגעהן און איהם מיט עפּעס טרייסטען.

אָבער אַזוי ווי קיינער האָט שוין מעהר קיין אויסטערס ניט געגעסען, איז ער פערשוואונדען געוואָרען. דער שלים מזל'דיגער מענש איז הפּנים אַראָב אין דעם פאַרשטונקענעם שיף־קעמערל, וואו ער האָט געוואָהנט.

ווען מיר זיינען צוריק געפאָהרען, האָבען מיר אויסגעקליבען אַ שיף איבער אַן אַנדער וועג, אום איהם ווידער ניט צו באַגעגענען. מיין מוטער האָט די אונרוה צופיעל געמאַטערט.

איך האָב מיין פאָטער'ס ברודער קיין מאָל מעהר נישט געזעהן און אָט דערפאַר, זעהסטו, גיעב איך דאָס פון צייט צו צייט אַן אָרימאַן אַ פינף פראַנק שטיק.



# זיך מודה געווען



טראַהלענדיג שיינט די זון אויף די פעלדער, אויף די פריצישע הויפען, אויף די בוימער. די גאָלדענע קאָרן־זאַנגען, דער העל־גרינער האָבער, דאָס דונקעל־גרינע גראָז האָבען אויסגעשפּרייט אַ גרויסען, געשטרייפטען, זיך לייכטבעוועגענדען מאַנטעל איבער'ן נאַקעטען לייב פון דער ערד.

דאָרט פון ווייטען, אויף'ן גראָז, פּאַשען זיך אַן אונענדליך לאַנגע רייהע קיה. איינינע ליגען, אַנדערע שטעהען און מיט זייערע גרויסע אויגען פינטלען זיי, פאַרבלענדט פון דער ברענענדינער זון. זיי מעקען און פרעסען דאָס גראָז פון פעלד, וועלכער ציהט זיך אוועק אין דער בריים און אין דער לענג, ווי אַ ים.

צוויי פרויען, מוטער און טאָכטער, געהען מיט אַ וויגענדיגען טריט, איינע הינטער דער אַנדערער, אויף אַ שמאָלער סטעזשקע צווישען די תבואה־פעלדער צו דער סטאַדע בהמות.

זיי טראָגען ביידע צו צוויי בלעכענע עמערס אויף אַ גרויסען שטעקען איבער די שולטערן. און ביי יעדען טריט, וואָס זיי טהוען, בליסטשעשע דאָס ווייסע מעטאַל אויף דער זון.

זיי ריידען ניט; זיי געהען מעלקען די קיה. אָט זיינען זיי צוגעקומען, אַוועקגעשטעלט די עמער, צוגעגאַנגען צו די ערשטע צוויי קיה און זיי געגעבען אַ זעץ מיט די הילצערנע שיך אין זייט, אַז זיי זאָלען זיך אויפהויבען.

די בהמה הויבט זיך אויף לאַנגזאַם, צוערשט אויף די פאָדערשטע פיס, דאַן שטרעקט זי אויס איהר ברייטען הינטערשטען טהייל, וועלכער זעהט אויס נאָך שטאַרקער צוליעב דאָס גרויסע,

גאָלד־ברוינע, הייגנענדיגע פליישיגע אייטער. און מוטער און טאָכטער קניהען אונטער דעם לייב פון דער קוה און ציהען מיט אַ קורצער, שאַרפער בעוועגונג דאָס אויפגעבלאָזענע אייטער אַראָב, וועלכער לאָזט ביי יעדען דרוק אַ פיינעם מילך־שטראָם אין עמער אריין. דער עמוואָס געלבליכער שוים הויבט זיך אויף ביז צו די ברעגעס, אוןביידע פרויען געהען דורך די גאַנצע רייהע פון איין בהמה צו דער אַנדערער.

אזוי שנעל ווי זיי האָבען איין קוה אויסגעמאָלקען, טרייבען זיי זי אָב אַ שטיק ווייטער, אום אַז זי זאָל זיך קריגען אַ שטיק פעלד מיט פרישען ניט געטשעפּעטען גראָז. דאַן געהען זיי לאַנג־זאַם אוועק צוריק, געבויגען אונטער דער שווערער לאַסט פון די מילך, די מוטער אַפריהער און די טאָכטער נאָך איהר.

אָבער פּלוצים בלייבט די טאָכטער שטעהן, לאָזט אַרונטער איהר שווערע עמער, זעצט זיך און הויבט אָן צו וויינען. און ווען מוטער מאַליוואַיר הערט ניט מעהר הינטער זיך די טריט פון איהר טאָכטער, דרעהט זי זיך אום און בלייבט שטעהן ערשטוינט.

— וואָס איז דיר? — פרעגט זי.

צעלעסטינע, איהר טאָכטער, אַ גרויסע מויד מיט רויטע האָאָר, מיט רויט פאַרברענטע באַקען און זומער־שפּרינקלאַך, וועלכע זעהען אויס ווי פונקען וואָלטען איהר אויף׳ן פּנים אַרויפגעפאַלען, האָט געענטפערט בליפענדיג שטיל, ווי אַ קינד, וואָס מען האָט אָנגע־שלאָגען:

— איצט קען איך ניט מעהר שלעפּען די מילך!

— וואָס איז דיר דען?

צעלעסטינע האָט געענטפערט זיצענדיג איינגעזונקען צווישען איהרע ביידע עמערס און ווישענדיג מיט׳ן פאַרטוך די אויגען:

— דאָס איז אזוי שווער, איך קען עס ניט איינהאַלטען!

די מוטער האָט געפרעגט צום דריטען מאָל:

— וואָס איז דיר דען?

און די טאָכטער האָט אַרויסגעקרעכצט:

— איך גלויב... איך בין שוואַנגער...

און זי האָט גענומען שלוכצען.

איצט האָט אויך די אַלטע אַראָבגעשטעלט איהר לאַסט אויף דער ערד. זי איז געוואָרען אַזוי איבערראַשט, אַז זי האָט ניט געקענט אַרויסברייננגען קיין איין וואָרט. צום סוף האָט זי אַרויס־געשטאַמעלט:

— דו ביזט שוואַנגער, דו נאַרישע מויד דו, איז דאָס מעגליך?

די מאַליוואָירס זיינען געווען רייכע פּויערים, האָבען געהאַט אַ נאָמען, געווען אָנגעזעהען און מיט אַן איינפלוס. — צעלעסטינאַ האָט געשטאַמעלט:

— יאָ, איך גלויב אַזוי!

די צושראָקענע אַלטע האָט אָנגעקוקט איהר טאָכטער, וועלכע איז געזעסען פאַר איהר אַ וויינענדיגע און באַלד האָט זי גענומען שרייען:

— זייט ווען ביזטו שוואַנגער, און ווי אַזוי האָט עס מיט דיר פּאַסירט, דו מיאוסע בריאה?

און צעלעסטינע האָט געשעפּטשעט אַ צובראָכענע:

— איך גלויב אין פּאַליט'ס וואַגען.

די אַלטע האָט זיך געסטאַרעט צו פערשטעהן, זיך אָנצושטויסען און אַרויסצוקריגען, ווער סע האָט דאָס געקענט אָבטהאָן איהר טאָכטער. אויב דאָס איז אַ רייכער יונג, וועט זי שוין די געשיכטע אין אָרדנונג ברייננגען; דאַן וואָלט עס נאָך ניט געווען אַזוי שלעכט. צעלעסטינע איז ניט געווען די ערשטע מיט וועלכע אַזאַ זאַך האָט פּאַסירט. פון דעסטוועגען האָט איהר דאָך פערדראָסען, עס איז איהר ניט אָנגעשטאַנען אַזאַ געשיכטע, עס האָט ניט געפּאַסט ניט פאַר איהר און ניט פאַר לייטען און זי האָט געזאָגט:

— ווער האָט עס דיר געטהאָן, דו פּאַסקודסטוואָ?

צעלעסטינע איז געווען ענטשלאָסען איצט אַלעס צו זאָגען און זי האָט געשטאַמעלט:

— איך גלויב, עס איז געווען פּאָליט.

דאָ האָט זיך די אַלטע אַ וואָרף געטהאָן אויף איהר טאָכטער מלא רציחה און זי גענומען אַזוי שלאָגען, אַז זי האָט איהר הייבעל פערלאָרען. זי האָט איהר געקלאַפּט מיט די קולאַקעס אויף קאָפּ, אויף'ן רוקען, איבעראַל וואו זי האָט נאָר געטראָפען. און צעלעס־

טינע, וועלכע איז איצט געלעגען אויסגעצויגען אין דער גאַנצער לענג צווישען איהרעביידע עמער, וועלכע האָבען זי אַביסעל בע־שיצט, האָט נאָר פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט ביידע הענד.

אַלע קיה האָבען אויפגעהערט צו פרעסען, האָבען זיךפערוואונ־דערט אומגעדרעהט און אָנגעקוקט מיט זייערע גרויסע אויגען די ביידע פרויען. די וואָס איז געשטאַנען אם נאָהענטססטען האָט גענומען מעעקען.

— איז דאָס מעגליך, פאַליט איז עס גאָר געווען? אָבער ווי אזוי האָסטו געקענט זיך אריינלאָזען מיט א קוטשער? דו ביזט הפּנים פון זינען אראָב! מיט אזא שלעפער האָסטו געשעפטען?

צעלעסטינע, וועלכע איז נאָך אַלץ געלעגען אויסגעצויגען אויף דער ערד, האָט געוויינט אין גראָז אריין:

— דערפאַר האָב איך דאָך ניט גענדארפט בעצאָהלען קיין פוהר־געלד!

און די אַלטע נאָרמאַנישע פרוי האָט אַלעס פערשטאַנען.

* * *

צוויי מאָל א וואָך, מיטוואָך און שבת איז צעלעסטינע גע־פאָהרען אין שטאָדט אום צו פערקויפען דאָרט היהנער, מילך און אייער, וואָס זיינען איבערגעבליעבען פון דער פאַרמע. זיעבען אזייגער אין דער פריה פלעגט זי אוועקגעהן מיט צוויי גרויסע קערב אויפ'ן אָרעם, אין איינעם מילך אין צווייטען די היהנער. ארויס אין גאס, האָט זי דאָרט אָבגעוואַרט דעם פאָסט וואָגען, וועלכער איז געפאָהרען קיין וועטאָט.

זי פלעגט אוועקשטעלען איהרע קערב אויף דר'ערד און אַליין זיך צוזעצען אויפ'ן גראָבען, בעת די היהנער מיט זייערע קורצע, שפּיציגע שנאָבלען און די ענדיקעם מיט די ברייטע און פלאַכע, האָבען ארויסגעשטעקט זייערע קעפּ פון צווישען די שטאַכעטען פון זייער שטייג און זיך מיט רונדע, נארישע אויגען פערוואונדערט ארומגעקוקט.

באַלד איז אָנגעקומען דער וואָגען, אזא מין סאָרט געלער קור־פערט מיט א שווארצען לעדערנעם צודעק פון אויבען, געטריבען

פון אַן אַלטען, ווייסען פערד און פּאַליט דער קוטשער, אַ דיקער, שטענדיג פרעהליכער יונג. ער איז געווען שטאַרק בעליבט ניט קוקענדיג אויף זיינע יונגע יאָהרען, פערברענט פון דער זון, פון ווינד און אַלע וועטער'ן כמעט שוואַרץ, פון רעגען דורכגענעצט, פון שנאַפּס אַנגעוואַרעמט, אַזוי אַז זיין פּנים און זיין האַלז האָבען אויסגעזעהן, ווי אַ ציעגעל. קנאַקענדיג מיט'ן בייטש, האָט ער נאָך פון וויטען אויסגערופען:

— גוט מאָרגען, פריילין צעלעסטינע, ווי געהט עס אייך?

זי פלעגט איהם דערלאַנגען איהרע קערב, איינעם נאָכ'ן אַנדערען, ער האָט זיי אַרויפגעשטופּט אויפ'ן וואָגען, דאַן איז זי אַרויפגעקראָכען, האָט אויפגעהויבען דעם פוס הויך, אום צוצוקומען צום טרעפּעל, און דערביי האָט מען געזעהן דעם בלויען זאָק אויף איהר גראָבער פּאָלקע, און יעדעס מאָל האָט פּאַליט געזאָגט דעם זעלבען וויץ:

— איהר זייט ניט מאָגערער געוואָרען!

און זי האָט געלאַכט; איהר האָט עס אויסגעוויעזען מורא'דיג קאָמיש.

דאַן האָט ער אויסגערופען:

— הי, ליעזע!

און דאָס מאָגער פערדעל האָט זיך אוועקגעשלעפּט. דאַן האָט צעלעסטינע אַרויסגעצויגען פון דער טיעפעניש פון איהר קעשענע אַ פּאָרטמאָנע, אַרויסגענומען פון דאָרט צעהן סו, זעקס סו פאַר זיך און פיער פאַר די קערב, און עס דערלאַנגט פּאַליט'ן איבער'ן אַקסעל אַריבער. יענער האָט עס גענומען מיט די ווערטער:

— נו, מילא, היינט מוז הפּנים זיין אַזוי! — און ער האָט זיך צולאַכט מיט אַ ברייטען געלעכטער און זיך אומגעדרעהט, אום זי בעסער צו זעהן. עס איז איהר געווען זעהר ביטער אויפ'ן האַרצען, איהם פאַר יעדעס מאָל פּאָהרען צו געבען אַ האַלבען פראַנק און ווען זי האָט ניט געהאַט קיין קליינגעלד איז איהר געווען נאָך ערגער. זי האָט ניט געקענט ביי זיך פועל'ן, איהם צו געבען אַ זילבערנע מטבעה. און איין מאָל אין אַ געוויסען טאָג, ווען זי האָט איהם געדאַרפט בעצאָהלען, האָט זי געזאָגט:

— ביי אזא גוטען קינד ווי איך, האָט איהר געמעגט בעהמען זעקס סו, עס וואָלט געווען גאַנץ גענוג.

ער האָט גענומען לאַכען:

— איין זעקסער, קליינע, ביזט מעהר ווערט ווי דאָס.

זי האָט געבעטען:

— דאָס מאכט דאָך בלויז אויס מיט צוויי פראנק ווייניגער אויפ׳ן מאָנאַט.

ער האָט אויסגערופען און א שמייך געטהאָן דאָס פערד:

— נו, איך וויל זיין גוט, פאר א קליינע געפעליגקייט וועל איך עס טהאָן.

זי האָט נאַריש געפרעגט:

— וואָס מיינט איהר?

דאָס האָט איהם פערשאפט אזוי פיעל שפּאַס, אז ער האָט זיך אזש צוהוסט פאר געלעכטער.

— א געפעליגקייט, נור א קליינע געפעליגקייט... אָט ווי צווישען מאַן און ווייב און אָהן מוזיק!

זי האָט פערשטאַנען, איז רויט געוואָרען און ערקלעהרט:

— ניין, איך האָב ניט ליעב אַזעלכע שפּאַסען!

אָבער ער איז נישט צומישט געוואָרען און האָט ווייטער גע־רעדט, בעת די געשיכטע האָט איהם אַלץ מעהר און מעהר אמוזירט:

— נו, נו, דו וועסט שוין ווייכער ווערען, מיר וועלען בלויז שפּיעלען אַביסעל אין מאַן און פרוי.

און זייט דאַן האָט ער יעדעסמאָל, ווען זי האָט געדאַרפט צאָה־לען, אָנגעהויבען צו פרעגען:

— נו, היינט?

זי האָט באַלד אויך גענומען טרייבען שפּאַס און געענטפערט:

— היינט ניט, הערר פּאָליט, אָבער שבת גאַנץ זיכער!

און ער האָט אויסגערופען מיט א געלעכטער:

— גוט, קליינע, אַלזא שבת!

אָבער זי האָט זיך בערעכענט, אז זייט צוויי יאָהר, וואס זי שפּיעלט זיך אזוי מיט פּאָליט׳ן, האָט זי איהם איבערגעגעבען אכט־און־פיערציג פראנק און אין דאָרף געפינט מען ניט אין גאַס קיין

אכט־און־פערציג פראנק. דאן האט זי אויסגערעכענט, אז אין נאך צוויי יאהר ארום וועט עס אויסמאכען כמעט הונדערט פראנק.

און דאס האט זי בערעכענט אזוי לאנג, ביז איין מאל אין א פריהלינג טאג, ווען זיי זיינען געווען אליין און ער האט ווי געוועהנליך געפרעגט:

— נו, היינט?

האט זי געענטפערט:

— ווי איהר ווילט, הערר פאלים.

ער האט זיך גאר נישט פערוואונדערט און האט נור גלייך אריבערגעקלעטערט פון דער הינטערשטער באנק אין וואגען אריין.

דערביי האט ער געזאגט מיט א צופריעדענער מינע:

— נו, יא, איך האב עס דאך פריהער געוואוסט.

און דאס פערדעל האט זיך געשלעפט אזוי לאנגזאם, עפעס אזוי ווי עס וואלט זיך ניט וועלען ריהרען פון פלעק און האט ניט געפאלגט די שטימע, וועלכע האט פון דער טיעפעניש פון וואגען צו איהם פון צייט צו צייט געשריען:

— הי, ליזע! הי, ליזע!

אין דריי מאנאטען ארום האט צעלעסטינע בעמערקט איהר אונגליק.

* * *

דאס אלעס האט זי מיט א וויינענדיג קול דערצעהלט איהר מוטער און די אלטע האט געפרעגט בלייך פאר כעס:

— אלזא, וואס האט דאס דיר איינגעבראכט ביז אהער?

— צעלעסטינע האט געענטפערט:

— פיער מאנאטען, נו, אכט פראנק דאך געוויס.

— דא איז די אלטע געווארען אנגעצונדען פאר כעס, זי האט זיך ווידער א ווארף געטהאן אויף איהר טאכטער און איהר גענר־מען געבען קלעפ, ביז זי האט שוין מעהר קיין כחות ניט געהאט זי צו שלאגען. צום סוף, ווען זי האט זיך אויפגעהויבען, האט זי געפרעגט:

— האסטו איהם נאך ניט געזאגט, אז דו ביזט שוואנגער?

— ניין, נאך ניט.

— פאר וואס האסטו איהם ניט געזאגט?

— ווייל, ער וואלט מיר אפשר ווידער געהייסען צאהלען.

די אלטע האט א ווײלע געטראכט און דאן האט זי ווידער אויפגעהויבען איהרע עמער:

— מארש, שטעה אויף און זעה, אז דו זאלסט מיר געהן, ווי א מענש.

דאן נאך א קורצען שטילשווייגען, האט זי בעמערקט:

— און דו זאלסט עס איהם נאך ניט זאגען, ביז וואנען ער וועט עס אליין בעמערקען, כדי מיר זאלען קענען נאך זעקס אדער אכט פראנק איינשפארען!

צעלעסטינע האט זיך אויפגעהויבען, זי האט נאך אלץ געוויינט, איהר הייבעל האט זיך פעררוקט אן א זייט און מיט שווערע טריט האט זי גענומען געהן ווייטער, ברומענדיג:

— ניין מוטער, איך וועל גאר נישט זאגען!



# דער ריעגעל.





י פיער גלעזער פאר די פיער מענער ביים טיש זיינען געשטאַנען האַלב פול, מייסטענס א סמן, אז די געסט זיינען גאַנץ פול. זיי האָבען גענומען פלוידערן ניט קימערנדיג זיך איינער וועגען אנדערן, ניט הערענדיג וואָס דער אַנדערער רעדט, דען יעדערער איז געווען פערנומען מיט זיך אליין און מיט זיינע אייגענע זאכען. די שטימען זיינען געוואָרען העכער און העכער, די בעוועגונגען לעבעדיגער, די אויגען האָבען געברענט.

עס איז געווען א דינער פון אַלטע בחורים. מיט צוואַנציג יאָהר צוריק האָבען עטליכע פערביסענע געגנער פון פערהייראַטען לעבען געגרינדעט א בונד, וועלכען זיי האָבען א נאָמען געגעבען „פרייע מענער“. דעמאָלט זיינען געווען זייערע פערצעהן מאַן, אַלע ענטשלאָסען קיין מאָל ניט חתונה צו האָבען. פון זיי זיינען איבערגעבליבען בלויז פיער. דריי זיינען געשטאָרבען, די איבעריגע זיעבען האָבען געהייראַט.

די דאָזיגע פיער האָבען הויך און פעסט געהאַלטען די פאָהן און האָבען אָבגעהיט אַלע רעגעלן פון דער פּראָגראַם, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרען ביי דער גרינדונג פון דעם דאָזיגען זאָנדערבאַרען פעראיין. זיי האָבען געגעבען א האַנד איינער דעם אַנדערן אַראָבצופיהרען אזוי פיעל פרויען, ווי נור מעגליך פון דעם זאָגענאַנטען „גלייכען וועג“. די ערשטע כפרה היהנדלעך האָבען געזאָלט זיין די פרויען פון זייערע פריינד, איבערהויפּט פון די בעסטע, אינטימסטע פריינד. דערפאַר האָט יעדער, וועלכער איז אַרויס פון דעם דאָזיגען פעראיין, אום צו גרינדען א פאַמיליע,

מיט איין מאָל אין גאנצען איבערגעריסען מיט זיינע פריהערדי־
גע געגנאָסען און ניט געוואָלט מעהר פון זיי וויסען.

צווישען אנדערעס האָבען זיי ביי יעדען דינער זייערן געמוזט
דערצעהלען דעם נאָמען און אלע איינצעלהייטען פון זייער לעצטען
ליעבעס זיעג. דערפאַר האָט זיך צווישען זיי אויסגעארבייט אַ
ווערטעל: „ער לייגט, ווי אונזער אַ מיטגליעד“.

זייער הויפּט פּרינציפּ איז געווען די פּעראכטונג צום וייב־
ליכען געשלעכט און זיי האָבען בעהאַנדעלט די פרויען ווי חיות,
געשאפען צו בעפריעדיגען די מענערשע תאוה. שאָפּענהויער איז
געווען זייער גאָט. דערצו האָבען זיי געפּאָדערט, אז מען זאָל
צוריק איינפיהרען דעם הארעם. אויף דעם טישטוך, אויף וועל־
כען זיי האָבען געגעסען, האָבען זיי געלאָזט אויסנעהען אַ געווי־
סען פערז פון אַלפרעד דע־וויגני:

„אַ קראַנק קינד איז דאָס וייב און אונריין צוועלף מאָל!“

און אזוי איז עס געקומען, אז אויס לויטער פּעראכטונג צו די
וייבער, האָבען זיי געלעבט אייגענטליך נאָר פאר זיי, פאר די
פרויען, וועגען זיי געטראכט, צו זיי געשטרעבט, נאָך זיי געגארט.
די אַמאָליגע מיטגליעדער, וועלכע האָבען שפּעטער חתונה געהאָט,
האָבען זיי גערופען „אלטע שירצען יעגער“, זיי אויסגעלאכט און
דאָך פאר זיי מורא געהאַט.

ווען דער סעקט האָט אין די גלעזער געשוימט, האָבען די
אַלטע בחורים געדאַרפט אָנהויבען דערצעהלען זייערע מעשיות.

אין דעם דאָזיגען טאָג זיינען אַלע אַלטע מענער געווען שטארק
לוסטיג. וואָס עלטער זיי זיינען געוואָרען, פון אַלץ וואונדערלי־
כערע ערפאָלגען האָבען זיי געהאַט צו דערצעהלען. יעדער פון די
פיער האָט אין לעצטען מאָנאַט אַם ווייניגסטענס איין פרוי אַ טאָג
פערפיהרט! און נאָך וואָס פאר אַ פרויען! די אינגסטע, די
אַריסטאָקראַטישסטע, די רייכסטע און, עס פערשטעהט זיך, די
שעהנסטע!

ווען זיי זיינען פערטיג געוואָרען מיט זייערע געשיכטען, איז
אויפגעשטאַנען דער ערשטער, וועלכער האָט זיי אלע געמוזט אויס־
הערען, און געזאָגט:

— נו, איצט, אז איהר זייט שוין פארטיג מיט זיך, וויל איך אייך דערצעהלען א ליעבעס אוואַנטיור, אָבער ניט מיין לעצטען נור מיין ערשטען. מיין ערשטען פאַל (דען עס איז א פאַל) אין די אָרעמס פון א פרוי. אָה, איך וועל אייך ניט בעשרייבען מיין ערשטען. . . ווי זאָל איך עס אָנרופען. . . . מיין ערשטען אָנהויב — אָה, ניין. דאָס איז ניט אינטערעסאַנט. געוועהנליך איז עס א אונריינע געשיכטע, פון וועלכער מען קומט אַרויס אביסעל בעשמוצט, מיט א גרויסען עקעל, עטוואס טרויעריג און מיט א שעהנעם טרוים ווייניגער. די נאַקעטע ווירקליכקייט אין דער ליעבע שטויסט אונז אָב דעם ערשטען מאָל. מען האָט עס זיך גאַנץ אַנדערש פאָרגעשטעלט, צאַרטער, איידעלער. עס בלייבט אין אונז איבער א געפיהל פון מאָראַלישען און פיזישען עקעל, ווי מען וואָלט צופעליג אריינגעשטעקט די האַנד אין פעך און מען קען ניט קריגען קיין וואסער, אום זיך אָבצואוואשען. מען קען רייבען וויפיעל מען וויל — דער פעך בלייבט אַלץ.

אָבער ווי שנעל געוועהנט מען זיך צו דערצו!

אַלזאָ, וואס איך וויל אייך דערצעהלען, איז, ווי איך האָב געוואונען מיין ערשטע פרוי. . . אוים דער געזעלשאַפט. ענטשולדיגט, איך מיין די ערשטע פרוי אוים דער געזעלשאַפט, וועלכע האָט מיך געוואונען. ווייל צוערשט לאָזען מיר זיך פאַנגען. שפעטער. . . איז אויך אַזוי.

זי איז געוועזען מיין מוטער'ס א פריינדין. . . איבעריגענס, א רייצענדע פרוי. ווען דער דאָזיגער סאָרט פרויען איז ריין. . . איז עס געוועהנליך א דאַנק זייער נאַרישקייט, און ווען זיי זיינען פערליעבט, דאַן זיינען זיי משוגע. אויף אונז קלאָגט מען זיך, אז מיר פערדאַרבען זיי! עס איז ניט אמת! ביי אַזעלכע הויבט אָן דער האַז אָבער ניט דער יעגער. איך ווייס גאַנץ גוט, אז פון אויבען זעהט עס אויס, ווי זיי זיינען גאַר נישט שולדיג, אָבער אין דער ווירקליכקייט זיינען זיי עס יאָ. זיי טהוען מיט אונז וואס זיי ווילען, הגם ניט אָפען. דערנאָך קלאָגען זיי זיך אויף אונז, אז מיר האָבען זיי פערפיהרט, זייער עהרע געראויבט, זיי ערניעדריגט, און וואָס ניט?

די, פון וועלכער איך דערצעהל אייך, האָט ווי עס שיינט שטאַרק געוואָלט, אַז איך זאָל זי ערניעדריגען. זי איז געווען אַ יאהר פינף־און־דרייסיג אַלט. מיר איז דאַן ערשט געוואָרען צוויי־און־צוואַנציג. איך האָב אַזוי פיעל אין זינען געהאַט זי צו פערפיהרען, ווי צו ווערען אַ מאָנאַך אין אַ קלויסטער. קורץ, אין אַ געוויסען טאָג, ווען איך האָב זי בעזוכט, האָב איך ערשטוינט בעמערקט, אַז זי טראָגט אַ מאָרגען קלייד, וועלכע איז געווען פאַר־באַנדערגעשפּיליעט, אָפען, ווי אַ קירכען טיר, ווען מען קלינגט צו גאָטעסדיענסט. זי האָט גענומען מיין האַנד און זי געדריקט, ווי מען דריקט בלויז אין אַזעלכע מאָמענטען, און געזאָגט צו מיר מיט אַ שוואַך קול און אַ טיעפען זיפץ:

— אַך, מיין ליעב קינד, קוקט מיך נישט אַזוי אָן!

איך בין געוואָרען רויטער ווי אַ טאָמייטע און, עס פערשטעהט זיך, נאָך מעהר צומישט ווי זי. איך וואָלט מיט פערגעניגען אוועקגעגאַנגען, אָבער זי האָט געהאַלטען מיין האַנד פעסט, דער־נאָך האָט זי זי אַרויפגעלעגט אויף איהר הייכען בוזים און געזאָגט צו מיר:

— אָט, פיהלט ווי מיין האַרץ קלאַפּט!

עס האָט טאַקע געקלאַפּט. איך האָב גענומען פערשטעהן, האָב אָבער ניט געוואוסט ווי איך זאָל זיך האַלטען. — זייט דאַן האָב איך, זעלבסטפערשטענדליך, פיעל געלערנט. —

און איך בין אַזוי געבליעבען שטעהן מיט איין האַנד אויף איהר האַרצען און אין דער אַנדערער מיין הוט. דערביי האָב איך זי אָנגעקוקט מיט אַ צומישטען, נאַרישען, צושראָקענעם שמייכעל. אָבער דאָ גלייכט זי זיך פּלוצים אויס און זאָגט צו מיר אין אַ גערייצטען טאָן:

— יונגער מאַן, וואָס טהוט איהר? איהר זייט ניט אַנשטענ־דיג און דרייסט!

איך האָב שנעל אַ כאַפּ געטהאָן מיין האַנד צוריק, מיין שמייכעל איז פערשוואונדען, איך האָב אויסגעשטאַמעלט אַן ענט־שולדיגונג, בין אויפגעשטאַנען און אַנטלאָפען אַ צומישטער און אָהן אַ קאָפּ.

אָבער זי האָט שוין איהרס געהאַט אָבגעטהאָן. איך האָב געטרוימט פון איהר. זי האָט אין מיינע אויגען אויסגעזעהן ריי־צענד שעהן. איך האָב זיך איינגערעדט, אז איך ליעב זי, אז איך וועל זי אימער ליעבען און איך האָב בעשלאָסען פון איצט אָן צו זיין דרייסטער, זאָגאר פרעך, ווען נויטיג.

ווען איך האָב זי ווידער געזעהן, האָט זי צו מיר געשמייכעלט. אך, ווי איהר שמייכעל האָט מיך אויפגערעגט. זי האָט מיר לאַנג און פול מיט בעדייטונג געדריקט די האנד.

פון דעם דאָזיגען טאָג אָן בין איך געווארען צו איהר אויפ־מערקזאַמער, בין איהר נאָכגעגאַנגען, הפּנים איהר ליעבע געזוכט יעדענפאלס האָט זי מיך דערנאָך פערזיכערט, אז איך האָב זי פער־פיהרט, אין קייטען געשמיעדט, איהר עהרע גערויבט און וואָס איהר ווילט.

אָבער איין זאַך האָט מיך שטארק בעאונרוהיגט. וואו זאָל איך מיין זיעג געניסען? איך האָב געוואָהנט אין דער היים און מיין פאמיליע איז אין אזעלכע זאכען געווען זעהר שטרענג. איך האָב אָבער דאַן נאָך ניט געהאַט דעם מוט אין מיטען העלען טאָג צו געהן מיט אַ פרוי אין אַ האָטעל. און מיט וועמען זיך אָן עצה האַלטען האָב איך אויך ניט געהאַט.

אבער מיין פריינדין אליין האָט מיך אַרויסגענומען פון דער דאָזיגער פערלעגענהייט. איין מאָל האָט זי געזאָגט צו מיר מיט אַ שעלמישען שמייכעל: „יעדער יונגער מאַן מוז האָבען זיין איי־גען צימער אין שטאָדט....“

מיר האָבען געוואָהנט אין פאַריז. דאָס איז געווען אַ וואונק. איך האָב געדונגען אַ צימער. . . און זי איז געקומען אַהין.

אין אַ געוויסען נאָוועמבער טאָג איז זי מיך געקומען בעז־זוכען. איך אַליין האָב שטארק געוואָלט די זאַך אָבלייגען, דען צו מיין גרויסען בעדויערען האָט אין מיין צימער קיין פייער ניט געברענט. און דאָס פייער האָט ניט געברענט, וויייל דער קאַמין האָט גערויכערט. גראדע מיט אַ טאָג פריהער האָב איך וועגען דעם גערעדט מיט מיין בעל הבית, אַן אמאָליגער סוחר, און ער

האָט מיר צוגעזאָגט אין א פּאָר טעג ארום אליין צו קומען מיט א מאן נאָכצוזעהן און פערריכטען דעם אויווען.

אזוי שנעל ווי מיין פריינדין איז אריין אינעווייניג, האָב איך איהר ערקלעהרט:

— דער אויווען רויכערט! איך האָב ניט קיין פייער!

עס האָט איהר ווי עס שיינט גאנץ ווייניג געקימערט און זי האָט אויסגעשטאמעלט:

— עס מאכט ניט אויס... איך האָב אליין גענוג!

און ווען איך האָב זי פערוואונדערט אָנגעקוקט, איז זי געוואָרען צומישט און געזאָגט:

— איך ווייס אליין ניט וואס איך רייד. . . איך בין משוגע. . . איך האָב אין גאנצען מיין קאָפּ פערלאָרען. אום גאָטעס ווילען, וואָס טהו איך דאָ! צו וואס בין איך אהער געקומען! עס איז אן אונגליק! איך שעהם זיך פאר זיך אליין. . . איך שעהם זיך. . .

און שלוכצענדיג איז זי מיר געפאלען אין די אָרעמס.

איך האָב אָנגענומען איהרע געוויסענביסע פאַר עכטע און האָב איהר צוגעזאָגט, אז איך וועל זי ניט אָנריהרען. דאן האָט זי זיך איינגעקלאמערט אין מיר און אויסגערופען:

— אָבער, זעהסטו דען ניט, אז איך ליעב דיך? אז דו האָסט מיך בעזיעגט, מיך אין גאנצען פון זינען אראָבגעבראכט?

דעם מאָמענט האָב איך געוואלט אויסנוצען און איך האָב געטראכט, אז איצט איז די צייט אָנצוהויבען. . . אָבער זי האָט געציטערט, ווי א בלאט, האָט זיך ארויסגעריסען פון מיינע הענד, גענומען אנטלויפען און געמאכט אן אָנשטעל, ווי זי וואָלט זיך וועלען בעהאלטען אין שאפע. דערביי האָט זי נערוועז אויסגערופען:

— אך, קוקט נישט אויף מיר. . . איך שעהם זיך אזוי. . . ווען עס וואָלט כאָטש געווען דונקעל, אז דו זאָלסט מיך ניט קענען זעהן! אבער אזוי! אך, עס איז אזוי ליכטיג!

איך בין צוגעלאָפען צום פענסטער, צוגעמאכט די לאָדענס, אראבגעצויגען די פאָרהאנגען און אויפגעהאנגען מיין אויבערראָק

אויף דעם שפּאַלט, דורך וועלכען עס האָט זיך נאָך אריינגעריסען א שטראַהל ליכט, דאַן האָב איך גענומען טאַפּען מיט אויסגע־שטרעקטע הענד, כדי ניט צו פאַלען איבער א שטוהל, און מיט א ציטערנדען הארצען האָב איך געזוכט און געפונען מיין פריינ־דין.

איצט האָבען מיר צוזאַמען גענומען טאַפּען אין דער פינסטער, איין מויל צום צווייטען צוגעדריקט, זוכענדיג דעם צווייטען עק פון מיין צימער, וואו דער אַלקער האָט זיך געפונען. הפּנים אַז מיר זיינען ניט געגאַנגען מיט דעם ריכטיגען וועג, ווייל מיר האָבען זיך פריהער אַנגעשטויסען אָן דעם קאַמין, דאַן אָן דער קאָמאָדע און צום סוף זיינען מיר צוגעקומען צו דעם געזוכטען פלאַץ.

דאָ האָב איך אַלעם פערגעסען אין משוגענער ליידענשאַפט. עס איז געוועזען א שטונדע פון איבערמענשליכער פרייד. דאַן איז אויף אונז אַנגעפאַלען א מיעדקייט און צוגעדריקט איינער צום צווייטען זיינען מיר איינגעשלאָפען.

און איך האָב געטרוימט. איך האָב געטרוימט, אַז עמיצער רופט מיך, עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך הער געשרייען נאָך הילף. דאַן האָב איך געקראָגען א שטאַרקען שטויס. איך האָב געעפענט די אויגען.

אַך. . . מיין פענסטער איז געווען ווייט אָפען. די אונטערגע־הענדיגע זון האָט אַנגעצונדען דעם ווייטען האָריזאָנט און איהרע פורפור רויטע שטראַהלען זיינען געפאַלען אין צימער אריין און בעלויכטען דאָס בעט, וואו א דערשראָקענע פרוי איז געלעגען און געשריען, געטראַמפּעלט מיט די הענד און מיט די פיס, געשלעפּט צו זיך די ארונטערגעפאַלענע דעקע, זיך געצאַפּעלט נאָך א שטי־קעל פאָרהאַנג, אדער וואס עס איז, כדי עס אויף זיך ארויפצו־ווארפען. אין מיטען צימער זיינען געשטאַנען גאַנץ פערלעגען דער בעל הבית פון הויז אין א שוואַרצען ראָק, דער פּאָרטער ביי זיין רעכטער זייט און דער קוימענקעהרער, שוואַרץ ווי א טייפעל, צו זיין לינקער. און אַלע דריי האָבען אויף אונז געקוקט מיט נאַ־רישע, אויסגעגלאָצטע אויגען.

איך האָב זיך אויפגעהויבען מלא רציחה און אויסגערופען אין א טאָן, ווי אָט־אָט וואַרף איך זיך ארויף אויף זיי און צורייס זיי לעבעדיגערהייט:

— צום טייפעל, וואס זוכט איהר ביי מיר?

דער קוימענקעהרער, וועלכער האָט זיך געשטיקט פאר געלעכ־טער, האָט ארויסגעלאָזען פון זיינע הענד די בלעך פאר'ן אויוועץ און עס איז מיט אַ געפּילדער געפאלען צו דר'ערד. דער פּאָר־טער האָט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט אין גאַנצען משוגע געווארען און דער בעל הבית פון הויז האָט געשטאַמעלט:

— אָבער... מיר... זיינען געקומען... וועגען דעם אויוועץ... דעם אויוועץ...

איך האָב געשריען:

— טראָגט זיך אָב פון דאַנען... געהט צום טייפעל...

דאַן האָט ער צומישט ארונטערגענומען דעם הוט און בעת ער האָט זיך ארויסגערוקט פון צימער, האָט ער געזאָגט:

— ענטשולדיגט... ענטשולדיגט... ווען איך זאָל וויסען, אַז איך שטער אייך... וואָלט איך ניט געקומען. דער פּאָרטער האָט מיך פערזיכערט, אַז איהר זייט אַוועקגעגאנגען... ענטשול־דיגט...

און זיי זיינען אַוועק.

און זייט דאַן מאַך איך מעהר קיינמאָל ניט צו די פענסטער, אָבער איך פעריגעל אימער... די טיר.



## ווער ווייס?



יין גאָט! מיין גאָט! איך וויל אַרויסלעגען אויף פּאַפּיר, וואָס מיט מיר האָט געטראָפען. אָבער צי וועל איך עס קענען, וועל איך עס וואַגען? עס איז אַזוי מאָדנע, אַזוי אומערקלעהרליך, אַזוי אומ־פערשטענדליך, אַזוי משוגע!

ווען איך זאָל ניט זיין זיכער אין דעם וואָס איך האָב אַליין געזעהען, ווען איך זאָל ניט וויסען בעשטימט אַז איך האָב ניט קיין טעות, אַז דאָס איז ניט קיין איינריידעניש, וואָלט איך געקענט מיינען, אַז איך בין איינפאַך אַ קרבן פון אַ פאַנטאַזיע, פון אַ חלום, אַ מיראַזש. אָבער ווער ווייס?

היינט געפין איך זיך אין אַן אַנשטאַלט פאַר נערוועז קראַנקע. איך בין אַהין אַריין מיט מיין אייגענעם ווילען פון פאָרזיכטיגקייט וועגען און פון אַנגסט. איין איינציגער מענש נאָר ווייס פון מיין געשיכטע — דער דאָקטאָר פון דעם אַנשטאַלט. איך וועל זי אָנ־שרייבען אויף'ן פּאַפּיער. איך ווייס אייגענטליך אַליין ניט צו וואָס. אפשר, אום זיך גרינגער צו מאַכען אויף'ן האַרצען, אָראָב־צוּוואַרפען פון זיך אַ שווערע משא, דען איך פיהל, אַז עס דער־שטיקט מיך.

איך בין אימער געווען אַן איינזאַמער מענש, אַ טרוימער, אַ שטילער פילאָסאָף, אַ גוטמוטיגער יונג, וועלכער איז מיט ווייניג צו־פרידען און טראָגט ניט אין זיין האַרצען קיין ביטערקייט אַנטקעגען מענשען און קיין האַס נעגען גאָט. איך האָב אימער געלעבט אַליין, ווייל צווישען מענשען האָב איך זיך געפיהלט ניט דרייסט, אומזי־כער, פערלעגען. ווי זאָל איך עס ערקלעהרען? איך קען ניט זאָגען, אַז איך האָב ניט ליעב געהאַט קיין מענשען, אַז איך האָב

ניט גערן מיט זיי געפּלוידערט, אַז איך האָב ניט הנאה געהאַט ווען ניט ווען צו עסען מיט אַ פּאָר פריינד. אָבער ווען איך זעה זיי אַ צייט לאַנג אַרום מיר, מעגען זיי זיין אפילו מיינע בעסטע פריינד, דאַן לאַנגווייליגען זיי מיך, פערמאַטערען מיך, מאַכען מיך נערוועז און איך דערפיהל אַ שטאַרקע און אַלץ וואַקסענדע בעדערפעניש, אַז זיי זאָלען אַוועקגעהן אָדער איך זאָל זיי פערלאָזען, כדי איך זאָל זיין אַליין.

דער האָזיגער פערלאַנג מיינער איז מעהר ווי אַ בעדערפעניש, עס איז אַ נויטווענדיגקייט. און ווען איך זאָל מוזען נאָך לענגער פערבלייבען אין דער געגענוואַרט פון די דאָזיגע מענשען, ווען איך זאָל נאָך לענגער מוזען אויסהערען זייערע רייד, וואָלט אָהן צווייפעל מיט מיר עפּעס אַן אונגליק געשעהען. וואָס פאַר אַן אונגליק ? ווער ווייס ? אפשר וואָלט איך בלויז גע'חלש'ט. יאַ, וואהרשיינליך.

איך האָב אַזוי ליעב צו זיין אַליין, אַז איך קען אפילו נישט פערטראָגען, אַז אַנדערע מענשען זאָלען שלאָפען מיט מיר אונטער איין דאַך. איך קען ניט וואָהנען אין פּאַריז, דאָרט וואָלט איך אָהן צווייפעל צו גרונד געגאַנגען. איך וואָלט געשטאָרבען מאָראַליש. און די גרויסע מאַסע מענשען, וועלכע בעוועגט זיך און לעבט אַרום מיר, פערשאַפט מיר, אפילו ווען זי שלאָפט, גרויסע יסורים אין קערפּער און אין די נערווען. אַך, דער שלאָף פון די מענשען איז מיר נאָך שרעקליכער ווי זייערע רייד ! און איך קען קיין מאָל ניט געפינען קיין רוה, ווען איך פיהל הינטער אַ וואַנד דעם אָטהעם פון אַ שלאָפעדיגען מענשען.

פאַרוואָס בין איך אַזוי ? ווער ווייס ? אפשר האָט עס אַ גאַנץ איינפאַכע אורזאַכע. אַלעס וואָס געהט ניט פאָר אין מיר אַליין מאַטערט מיך שנעל אויס. און אַ סך מענשען פיהלען זיך פּונקט אַזוי ווי איך.

עס זיינען דאָ צוויי סאָרטען מענשען אויף דער וועלט : אַזעלכע וואָס נויטיגען זיך אין געזעלשאַפט, און מענשען וועלכע לעבען נאָר אין דעם אַרומיגען טומעל און ליאַרעם און די איינזאַמקייט פערמאַטערט זיי, מאַכט זיי מיעד, ווי זיי וואָלטען געקלעטערט אויף אַ הויכען באַרג אָדער זיך געשלעפּט אין אַ ווייטען מדבר. און

דאן זיינען פאראן אזעלכע, וועמען גראד אין געגענטהייל מענשען מאכען מיעד, שטערען, מאטערען, לאנגווייליען, בעת די איינזאמקייט בערוהיגט זיי און אין פריעדען גיבען זיי זיך אב צו זייערע אייגענע אונגעשטערטע געדאנקען.

אין אלגעמיין איז דאס גאנץ נאטירליך. די ערשטע זיינען בעשאפען געווארען אום צו לעבען אין דרויסען, די אנדערע — אום צו לעבען אינעווייניג. איך האב ווייניג פעהיגקייטען אויפצופאסען אויסערליכע זאכען. דערפאר האב איך אלע מאל געליעבט און ליעב נאך היינט אונבעוועגליכע, ניט לעבדיגע זאכען, זאכען וועלכע האבען ביי מיר געקריגען די בעדייטונג פון לעבעדיגע בעשעפעניי־שען, און מיין הויז איז פאר מיר געווארען א וועלט אין וועלכער איך האב געלעבט איינזאם צווישען מיינע מעבעל, מיינע פערשיע־דענע קליינינגקייטען, צו וועלכע איך בין צוגעוועהנט געווארען און וועלכע זיינען מיר טהייער געווען ווי לעבעדיגע פנים׳ער. איך האב ביסלעכווייז מיין הויז מיט דעם אלעמען אנגעפילט, אויסגע־פוצט און זיך דארט געפיהלט צופרידען און גליקליך, ווי אין די ארעמס פון א ליעבער פרוי.

דאס דאזיגע הויז האב איך געלאזט אויפבויען אין מיטען פון א שעהנעם גארטען, אין גאנצען אבגעשלאסען פון די גאסען, ניט ווייט פון א שטאדט, וואו איך האב ווען עס איז ביי א געלע־גענהייט געפונען פרעהליכקייט. מיינע דיענער זיינען געשלאפען אין א געביידע א שטיק ווייט פון מיר. די דאזיגע געביידע האט זיך געפונען אין דעם אויבסט־גארטען, וועלכער איז ארומגעצאמט געווען ארום און ארום מיט א הויכער וואנד. דער טיעפער פריעדען פון דער נאכט, אין דער שטילקייט פון מיין הויז, וועלכע איז אין גאנצען בעהאלטען געווען אונטער די בלעטער פון די הויכע בוימער, האט מיך אזוי בערוהיגט, איז מיר געווען אזוי ליעב, אז איך האב יעדען אבענד שטונדען לאנג זיך ניט געקענט אברייסען פון מיין פלאץ און געהן צו בעט, אזוי איז מיר געווען א שאד דעם דאזיגען פערגעניגען צו פערלירען.

אין א געוויסען טאג האט אין שטאדט געשפיעלט די אפערא „זיגורד“. איך האב דאן די דאזיגע וואונדערבארע, פאנטאסטישע

אָפּערא געהערט צום ערשטען מאָל און זי איז מיר זעהר שטארק געפעלען. צו־פוס, מיט שנעלע טריט, האָב איך זיך אומגעקעהרט אהיים. מײן קאָפּ איז געווען פול מיט געדאנקען, מיט מעלאָדיען, שעהנע בילדער האָבען נאָך פאר מײנע אויגען געשוועבט. די נאכט איז געווען שווארץ, שווארץ... אזוי שווארץ, אז איך האָב קוים געקענט דערקענען דעם וועג און בין עטליכע מאָל שיער ניט אַרײנגעפאַלען אין א גראָבען ארײן. פון שטאָדט ביז צו מיר איז געווען אונגעפעהר צוואנציג מינוטען גאנג. עס איז געווען אײנס א זײגער פארטאָג, אײנס אָדער האַלב־צװײ. דער הימעל פאר מיר איז געוואָרען עטוואָס העלער, די לבנה האָט זיך בעוויזען. ווען די ערשטע פערטעל פון דער לבנה געהט אויף א זײגער פיער אָדער פינף פארנאכט, איז זי קלאָהר, העל, זילבערדיג; אָבער דער פערטעל. וואָס קומט נאָך האַלבע נאכט איז רויטלעך, טרויעריג, בעאונרוהי־גענד. דער ערשטער פערטעל, ווען ער איז אפילו נאָר אזוי שמאָל ווי א שטריך, ווארפט ארום זיך א פרײנדליכעס ליכט, פון וועלכעס עס ווערט פרעהליך אויפ'ן הארצען; דער לעצטער פערטעל אָבער איז מאט, בלאס און ווארפט כמעט גאָר קײן שאָטען ניט ארום זיך.

פון װײטען האָב איך דערזעהען די דונקעלע מאסע פון מײן גאָרטען, און איך ווײס ניט פון וואנען עס האָט זיך בײ מיר גענומען אַן אונאַנגענעהמער געפיהל בײ דעם געדאנק, אז איך מוז אהין ארײנ־געהן. איך האָב געטראָטען לאנגזאם. די לופט איז געווען מילד. די גרויסע בוימער האָבען אויסגעזעהען ווי מצבות, אונטער וועלכע מײן הויז איז געווען בעגראָבען.

איך האָב געעפענט דעם טויער, ארײן אין דער לאַנגער אַלעע פון סיקאָמאָרען, וועלכע האָט געפיהרט צום הויז. איך האָב גע־טראָטען דורך דונקעלע בושען, ארום בלומען־בעעטען, וועלכע האָ־בען אין דער פינסטערניש אויסגעזעהען ווי פלעקען פון אונבע־שטימטע פארבען.

ווען איך בין צוגעקומען צום הויז איז אויף מיר אַנגעפאַלען עפּעס א מערקווירדיגע שטימונג. איך בין געבליבען שטעהן. מען האָט גאָרנישט געהערט, קײן ווינטעל האָט זיך ניט בעוועגט צווי־שען די בלעטער. וואָס טהוט זיך מיט מיר? האָב איך געטראַכט.

זייט צעהן יאָהר, אז איך קעהר זיך אום אַט אזוי אהיים און קיין מאָל האָב איך ניט געפיהלט די קלענסטע אונרוהיגקייט. איך האָב ניט מורא געהאַט. דער אָנבליק פון א טרעמפּ, אַן איינברעכער, אַ גנב וואָלט מיך בלויז אויפגעבראכט, און איך וואָלט איהם אָהן צווייפעל בעפאַלען. איבריגענס בין איך געווען בעוואָפענט, איך האָב מיט זיך געהאַט אַ רעוואָלווער. אָבער איך האָב איהם ניט אָנגעריהרט. איך האָב געוואָלט בעקעמפפען אין מיר די מורא.

וואָס איז עס געווען? נאָר אַ פאָרגעפיהל? יענער זעלטזאמער פאָרגעפיהל, וואָס פאַלט אָן אויף אַ מענשען, ווען איהם שטעהט פאָר עטוואָס אונערקלעהרליכעס. אפשר, ווער ווייס?

וואָס ווייטער איך האָב געטראָטען אין פאָראויס, אַלץ מעהר האָב איך געשוידערט. און ווען איך בין צוגעקומען צו מיין הויז מיט די צוגעמאַכטע לאָדענס, האָב איך געפיהלט, אז איך מוז וואַרטען עטליכע מינוטען איידער איך וועל קענען עפענען די טיר און אריינגעהן אינעווייניג. און איך האָב זיך געזעצט אויף אַ באַנק אונטער די פענסטער פון מיין עס־צימער. אַביסעל אויפגערעגט, דעם קאָפּ אויף דער וואַנד אָנגעשפּאַרט, מיט אָפענע אויגען, וואָס האָבען געקוקט אין דער דונקעלהייט צווישען די בלעטער בין איך געבליבען זיצען. בעת די ערשטע פּאָאר סעקונדען האָב איך אַרום זיך ניט בעמערקט קיין שום אויסערגעוועהנליכע זאַך. איך האָב געהערט ווי עס רוישט מיר אין די אויערען, אָבער דאָס טרעפט מיט מיר אָפטער, מאַנכעס מאָל דאַכט זיך מיר ווי לאָקאָמאָטיווען וואָלטען זיך פאָרבייגעטראָגען, אָדער איך הער גלאָקען קלינגען, אָדער אַ מאַסע מענשען שטראָמענדיג אהין און אהער.

אָבער באַלד איז דאָס דאָזיגע רוישען געוואָרען העכער, דייטליכער, לייכטער צו דערקענען. איך האָב אַ טעות געהאַט. עס איז ניט געווען דער געוועהנליכער קלאַפּען פון דאָס בלוט אין די אָדערען, וועלכעס פעראורזאַכט דעם דאָזיגען גערויש, נאָר עפּעס אַ גאַנץ בעזונדער ליאַרעם, הגם אַ גאַנץ אונבעשטימטער, דאָך האָט ניט געקענט זיין קיין צווייפעל, אז ער איז געקומען פון אינעווייניג פון מיין הויז אַרויס.

איך האָב דורך די וואַנד געהערט דעם נאָכאַנאַנדיגען גערויש,

מעהר בעוועגונג ווי ליארעם, א שטופען פון זאבען אהין און אהער, עפעס אזוי ווי מען וואלט מיינע מעבעל שטיל געשלעפט אהין און צוריק און זיי אויף אנדערע פלעצער געשטעלט.

א לאנגע צייט האב איך געצווייפעלט, אויב מיין אויער האט ריכטיג געהערט. אבער ווען איך האב עס צוגעלייגט צום לאדען, אום דעם מאדנעם גערויש אין מיין הויז בעסער צו הערען, בין איך געווארען זיכער, אז דארט ביי מיר אינעווייניג געהט פאר עטוואס אונגעוועהנליכעס, עטוואס אונפערשטענדליכעס. איך האב נים מורא געהאט, אבער איך בין געבליבען שטעהן ווי פערשטארט פון ערשטוינען. איך האב נים ארויסגענומען מיין רעוואלווער, איך האב גאנץ גוט געוואוסט, אז איך וועל איהם נים דארפען. איך האב אבגעווארט.

איך האב געווארט א לאנגע צייט און נים געקענט אננעהמען קיין שום בעשלוס. איך האב געזעהען גאנץ קלאהר, אבער אויף מיר איז אנגעפאלען א מורא׳דיגע אנגסט. איך האב געווארט שטעהענדיג און זיך צוגעהערט צו דעם אלץ וואקסענדען גערויש, וועלכער איז צייטענווייז אויסגעוואקסען אין אן אונגעדולדיגען ליארעם.

דאן האב איך זיך פלוצים פערשעהמט פאר זיך אליין, פאר מיין פייגהייט און זיך געמאכט מוטה, האב גענומען מיין בונד שליסלען, אויסגעזוכט דעם שליסעל, וועלכען איך האב געדארפט, איהם אריינגעשטעקט אין שליסעל-לאך, צוויי מאל ארומגעדרעהט און מיט אלע מיינע קרעפטען אן עפען געטהאן די טיר. די טיר איז אבגעשפרונגען אנטקעגען דער וואנד.

עס האט א קלונג געטהאן, ווי דער שאס פון געוועהר, און אויף דעם דאזיגען קנאל האט אין מיין גאנצער וואהנונג פון אויבען ביז אראב געענטפערט א מורא׳דיגער טומעל. און דער געטומעל איז געקומען אזוי פלוצלונג, איז געווען אזוי מורא׳דיג, אזוי פערטויבענדיג, אז איך בין אבגעשפרונגען א פאאר טריט צוריק און האב ארויסגעכאפט דעם רעוואלווער, הגם איך האב נאך אלץ געוואוסט אז איך וועל איהם נים דארפען.

איך האב געווארט נאך א מאמענט. און איצט האב איך קלאהר

דערהערט עפּעס אַ מאָדנעם שפּרינגען אויף די טרעפּ, אויפ'ן פּאָל, אויף די טעפּיכער. און דאָס שפּרינגען איז ניט געווען פון קיין מענשליכע פיס, פון שיך, נאָר עפּעס פון קוליעס, פון הילצערנע און מעטאַלענע קוליעס, וועלכע האָבען געקלונגען אַזוי זאָנדערבאַר. און פּלוצים האָב איך דערזעהן אויפ'ן שוועל פון מיין טיר אַ שטוהל, מיין גרויסען פאָטעל, וועלכער וויגענדיג זיך אַהער און אַהין, איז געגאַנגען פון הויז אַרויס. ער איז אַרויסגעגאַנגען אין גאָרטען, אַנדערע האָבען איהם נאָכגעפאָלגט: די שטוהלען פון מיין סאַלאָן, דאַן די ניעדריגע סאָפעס, וועלכע האָבען זיך געשלעפּט ווי קראָקאָדילען אויף זייערע קורצע פיסלאַך. צום סוף זיינען געקומען אַלע מיינע שטוהלען, די גרעסערע זיינען געשפּרונגען ווי די ציגען און די קליינע פּאָטעלען האָבען זיך אויפגעהויבען ווי די וועוויאָרקעס.

אָ, וואָס פאַר אַ שרעק. איך בין אַריינגעלאָפען צווישען די בושעס און דאָרט געבליבען שטעהן אין איינגעהויקערטער, בעת מיינע אויגען האָבען געקוקט אויף דעם מאַרש פון די מעבעל. דען זיי זיינען אַלע אַוועקגעגאַנגען, איינס נאָכ'ן אַנדערען, שנעל אָדער לאַנגזאַם, נאָך זייער גרויס און געוויכט נאָך. מיין פּיאַנאָ מיט'ן גרויסען פליגעל איז פאַרבייגעלאָפען אין גאַלאָפּ, ווי אַ שנעל אַנטלויפענדיג פערד, בעת די סטרונעס אין זיין לייב האָבען געקלונגען אין גאַנג. די קליינע זאַכען האָבען זיך פאַרבייגעטראָגען אין זאמד, ווי די מוראַזשקעס; די בערשטלאַך, די גלעזער, די אַנדערע קלייניגקייטען האָבען פאַרבייגעשוועבט ווי פייער־פליגעלאַך פון דעם לבנה־שיין בעשטראַהלט. די שטאָפען זיינען געקראָכען זיך אויסציהענדיג ברייט ווי די כוואַליעס אין ים. מיין שרייבטיש האָט זיך בעוויזען, אַ זעלטענעם קונסטווערק פון פאָריגען יאָהרהונדערט, אין וועלכער עס האָבען זיך געפונען אַלע מיינע בריעף. די גאַנצע געשיכטע פון מיין הארצען איז דאָרטען געווען פערשלאָסען, אַן אַלטע געשיכטע מיט אַ סך, אַ סך יסורים. און אויך אַלע מיינע פאָטאָגראַפיען זיינען דאָרט געווען.

פּלוצים איז מיין מורא פערשוואונדען. איך האָב זיך אַרויפגעוואָרפען אויף איהם, איהם אָנגעכאַפּט, ווי מען כאַפּט אַ גנב

אָדער אַ פרוי, ווען זיי אַנטלויפען. אָבער דער טיש איז זיך רוהיג ווייטער געגאַנגען זיין וועג. ניט קוקענדיג אויף אַלע מיינע מאַטערנישען, אויף מיין ווילדען כעס, האָב איך אפילו ניט גע־קענט זיין גאַנג לאַנגזאַמער מאַכען, שוין ניט ריידענדיג פון גאָר אָבהאַלטען איהם. בעת איך האָב זיך ווי אַ פערצווייפעלטער מיט אַלע מיינע קרעפטען מיט איהם געראַנגעלט, בין איך גע־פאַלען צו דער ערד און זיך אָן איהם אָבגעשלאָגען. דאַן האָט ער מיך אַ שלעפּ געטהאָן מיט זיך, איך האָב זיך אויסגעצויגען אויף'ן זאַמד, און שוין האָבען די מעבעל, וועלכע האָבען נאָך'ן טיש נאָכגעפאָלגט, גענומען טרעטען איבער מיר, געטראַמפּעלט מיר איבער די פיס און מיר וועה געטהאָן. ווען איך האָב איהם דאַן איינגעלאָזען, זיינען די איבעריגע איבער מיר אריבער, ווי אַן אַטאַקע פון קאַוואַלעריסטען איבער אַ געפאַלענעם רייטער.

צום סוף האָב איך זיך האַלב משוגע פאַר שרעק אַרויסגע־ראַטעוועט פון דער גרויסער אַלעע און זיך ווידער בעהאַלטען צווישען די בוימער. און איך האָב געזעהען, ווי די קלענסטע פון מיינע זאַכען, די פון וועלכע איך האָב אַם ווענינגסטען געטראַכט, זיינען פערשוואונדען.

דאַן האָב איך פון דערווייטען דערהערט אַ צוקלאַפּען פון טירען אין מיין הויז. זיי האָבען זיך צוגעשלאָסען פון אויבען ביז אַראָב, ביז צו דער לעצטער איינגאַנגס־טיר, וועלכע איך האָב אַליין משוגענערהייד געעפענט. די דאָזיגע טיר האָט זיך צוגעמאַכט די לעצטע.

דאַן האָב איך געכאַפּט די פיס און זיך געלאָזט לויפען אין שטאָדט אריין. ערשט ווען איך האָב זיך געפונען אין די שטאָד־טיגע גאַסען און האָב נאָך בעגעגענט אַ פּאָר פערשפּעטיגטע פאַר־בייגעהער, האָב איך זיך ווידער בערוהיגט. איך האָב אָנגעקלונגען אין אַ האָטעל וואו איך בין געוועזען בעקאַנט. איך האָב מיט מיינע הענד אויסגעקלאַפּט מיינע קליידער, אַז דער שטויב זאָל פון זיי אַרויס, און נאָך דערצעהלט, אַז איך האָב פערלאָרען דעם בונד שליסלען, וואו עס האָט זיך אויך געפונען דער שליסעל צום אויבסט־גאָרטען, וואו מיינע דיענער שלאָפען אין אַ הויז פאַר זיך,

הינטער פערשלאָסענע ווענד, וועלכע שיצען מיינע גרינסען און פּרוכטען פון גנבים.

איך האָב ארויפגעשלעפּט די קאָלדרע ביז צו די אויגען, אָבער איך האָב ניט געקענט שלאָפען און געוואַרט אויף טאָג מיט אַ קלאַפּעדיגען הארצען. איך האָב געגעבען אַ בעפעהל, אַז אַזוי גיך ווי עס וועט ווערען טאָג, זאָל מען וועגען מיר לאָזען וויסען מיינע בעדיענטע. אַ זייגער זיעבען אין דער פריה האָט מיין דיענער אַנגעקלאַפּט אין טיר.

ער האָט אויסגעזעהען שטאַרק צוטראָגען:

— היינטיגע נאַכט איז אַ גרויס אונגליק געשעהען — האָט ער געזאָגט.

— וואָס אַזוינס?

— מען האָט אייער גאַנץ מעבעל בע׳גנב׳עט, אַלעס, אַלעס, אפילו די קלענסטע קליינינקייטען האָט מען צוגענומען.

די דאָזיגע נאַכריכט האָט מיך געפרייט. פאַרוואָס? ווער ווייס? איך האָב זיך בעהערשט און בעשלאָסען קיינעם ניט צו דערצעהלען, וואָס איך האָב געזעהען, דאָס פון אַלעמען צו בעהאַלטען, בעגראָבען אין מיין געוויסען, ווי אַ מורא׳דיגען סוד. איך האָב געענטפערט:

— דאַן זיינען עס הפנים די זעלבע מענשען, וועלכע האָבען ביי מיר מיינע שליסלען צוגע׳גנב׳עט. מען מוז גלייך לאָזען ווי־סען דער פּאָליציי וועגען דעם. איך שטעה אויף. אין אַ פּאָר מינוטען וועל איך אויך אונטערקומען.

די אונטערזוכונג האָט געדויערט פינף מאָנאַטען. מען האָט גאָרנישט אויסגעפונען; נישט אפילו די קלענסטע שטיקעל זאַך פון מיינע הויז חפצים האָט מען געפונען און נישט דעם מינדעסטען שפּור פון די גנבים. איין גאָט ווייס, אַז ווען איך זאָל האָבען געזאָגט, וואָס איך האָב געוואוסט, וואָלט מען איינגעשפּאַרט מיך און ניט די גנבים, מיך, דעם מאַן וואָס האָט עטוואָס אַזוי בייגע־וואָהנט.

אָ, איך האָב פערשטאַנען, אַז איך מוז שווייגען. אָבער מיין הויז האָב איך שוין צוריק ניט אויסמעבלירט. עס איז געווען

אומזיסט. די געשיכטע וואָלט זיך דאָך אָנגעהויבען פון דאָס ניי. איך האָב מעהר ניט געוואָלט וואָהנען דאָרטען, און איך האָב עס טאַקע ניט געטהאָן אויך. פון דאַן אָן האָב איך עס מעהר ניט געזעהען.

איך בין אוועק אין פאַריז אין אַ האָטעל, און איך האָב זיך בעראַטען מיט דאָקטוירים איבער דעם צושטאַנד פון מיינע נער־ווען, וועלכער האָט מיך זייט יענער מורא'דיגער נאַכט זעהר גע־שראָקען.

זיי האָבען מיר געראַטען צו רייזען, און איך האָב זייער ראַט געפאָלגט.

---

צוערשט האָב איך זיך אוועקגעלאָזט קיין איטאַליען. די דאָרטיגע זון האָט מיר גוט געטהאָן. אַ האַלב יאָהר נאָכאַנאַנד האָב איך זיך אַרומגעשלעפּט פון גענוא קיין ווענעדיג, פון ווע־נעדיג קיין פלאָרענץ, פון פלאָרענץ קיין רוים, פון רוים קיין נעאַפּעל. דאַן האָב איך דורכגעוואַנדערט סיציליען, אַ לאַנד, וועל־כע איז פּונקט אַזוי וואונדערבאַר פון דער נאַטור ווי פון די ווערק פון מענשליכע הענד. נאָכדעם בין איך אוועק קיין אַפריקאַ, האָב רוהיג דורכגעקרייצט יענע גרויסע, געלע, שטילע וויסטעניש, וואו עס טרייבען זיך אַרום קעמלען, הירשען, אַראַבער און וואו אין דער רוהיגער, דורכזיכטיגער לופט איז ניט פאַראַן קיין שום איבער־נאַטירליכעס ניט ביימאָג און ניט ביינאַכט.

איך האָב זיך צוריק געקעהרט אין פראַנקרייך איבער מאַרסעל. און ניט קוקענדיג אויף דער אַרומיגער פרעהליכקייט, האָט מיר דער וועניגער העלער הימעל גלייך טרויעריג געמאַכט. ווי נאָר איך האָב אַרויסגעטראָטען אויף דעם אייראָפּעאישען באָדען האָב איך דערפיהלט דעם זעלטזאַמען איינדרוק פון אַ קראַנקען, וועלכער גלויבט, אַז ער איז אויסגעהיילט און ווערען אַ טעמפּער וועהטאָג דערמאָהנט, אַז זיין קראַנקהייט איז נאָך ניט פערשוואונדען.

דאַן האָב איך זיך צוריקגעקעהרט קיין פאַריז. אין פיער וואָכען אַרום האָב איך זיך געגומען שטאַרק לאַנגווייליגען. עס איז געווען הערבסט־צייט, און איידער דער ווינטער קומט אָן האָב

איך געוואָלט זיך דורכפאָהרען איבער נאָרמאַנדיע, וועלכע איז מיר נאָך ניט געוועזן בעקאַנט.

איך האָב אָנגעהויבען מיט רוען. אכט טאָג נאָכאַנאַנד האָב איך זיך אַרומגעטריבען לעבעדיג, בעגייסטערט, צושרייט דורך דער דאָזיגער מיטעלאַלטערליכער שטאָדט, היינגעריסען פון דעם דאָזיגען וואונדערליכען מוזעאום פון זעלטענע גאָטהישע געביידען.

דאָ, איינמאָל אַ נאָכמיטאָג, אַ זייגער פיער, האָב איך זיך פערקירעוועט אין עפּעס אַ מאָדנער גאַס, וועלכע איז איבערגעהאַקט געוואָרען פון אַ שוואַרצען ווי טינט טייכעל. מיט גרויס אינטערעס האָב איך בעטראַכט דאָס מאָדנע אויסזעהן פון די אַלטפרענקישע הייזלאַך, ווען פּלוצלונג איז מיין אויפמערקזאַמקייט צוגעצויגען געוואָרען צו אַ רייהע קראָמען פון אַלטע זאַכען, וועלכע זיינען געלעגען איינע נעבען דער אַנדערער, אַ טיר נאָך אַ טיר.

יענע אַלטע אַנטיקוואַרען האָבען אויסגעקליבען דעם ריכטיגען פּלאַץ, אין דער פאַנטאַסטישער גאַס איבער דעם דונקעלען שטראָם אונטער די שפּיציגע ציגע און שינדלען דעכער, אויף וועלכע די פאָהנען פון דער פערגאַנגענהייט האָבען נאָך געוועהט.

אין די דונקעלע קראָמען האָט מען געקענט זעהן געשניצטע פיגורען, פאַיאַנסען פון רוען, געוועהרס, מוסטיערס, געמאָהלטע בילדער זיילען, פון דעמב געשניצטע קריסטוס פיגורען, הייליגע יונגפרויען, קירכען־בעפּוצונגען, פריעסטער־קליידער, זאָגאַר געפּעס פאַר גאָטעסדיענסט. אָך, דאָס זיינען מערקווירדיגע לעכער די דאָזיגע קראָמען, וועלכע זיינען פון אונטען ביז אַרויף, פון קעלער ביז'ן דאַך אָנגעשטאָפּט מיט אַלערליי זאַכען, וועלכע האָבען איבערגעלעבט זייערע ערשטע בעזיצער, זייערע יאהרהונדערטען, זייערע צייטען, זייערע מאָדעס און ווערען פון נייגעריגקייט וועגען געקויפט פון נייע דורות.

מיין ליעבע צו אַזעלכע זאַכען האָט ווידער ערוואַכט אין דער דאָזיגער אַנטיקוואַרען גאַס. איך בין געגאַנגען פון קראָם צו קראָם, מיט צוויי טריט האָב איך אַריבערגעטראָטען דעם בריק פון פיער פערפוילטע ברעטער, וועלכע מען האָט אַריבערגעלייגט איבער דעם שוואַרצען, שלעכט־שמעקענדען וואַסער.

און דאָ... מיין גאָט! מיין גאָט! וואָס פאַר אַ מורא׳דיגער שרעק! אין אַ שצאַנקע פול אָנגעשטאָפּט מיט טויזענדערליי קליינינקייטען, וועלכע האָט אויסגעזעהן ווי דער אריינגאַנג צו אַ בית־עולם פון אַלטע מעבעל, האָב איך פּלוצים דערזעהען איינע פון מיינע שעהנסטע שאַפעס. ציטערענדיג מיט אַלע גליעדער בין איך צוגעקומען נעהענטער. איך האָב אַזוי געציטערט, אַז איך האָב ניט געוואָגט עס אָנצוריהרען. איך האָב אויסגעשטרעקט די הענד, נאָך אַ ווייַלע געצעגערט... אָבער עס איז געווען די זעלבע שאַפע. דאָס איז געווען אַ גאַנץ אייגענאַרטיגער שראַנק פון דער צייט פון לודוויג דעם דרייצעהנטען, און ווער עס האָט איהם נאָר איין מאָל געזעהען, האָט איהם לייכט געקאָנט דער־קענען. און בעת מיינע אויגען האָבען פּלוצים גענומען ווייטער וואַנדערען אין דער דונקעלער טיעפקייט פון דער גאַלערעע, האָב איך געזעהען דריי פון מיינע פאָטעלען מיט אַלע שטיקערייען בע־צויגען, און דאַן נאָך אַ ביסעל ווייטער — מיינע ביידע טישען פון דער צייט פון הענרי דעם צווייטען, וועלכע זיינען געווען אַזעלכע זעלטענע אַנטיקען, אַז לייט פון פּאַריז זיינען עקסטרא געקומען צופאָהרען אום זיי צו זעהען.

מען קען זיך פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַן איינדרוק עס האָט אויף מיר געמאַכט.

ציטערענדיג פון אינעווענינסטער אויפרעגונג, בין איך צוגע־קומען צו די זאַכען, אָבער איך בין צו זיי דאָך צוגעגאַנגען, ווייל איך בין מוטיג. איך בין צו נעהנטער, ווי אַ ריטער פון די מיט־טישע צייטען איז צוגעקומען צו עפּעס אַ צויבער. און טריט אויף טריט האָב איך געפונען אַלעס, וואָס האָט געהערט צו מיר: מיי־נע לייכטער, מיינע ביכער, מיינע פאָרהאַנגען, מיינע געוועהר, אַלעס אויסער דעם שרייבטיש מיט מיינע בריעף, וועלכען איך האָב דאָ ניט געזעהען.

איך בין אראָב אונטען אין קעלער, דערנאָך אין די העכערע עטאַזשען. איך בין געווען איינער אַליין. איך האָב גערופען, קיינער האָט מיר ניט געענטפערט. איך בין געווען אַליין, קיין

מענש האָט זיך ניט געפונען אין דעם דאָזיגען גרויסען הויז מיט די פערשיעדענע טירען אין אלע זייטען.

עס איז נאכט געוואָרען. איך האָב זיך געמוזט צוזעצען אין דער פינסטער אויף איינעם פון מיינע שטוהלען, דען איך האָב ניט געוואָלט אוועקגעהן פון דאנען. פון צייט צו צייט האָב איך ווידער גערופען: — העי, וואו זייט איהר? איז קיינער נישטאָ?

איך בין אזוי אָבגעזעסען אודאי א שעה צייט, ווען איך האָב דערהערט טריט, לייכטע, לאנגזאמע טריט, איך ווייס ניט פון וואנען. איך האָב געוואָלט אנטלויפען, אָבער איך האָב מיר געימאכט מוט און בין געבליבען. דאן האָב איך דערזעהען אין צווייטען צימער א ליכטיגען שיין.

— ווער איז דאָ? — האָט געפרעגט א שטימע.

איך האָב געענטפערט:

— א קונד.

די שטימע האָט זיך אָבגערופען:

— איצט איז ניט די צייט צו קומען אין א קראָם אריין. עס איז שוין צו שפעט.

איך האָב געענטפערט:

— איך ווארט אויף אייך שוין זייט א שטונדע.

— איהר האָט דאָך געקענט קומען מאָרגען.

— מאָרגען וועל איך פערלאָזען רוען.

איך האָב ניט געוואוסט איהם אנטקעגען צו געהן, און ער איז ניט געקומען צו מיר. איך האָב נאָך אלץ געזעהען ניט מעהר ווי דעם שיין פון זיין ליכט, וועלכער איז געפאלען אויף א שטיקעריי אויף וועלכער צוויי מלאכים זיינען ארומגעפלויגען צווישען די טויטע קערפערס פון א שלאכטפעלד. דאָס האָט אויך געהערט צו מיר.

איך האָב געפרעגט:

— נו, קומט איהר אריין?

ער האָט געענטפערט:

— איך ערווארט אייך דאָ.

איך האָב זיך אויפגעהויבען און בין אוועק צו איהם.

אין מיטען פון א גרויסען צימער איז געשטאַנען א קלײנער מאַן. ער איז געווען גאַנץ קלײן און דיק ווי א פאַס, ווי א ברײטע שרעקליכע פאַס. ער האָט געהאַט א שיטער בערדיל, ניט קײן גלײכע און מיט געלבליך־ווײסע שפּרינקלעך, און גאָר קײן האָר אויפ׳ן קאָפּ, קײן אײן האָאר ניט. און ווען ער מיט דער אויס־געשטרעקטער האַנד אויפגעהויבען דאָס ליכט, אום אויף מיר א קוק צו טהאָן, האָט ער אויסגעזעהען ווי א קלײנע לבנה אין דעם האָזיגען גרויסען צימער, וועלכער איז אָנגעפּילט געווען מיט אַלטע מעבעל. דאָס פּנים איז בײ איהם געווען צורונצעלט און אָנגע־בלאָזען, די אויגען פערגאָסען מיט פעטס אזוי אז מען האָט זײ כמעט ניט ארויסגעזעהען.

איך האָב בײ איהם גלײך געגומען האַנדלען דרײ שטוהלען, וועלכע האָבען אמאָל געהערט צו מיר, און האָב איהם פּאַר זײ בעצאָהלט א גרויסען פּרײז. איך האָב אָנגעגעבען דעם נומער פון מײן האָטעל. אויף מאָרגען א זײגער נײן האָבען זײ געזאָלט זײן בײ מיר.

דאַן בין איך אוועק. ער האָט מיך זעהר העפליך בעגלײט ביז צו דער טיר.

פון דאָרט בין איך גלײך אוועק צום פּאָליצײמײסטער, האָב איהם דערצעהלט וועגען דער גנבה פון מײנע מעבעל און פון דער ענטדעקונג, וואָס איך האָב נאָר וואָס געמאַכט. ער האָט טעלעג־ראַפיש אָנגעפרעגט אין געריכט וואו די זאַך איז פערהאַנדעלט גע־וואָרען און האָט געבעטען, איך זאָל אָבוואַרטען ביז עס וועט קומען אַן ענטפער. אין א שטונדע ארום איז פון דאָרט אָנגעקומען א טעלעגראַם.

זי האָט בעשטעטיגט מײנע רײד.

— איך וועל דעם מאַן לאָזען ארעסטירען, — האָט געזאָגט דער פּאָליצײמײסטער — און איהם גלײך נעהמען אויף א פערהער, ווארים עס קען זײן, אז ער זאָל האָבען געקריגען א פערדאַכט און זאָל די אַלע זאַכען, וואָס האָבען געהערט צו אײך, בעזײטיגען. עסט פריהער אָב און קומט אין צװײ שטונדען ארום צוריק אַהער,

דאַן וועט ער שוין זיין דאָ און איך וועל איהם אין אייער געגענ־וואַרט ווידער פערהערען.

— גוט. איך דאַנק אייך טויזענד מאָל.

איך בין אַוועק אין האָטעל און געגעסען מיט מעהר אַפּעטיט, ווי איך האָב ערוואַרט. איך בין געווען זעהר צופרידען. מען האָט איהם אַרעסטירט!

אין צוויי שטונדען אַרום האָב איך זיך אומגעקעהרט צו דער פּאָליציי, וואו דער בעאַמטער האָט אויף מיר געוואַרט.

— יאָ, — האָט ער זיך אָבגערופען, ווען ער האָט מיך דער־זעהען, — וואָס זאָגט איהר דערצו? מען האָט דעם מאַן ניט געקענט געפינען און פּאָלגליך האָט מען איהם ניט אַרעסטירט.

— אַך! — האָט זיך ביי מיר אַרויסגעריסען אַ געשריי, און איך בין שיער ניט געפאַלען פון די פיס.

— אָבער איהר האָט דאָך געפונען דאָס הויז? — האָב איך גע־פרעגט.

— געוויס! עס איז זאָגאַר בעוואַכט פון פּאָליציי, ביז ער וועט צוריקקומען. אָבער דערווייל איז ער פערשוואונדען.

— פערשוואונדען?

— פערשוואונדען. געוועהנליך פערברענגט ער דעם אבענד ביי זיינער אַ שכנה, אויך אַ טענדלערקע פון אַלטוואַרג, עפּעס אַ מין סאָרט מכשפה מיט'ן נאָמען רידאַן. היינטיגען אָבענד האָט זי איהם ניט געזעהען און זי ווייס ניט וואו ער איז. מיר מוזען וואַרטען ביז מאָרגען.

איך בין אַוועק. מיין גאָט! ווי טרויעריג, ווי משונה'דיג האָבען מיר אויסגעזעהען די גאַסען פון רוען!

איך האָב שלעכט געשלאָפען. שווערע שטיינער האָבען מיר אויפ'ן האַרצען געדריקט.

אויף מאָרגען האָב איך ניט געוואָלט אַרויסווייזען, ווי אויפ־געגט איך בין און איך האָב אָבגעוואַרט ביז עס איז געוואָרען צעהן אַ זייגער. דאַן ערשט בין איך אַוועק צו דער פּאָליציי.

דער הענדלער האָט זיך מעהר ניט געוויזען. זיין קראָם איז נאָך אַלץ געווען צוגעמאַכט.

דער קאָמיסאַר האָט זיך אָבגערופען צו מיר :

— איך האָב געמאַכט אַלע נויטיגע פאַרבערייטונגען. האָב געלאָזט וויסען דאָס געריכט. מיר וועלען גיהן צו דער קראָם, זי לאָזען עפענען און איהר קענט מיר אָנווייזען אַלעס, וואָס אייך געהערט.

מיר זיינען אַוועקגעפאָהרען אַהין אין אַ דראָשקע. אַ פּאָאַר פּאָליציי בעאַמטע זיינען שוין געשטאַנען מיט אַ שלאָסער פאַר דער טיר פון דער קראָם, וועלכע איז געעפענט געוואָרען.

ווען איך בין אַריין, האָב איך דאָרט ניט געפונען ניט מיין שאַפע, ניט מיינע שטוהלען, ניט מיינע טישען, גאַרנישט, קיין זאַך פון מיינע מעבעל, קיין ברעקעל ניט, בעת מיט אַ טאָג פריהער האָב איך ניט געקאָנט טהאָן קיין איין טריט, אַז איך זאָל זיך ניט אָנשטויסען אויף עפּעס פון מיינע זאַכען.

דער פּאָליציי קאָמיסאַר איז געוועזען ערשטוינט און האָט מיך אָנגעקוקט פון דער זייט.

— מיין גאָט ! — האָב איך זיך אָבגערופען — דער מאַן איז אַלזאָ פערשוואונדען צוזאַמען מיט די זאַכען.

דער פּאָליציי קאָמיסאַר האָט אַ שמייכעל געטהאָן :

— יאַ, ריכטיג. עס איז געוועזען אַ פעהלער פון אייך נעכטען, וואָס איהר האָט געקויפט און גלייך בעצאָהלט פאַר די זאַכען, וואָס האָבען געהערט צו אייך. דער מאַן האָט זיך הפּנים גלייך אַנגעשטויסען.

— איך האָב געענטפערט :

— איך פערשטעה אָבער ניט ווי אַזוי דאָס קומט, וואָס אויף דעם פּלאַץ פון מיינע מעבעל שטעהען איצטער לויטער אַנדערע זאַכען.

— אַה, — האָט געענטפערט דער קאָמיסאַר — ער האָט גע־האַט אַ גאַנצע נאַכט צייט און וואַהרשיינליך געהאַט נאָך אַרויס־העלפער אויך. אויסערדעם איז דאָס הויז מסתמא פערבונדען מיט די שכנישע הייזער. אָבער איהר זייט רוהיג, איך וועל די זאַך ענערגיש אויספאָרשען. דער רויבער וועט זיך שוין פון אונזערע הענד ניט אַרויסדרעהען. איך וועל האָבען אַן אויג אויף איהם.

אך, גאָט, מיין גאָט ! ווי מיין האַרץ, מיין אָרים האַרץ האָט געקלאַפּט... פֿערצעהן לאַנגע טעג האָב איך אָבגעוואָהנט אין רוען. דער מאַן איז ווי אין וואַסער אריין. גאָט ווייס וואו ער איז אַהין געקומען.

און אויף דעם זעכצעהנטען טאָג אין דער פריה קריג איך פון מיין גערטנער, וועלכער האָט בעוואַכט מיין בע'גנב'עט און ליידיג הויז דעם פאָלגענדען זעלטזאַמען בריעף :

„גנעדיגער הערר !

„איך האָב די עהרע איך מיטצוטהיילען, אַז נעכטען ביינאַכט איז געשעהען עטוואָס אַזוינס, וואָס קיין מענש קען נים פערשטעהן, נים די פּאָליציי און נים מיר. אַלע מעבעל אָהן אויסנאַהמע, אַלע ביז צו די קלענסטע קלייניגקייטען, זיינען צוריקגעקומען אויף זייער אָרט. דאָס הויז זעהט איצט אוים פּונקט ווי אין דעם אָבענד פאַר דער גנבה. מען קען משוגע ווערען. אין דער נאַכט פון פרייטאָג אויף שבת איז עס געשעהן. די וועגען ווייזען סמנים, ווי מען וואָלט פון דעם טויער ביז צום הויז אַלעס געשלעפּט. אַזוי איז עס אויך געוועזן, ווען זיי זיינען גע'גנב'עט געוואָרען.

„מיר ערוואַרטען דעם גנעדיגען הערן.

„אייער ערגעבענער דיענער

פּ. ל. פראודין".

איך זאָל זיך אומקעהרען צוריק ? איך ? ניין, ניין, בשום אופן נים. איך קעהר זיך נים אום צוריק.

איך האָב געבראַכט דעם בריעף צו דעם קאָמיסאַר פון רוען.

— דאָס איז אַ קלוגער שפּיצעל אַלעס ווידער אויף אַן אָרט צו שטעלען. לאָמיר זיך מאַכען נים וויסענדיג. מיר וועלען שוין דעם יונג כאַפּען, היינט אָדער מאָרגען, פון אונזערע הענד וועט ער זיך שוין נים ארויסדרעהען...

אָבער מען האָט איהם נישט געכאַפּט. ניין, זיי האָבען איהם נים געכאַפּט. און איצט האָב איך מורא פאַר איהם, ווי ער וואָלט געוועזן אַ ווילדע חיה, וואָס לויערט אויף מיר.

מען קען איהם נישט געפינען, נישט געפינען דעם דאָזיגען

טייפעל מיט דעם קאָפּ ווי אַ לבנה. און מען וועט איהם קיין מאָל ניט כאַפּען, ער וועט קיין מאָל ניט קומען צוריק אהיים. וואָס אַרט עס איהם? אָבער איך קען זיך מיט איהם אַנטרעפען, און דאָס וויל איך נישט.

איך וויל נישט, איך וויל נישט, איך וויל דאָס נישט!

און ווען ער זאָל יאָ אהיים קומען, ווען ער זאָל ווידער אין זיין קראָם קומען, ווער וועט איהם דאַן בעווייזען, אַז די מעבעל זיינען געווען ביי איהם? נאָר מיין עדות זאָגען איז אַנטקעגען איהם און איך פיהל, אַז עס איז פערדעכטיג.

אָך גאָט, ניין, ניין, אַזאַ לעבען קען איך מעהר נישט אויס־האַלטען.

און איך האָב ניט געקענט מעהר בעהאַלטען דעם סוד, ניט געקענט שטיקען אין זיך יענע געהיימנים, וועלכע איך האָב אַליין מיט מיינע אייגענע אויגען געזעהן. איך האָב ניט געקענט ווייטער לעבען אין דער שטענדיגער מורא, אַז אָט־אָט הויבט זיך די־זעלבע געשיכטע אָן פון דאָס ניי.

איך האָב אויפגעזוכט דעם דאָקטאָר, וועלכער איז דער פיהרער פון דעם דאָזיגען נערוועז־אַנשטאַלט און האָב איהם אַלעס דער־צעהלט.

נאָכדעם ווי ער האָט מיך אויף פערשיעדענע אופנים אויסגע־פרעגט, האָט ער צום סוף געזאָגט:

— וואָלט איהר געוואָלט אויף אַ געוויסע צייט בלייבען דאָ אין אַנשטאַלט?

— זעהר גערן.

— איהר זייט דאָך פערמעגליך?

— יאָ.

— ווילט איהר אַ וואָהנונג פאַר זיך אַליין?

— יאָ.

— ווילט איהר, אַז מען זאָל אייך קומען בעזוכען?

— ניין, ניין, קיין מענשען זאָל מען צו מיר נישט צולאָזען. דער מאַן פון רועַן קען וואַגען זיך אַריינצורייסען אהער, אום פון מיר נקמה צו נעהמען...

און זייט דריי מאָנאַטען בין איך אליין, אליין, גאַנץ אליין. אין אלגעמיין בין איך געוואָרען גאַנץ רוהיג. נאָר פּאָר איין זאַך האָב איך מורא... אז דער אנטיקוואר זאָל משוגע ווערען... און מען זאָל איהם ברענגען אהער אין מיין בעהעלטעניש... אפילו די געפּענגניסע זיינען היינטיגע צייטען ניט זיכער...



# די פערציִיהונג.

—o—

י האָט געשטאַמט פון איינער פון יענע פאַמיליעס, וועלכע לעבען צוריקגעצויגען, ווייט פון דער גאַנצער וועלט. זיי ווייסען ניט פון די פּאָליטישע פּאַסירונגען, הגם מען רעדט וועגען דעם ביים טיש. אָבער די איבערקעהרענישען אין די רעגירונגס־פאָרמען קומען פאָר אַזוי ווייט אַוועק, אַז מען רעדט וועגען זיי ווי וועגען היסטאָרישע פאַקטען, ווי למשל פון לודוויג דעם זעכצעהנטען׳ס טויט, אָדער נאַפּאָלעאָן׳ס לאַנדונג.

די זיטען ענדערען זיך, א מאָדע נאָך א מאָדע קומט אַרויס; אָבער אין די דאָזיגע שטילע פאַמיליעס, וואו אַלעס געהט זיך מיט דעם געוועהנליכען גאַנג, בעמערקט מען גאָר נישט דערפון. און ווען עס פּאַסירט אין דער נאַכבאַרשאַפט עפּעס א נאַרישע גע־שיכטע, דאַן שווייגט דער סקאַנדאַל אויף׳ן שוועל פון יענער הויז. נאָר פאָטער און מוטער זאָגען אפשר אין אבענד א פּאָאַר ווערטער וועגען דעם, און דאָס אויך גאַנץ שטיל מיט אַן איינגעהאַלטענעם קול, וואַרים די ווענד האָבען איבעראַל אויערען. און גאַנץ שטיל זאָגט דער פאָטער:

— האָסטו געהערט, וואָס פאַר א שרעקליכע געשיכטע עס האָט ביי די ריוואַלים פּאַסירט?

און די מוטער ענטפערט:

— ווער האָט עס געקענט דענקען! עס איז שרעקליך!

די קינדער ווייסען פון גאָרנישט צו זאָגען און טרעטען אַריין אין דעם אַלטער, וואו זיי הויבען אָן פון זייער זייט צו לעבען מיט פערבונדענע אויגען און א פערבונדענעם גייסט. זיי האָבען ניט קיין אהנונג פון די פערבאָרגענע זאַכען פון לעבען. זיי ווייסען

ניט, אַז מען דענקט גאָר ניט אַזוי ווי מען רעדט, און אַז מען רעדט ניט אַזוי ווי מען האַנדעלט. זיי ווייסען ניט, אַז מען מוז אויס־קומען מיט דער גאַנצער וועלט, אָדער אַם וויינינגסטענס מאַכען אַן אָנשטעל, אַז מען לעבט מיט אַלעמען אין פריעדען. זיי ווייסען ניט, אַז מען ווערט איבעראַל בעטראָגען, ווען מען לעבט רוהיג און טהוט קיינעם קיין בייזעס ניט, אַז דער אויפריכטיגער איז אימער דער נאַר און אַז דער גוטער איז שטענדיג אויף צרות.

אַ טהייל פון זיי האַלט איין די דאָזיגע בלינדע אונוויסענהייט און עהרליכקייט זייער גאַנץ לעבען. זיי בלייבען דאַן אַזוי אונ־שולדיג, דאָס קיין זאַך אין דער וועלט קען זיי שוין די אויגען נישט עפענען.

די אַנדערע ווערען ביסלעכוויז ענטוישט, הגם זיי בעמערקען עס נאָך אַליין ניט. עס קומט אַ טאָג און זיי פאַלען, דאַן זיינען זיי פערצווייפעלט און ביז צום טויט מיינען זיי, אַז אַן אויסערגע־וועהנליך בייזער שיקזאַל האָט זיי פערפאָלגט און אַז זיי זיינען געוועזען אָפּפער פון טרויעריגע פּאַסירונגען און איבערהויפּט פון שלעכטע מענשען.

די סאַוויניאַלס האָבען זייער טאָכטער, בערטהאַ, חתונה גע־מאַכט צו אַכטצעהן יאָהר. זי האָט געהייראַט מיט געאָרג באַראָן, אַ יונגען פּאַריזער, וועלכער האָט געמאַכט געשעפטען אויף דער בירזשע. ער איז געוועזען אַ שעהנער יונג, מיט שעהנע מאַניערען און האָט געמאַכט אַ גוטען איינדרוק, גראַד ווי די פאַמיליע האָט זיך געוואונשען. אָבער אין דער טיפעניש פון זיין הארצען האָט ער זיך דאָך אויסגעלאַכט פון זיינע צוריקגעבליבענע, אַלט־פרענקישע שוויגער־עלטערן, און אין דעם קרייז פון נאָהענטע פריינד האָט ער זיך איבער זיי לוסטיג געמאַכט.

ער האָט געשטאַמט פון אַ שעהנער משפּחה, און דאָס מיידעל איז געוועזען רייך. זיי האָבען זיך בעזעצט אין פּאַריז.

זי איז געוועזען איינע פון יענע קליינשטעטעלדיגע אין פּאַריז, פון וועלכע עס איז דאָרט דאָ אַ שעהן ביסעל. אין דער גרויסער שטאָדט האָט זי גאָרנישט געלערנט, מיט דער עלעגאַנטער וועלט

איז זי נישט בעקאַנט געוואָרען, פון איהרע פערגעניגענס ניט גע־וואוסט, פונקט אזוי ווי זי האָט פריהער ניט געוואוסט ניט פון די נידערטרעכטיגקייטען און ניט פון די וואונדער פון דער וועלט.

אזוי ווי זי איז כמעט שטענדיג אין דער היים געזעסען, האָט זי איינגענטליך ניט געוואוסט קיין זאַך אויסער איהר גאַס, און ווען זי האָט זיך ווען ניט ווען ארויסגעכאַפּט אין אַן אַנדער קוואַר־טאַל, האָט זיך איהר אויסגעדאַכט, אַז זי מאַכט אַ ווייטע רייזע אין אַן אונבעקאַנטער פרעמדער שטאָדט. דאַן האָט זי אין אבענד געזאָגט צו איהר מאַן:

— איך בין היינט איבער די בולוואַרען געגאַנגען.

איהר מאַן האָט זי צוויי־דריי מאָל אַ יאָהר מיטגענומען אין טהעאַטער, און דאָס זיינען ביי איהר געווען יום־טובים, וועלכע זי האָט אַ לאַנגע צייט ניט געקענט פערגעסען, און פון וואָס זי האָט שטענדיג גערעדט. עס פלעגט טרעפען, אַז אין אַ פיערטעל יאָהר ארום זאָל זי זיך פלוצלונג צולאַכען ביים טיש און אויסרופען:

— געדענקסטו נאָך דעם אַקטיאָר, וועלכער איז געווען אָנגע־טהאָן אַלס גענעראַל און וועלכער האָט געקרעהט ווי אַ האָהן?

אַלס בעקאַנטע האָט זי געהאַט בלויז צוויי פאַמיליעס, וועלכע האָבען פאַר איהר די גאַנצע מענשהייט פאָרגעשטעלט. און האָט זי וועגען זיי גערעדט, האָט זי זיי שטענדיג גערופען „די מאַרטי־נעטס" און „די מיכעלינס".

איהר מאַן האָט געלעבט ווי ער האָט געוואָלט, איז אַהיים גע־קומען ווען איהם האָט זיך געפּאַסט, מאַנכעס מאָל ערשט פאַרטאָג. דאַן האָט ער געזאָגט, אַז איהם האָבען געשעפטען פערהאַלטען און האָט זיך ווייטער וועגען איהר ניט געקימערט, ווייל ער איז זיכער געווען, אַז אין איהר ריינעם הארצען וועט קיין מאָל קיין פערדאַכט ניט ערוואַכען.

אָבער איין מאָל אין אַ פריהמאָרגען האָט זי געקריגען אַ בריעף אָהן אַן אונטערשריפט.

זי איז געוואָרען דערשראָקען צום טויט. זי איז געווען צו עהרליך צו פערשטעהן די גאַנצע געמיינהייט פון אַזעלכע פאַסקווי־לען, צו קענען פעראַכטען דעם בריעף, וועמעס פערפאַסער האָט

בעהויפטעט, אַז ער האַנדעלט אַזוי נאָר צוליעב איהר גליק און ווייל ער האַסט דאָס בייזע און ליעבט די וואַרהייט.

מען האָט איהר געלאָזט וויסען, אַז איהר מאַן האָט זיית צוויי יאָהר בעציהונגען מיט אַ יונגער אַלמנה, אַ געוויסער פרוי ראָססעט, ביי וועלכער ער פערברענגט אַלע זיינע אָבענדען.

זי האָט ניט געוואוסט פון פאַלשקייט, האָט זיך ניט געקענט פאָרשטעלען, ניט פערשטאַנען ווי אַזוי איהם אויסצוכיטרעווען, איהם נאָכצושפּיאָנירען. און ווען ער איז צום פריהשטיק אַהיים געקומען האָט זי איהם שלוכצענדיג דעם בריעף אַ וואָרף געטהאָן און איז אין איהר צימער אַנטלאָפען.

איצט האָט ער געהאַט צייט צו קומען צו זיך און אויס־טראַכטען עפּעס אַ תירוץ. און ער איז אַוועק צו זיין פרוי'ס צימער און אָנגעקלאַפּט אין טיר. זי האָט גלייך געעפענט, אָבער האָט ניט געוואַגט אויף איהם אַ קוק צו טהאָן. ער האָט געשמייכעלט, זיך געזעצט, גענומען די פרוי צו זיך אויף'ן שויס און געזאָגט מיט אַ זיסער, עטוואָס שפּאָטישער שטימע:

יא, טהייערינקע מיינע, פרוי ראָססעט איז ווירקליך מיין פריינדין, איך קען זי שוין אַ יאָהר צעהן און איך האָב זי גאַנץ ליעב. איך קען דיר נאָך דערצעהלען, אַז איך בין בעקאַנט מיט אַם וויינינגסטענס צוואַנציג אַנדערע פאַמיליען פון וועלכע איך האָב מיט דיר קיין מאָל ניט גערעדט, ווייל איך וויים, אַז דו אינטע־רעסירסט זיך ניט פאַר געזעלשאַפטען, איינלאַדונגען און נייע בע־קאַנטשאַפטען. אָבער אום איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ סוף צו מאַכען צו אַזעלכע מיאוסע נידערטרעכטיגקייטען, בעט איך דיך, טהו זיך גלייך אָן נאָך'ן פריהשטיק און מיר וועלען מאַכען אַ בעזוך דער יונגער פרוי. איך בין זיכער, אַז איהר וועט ווערען פריינדינען.

אַ גליקליכע האָט זי איהר מאַן אין איהרע אָרעמס געשלאָסען און אויס יענער עכט־וויבערשער נייגירדע, וועלכע געהט ניט אַוועק ווען מען האָט זי שוין איין מאָל אויפגעוועקט, האָט זי זיך ניט אָבגעזאָגט צו בעזוכען די אונבעקאַנטע, וועלכע איז איהר טראַכ־דעם עטוואָס פערדעכטיג פאָרגעקומען. זי האָט געפיהלט אונבע־

וואוסט, אז א געפאהר, פון וועלכער מען וויים, איז שוין קיין גע־פאהר ניט.

זיי זיינען אריין אין א קליינע, קינסטלעריש־געמעבלירטע, רייצענדע וואהנונג, וועלכע איז געווען פול מיט אנטיקען. זי האט זיך געפונען אויפ'ן פיערטען שטאק פון א שעהנער הויז. נאכדעם ווי זיי האבען פינף מינוט געווארט אין א זאאל, וועלכען טאפעטען, פארטיערען און שעהן דראפירטע פארהאנגען האבען עטוואס דונ־קעל געמאכט, האט זיך א טיהר געעפענט און א יונגע פרוי האט זיך בעוויזען. זי איז געווען קליין, ברוין, עטוואס דיק און האט געשמייכעלט ערשטוינט.

געארג האט זיי פארגעשטעלט:

— מיין פרוי, — פרוי זשוליא ראססעט.

די יונגע אלמנה האט ארויסגעלאזט א לייכטען געשריי פאר ערשטוינונג און פאר פרייד, און האט אויסגעשטרעקט דער אנ־דערערביידע הענד. אויף אזא פרייד, האט זי געזאגט, האט זי גארנישט געוואגט צו האפען, ווייל זי האט געוואוסט, אז פרוי באראן געהט צו קיינעם ניט. אבער זי איז אזוי גליקליך, אזוי גליקליך, זי האט געארג'ן אזוי ליעב (זי האט געזאגט גאנץ איינ־פאך „געארג" מיט עפעס א מין שוועסטערליכער פערטרויליכקייט) אז זי האט שוין פון לאנג אן דעם גליהענדען וואונש געהאט מיט דער יונגער פרוי בעקאנט צו ווערען און אויך זי אין איהר הארץ צו שליסען.

אין א מאנאט ארום זיינען זיי ביידע געווען נאהנטע פריינ־דינען. זיי האבען זיך בעזוכט טאג־טעגליך און מאנכעס מאל צוויי מאל א טאג, האבען יעדען אבענד געגעסען צוזאמען דא ביי דער און דא ביי יענער אין דערהיים. איצט איז געארג שוין זעלטען־ווען אוועקגעגאנגען פון דערהיים און האט שוין ניט געזאגט קיין תירוצים וועגען געשעפטען. קיין זאך איז איהם ניט אזוי ליעב ווי זיין היים, האט ער געזאגט.

צום סוף איז אין דעם הויז, וואו פרוי ראססעט האט געוואהנט, ליידיג געווארען א וואהנונג, און פרוי באראן האט זיך צוגעאיילט, זי צו דינגען, אום צו דער פריינדין נאך נעהנטער צו זיין.

און צוויי יאָהר נאָכאַנאַנד זיינען זיי געווען פריינדינען און קיין וואָלקען האָט זייער פריינדשאַפט ניט פערדונקעלט. עס איז געווען אַ פריינדשאַפט מיט׳ן גאַנצען הארצען, מיט דער גאַנצער נשמה, צאַרט און איבערגעבען, אַנגענעהם און זיס. בערטהאַ האָט ניט געקענט זאָגען קיין איין זאַץ, אַז זי זאָל דערביי ניט דערמאָנען זשוליען, וועלכע איז פאַר איהר געווען אַ מוסטער פון אַלדאָס גוטעס אַ זיסע, שטילע פרייד האָט זיך אין איהר הארצען בעזעצט.

אָבער איין טאָג איז פרוי ראַססעט פּלוצלונג קראַנק געוואָרען. בערטהאַ איז פון איהר ניט אָבגעטראָטען. גאַנצע נעכט איז זי ביי איהר אָבגעזעסען און איז געווען אויסער זיך. איהר מאַן איז אויך געווען שטאַרק פערצווייפעלט. און איין מאָל, אין אַן איינ־דער־פריה, האָט דער דאָקטאָר אָבגערופען געאָרג׳ן און זיין פרוי אָן אַ זייט און זיי ערקלעהרט, אַז דער צושטאַנד פון זייער פריינדין איז זעהר ערנסט.

אזוי שנעל ווי ער איז אוועק האָבען זיךביידע יונגע מענשען אין גאַנצען דערשלאָגענע אוועקגעזעצט איינער אַנטקעגען אַנדערן און זיך פּלוצלונג צואווינט. יענע נאַכט האָבען זיי ביידע ביי דער קראַנקערס בעט געוואַכט און בערטהאַ האָט אַלע ווײַלע צערט־ליך געקושט די קראַנקע, וועהרענד געאָרג איז שווייגענדיג גע־שטאַנען צופוסען פון בעט און קיין אויג פון איהר ניט אראָבגע־נומען.

אויפ׳ן צווייטען טאָג איז איהר געוואָרען נאָך ערגער.

צום סוף, אין אבענד, האָט זי ערקלעהרט, אַז זי פיהלט זיך בעסער און געצוואונגען איהרע פריינד, אראָבצוגעהן אונטען עסען.

ווען זיי זיינען געזעסען אין עס־צימער פערטרויערטע, ניט קענענדיג אראָבשלינגען אַ ביסען, האָט דאָס מיידעל דערלאַנגט געאָרג׳ן אַ בריעף. ער האָט איהם געעפענט, איז בלייך געוואָרען, האָט זיך אויפגעהויבען און שטאַרק צוטהאָגען האָט ער געזאָגט צו זיין פרוי:

— וואַרט דאָ אויף מיר, איך מוז אויף אַ מאָמענט אוועקגעהן, אין צעהן מינוט בין איך דאָ צוריק. אָבער דו מוזט אונבעדינגט בלייבען דאָ אין צימער.

און ער איז אוועקגעלאָפען אין זיין צימער, צו נעהמען זיין הוט.

בערטהאַ האָט אויף איהם געוואַרט אַן אונרוהיגע און אַ נערוועזע. אָבער אַזוי ווי זי האָט איהם אימער געפאָלגט, האָט זי ניט געקענט אַרויסגעהן צו איהר פריינדין, איידער ער האָט זיך צוריקגעקעהרט.

ווען עס איז אָבער אוועק אַ שטיקעל צייט און ער איז ניט צוריקגעקומען, איז איהר איינגעפאַלען אַ געדאַנק, אַ קוק צו טהאָן אין זיין צימער, אויב ער האָט מיטגענומען זיינע האַנדשוה, וואָס עס וואָלט געווען אַ סימן, אַז ער האָט געמוזט מאַכען אַ בעזוך.

אָבער מיט'ן ערשטען בליק האָט זי זיי גלייך דערזעהן און דערביי איז געלעגען אַ צוקנייטשטע שטיקעל פאַפּיער, וואָס ער האָט אוועקגעוואָרפען.

זי האָט עס גלייך דערקענט: דאָס איז געווען דער בריעף, וועלכען מען האָט נאָר וואָס געאָרג'ן געבראַכט.

און דאָ האָט זיך פאַר איהר אוועקגעשטעלט דער ערשטער שטאַרקער נסיון פון איהר לעבען: דער ברענענדיגער בעגעהר דעם בריעף צו לעזען, זיין אינהאַלט צו דערגעהן. איהר געוויסען האָט זיך געשטעלט אַנטקעגען, אָבער שמערצליכע נייגירדע האָט זי גע־פייניגט און געצוואונגען די האַנד נאָכ'ן בריעף אויסצושטרעקען. זי האָט גענומען דאָס פאַפּיער, עס געעפענט, גלייך דערקענט זשור־ליע'ס האַנדשריפט און איבערגעלעזען די מיט בלייפעדער אָנגע־שריבענע ציטערענדע ווערטער:

„קום אַליין צו מיר אַרויף, אָרימער שאַץ, מיך נאָך אַמאָל אַ קוש צו טהאָן; איך מוז שטאַרבען."

צוערשט האָט זי ניט פערשטאַנען, וואָס דאָ טהוט זיך און איז געבליבען שטעהן, ווי פאַראַליזירט. פריהער פאַר אַלעם איז איהר בולט געוואָרען דער געדאַנק וועגען טויט; דאַן איז איהר מיט אַמאָל אויפגעפאַלען דאָס, וואָס זי דוצט איהם; און דאַן, פּלוצים, האָט איהר אַ בליץ געטהאָן אין מוח און אַלעס איז איהר קלאָר געוואָרען, זי האָט אַלעס אין דעם ריכטיגען ליכט דערזעהן: דעם העסליכען אמת, אַל דעם פעררעט, די גאַנצע נידערטרעכ־טיגקייט. מיט איין מאָל האָבען זיך איהר געעפענט די אויגען

אויף זייער פאלשקייט, זייערע בליקען, די ארט און ווייזע, ווי ער האט געשפּיעלט די ראָלע פון אַן אונשולדיגען און וויביידע האָבען זיך מיט איהר פערטרויען געשפּיעלט. און זי האט זיי ביידען דערזעהן פאר זיך, ווי זיי לעזען צוזאמען ביי דעם שיין פון א לאָמפּ פון איין בוך און ווי זיי קוקען זיך אַן איינער דעם אנדערן ביים אומקעהרען די זייטלאך.

דער כעס, דער וועהטאָג איז געוואקסען אין איהר און א פערצווייפלונג אָהן א גרענעץ איז אויף איהר אַנגעפאלען.

עס האָבען זיך דערהערט טריט, זי איז אַנטלאָפען און זיך פערשלאָסען.

דאַן האָט איהר מאַן גענומען רופען:

— קום שנעל, פּרוי ראָסעט שטארבט!

בערטהא איז צוגעקומען צום שוועל און געזאָגט מיט ציטערענדע ליפּען:

— דו קענסט אליין צו איהר געהן; זי דאַרף מיך ניט האָבען.

ער האָט זי אַנגעקוקט, ווי א פערריקטער, מיט א פערשטערטען פּנים און געענטפערט:

— שנעל, שנעל, זי שטארבט!

בערטהא האָט זיך אָבגערופען:

— דיר וואָלט געוועזן ליעבער, אז איך זאָל שטארבען.

דאָ האָט ער מסתמא פערשטאַנען, וואָס עס איז געשעהן, איז אוועקגעלאָפען, און איז ווידער ארויף צו דער שטערבענדער.

ער האָט זי בעוויינט אָפען, ניט פערשטעלטערהייד, אָהן שאַנדע, און דער קומער פון זיין פרוי האָט איהם ניט געריהרט, צו איהרע ליידען איז ער געבליבען קאלט. זי האָט מעהר מיט איהם ניט גערעדט, איהם מעהר ניט אָנגעזעהן, האָט געלעבט גאַנץ אליין פאר זיך און זיך אין גאַנצען פערשלאָסען אין איהר עקעל, אין איהר ענטריסטונג און נאָר טאָג און נאכט געבעטען צו גאָט.

און דאָך האָבען זיי געוואָהנט צוזאמען, זיינען געזעסען ביים טיש איינער אַנטקעגען אַנדערן, שטום און פערצווייפעלט.

ביסלעכווייז האָט ער זיך בערוהיגט. אָבער זי האָט איהם ניט פערגעבען.

און זייער ביידענס טרויעריגער לעבען האָט זיך ווייטער אַזוי געצויגען.

אַ גאַנץ יאָהר זיינען זיי געווען אַזוי פרעמד איינער צום אַנדערן, ווי זיי וואָלטען זיך גאָרנישט געקאַנט. בערטהאַ איז געווען נאָהענט צו משוגעת.

דאַן, איין מאָל אין אַ פריהמאָרגען, איז זי גאַנץ פריה אוועקגעגאַנגען און איז ערשט אום אכט אוהר אהיים געקומען מיט אַ גרויסען בוקעט ווייסע ראָזען אין האַנד.

און זי האָט איהר מאַן געשיקט זאָגען, אַז זי וויל מיט איהם עפּעס ריידען.

ער איז געקומען אַ דערשלאָגענער און אַ בעאונרוהיגטער.

זי האָט געזאָגט:

— לאָמיר מאַכען אַ שפּאַציר. נעהם די דאָזיגע בלומען, זיי זיינען צו שווער פאַר מיר.

ער האָט גענומען דעם בוקעט און איז אַוועק מיט זיין פרוי. אַ קאַרעטע האָט אונטען אויף זיי געוואַרט, און די פערד האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן אַזוי גיך, ווי דאָס פּאָאַר פאַלק איז אריין אינעווייניג.

פאַר דעם טויער פון קירכהויף איז די קאַרעטע שטעהן געבליבען. דאַן האָט בערטהאַ, וועמעס אויגען האָבען זיך מיט טרערען אָנגעפילט, געזאָגט צו געאָרג'ן:

— פיהר מיך צו איהר קבר.

ער איז אַ פערציטערטער געוואָרען. ער האָט ניט פערשטאַנען וואָס זי האָט געוואָלט און איז אוועק אין פאָראויס מיט די בלומען אין האַנד. צום סוף האָט ער זיך אָבגעשטעלט נעבען אַ ווייסער מאַרמאָרנער מצבה און, ניט ריידענדיג קיין וואָרט, אויף איהר אָנגעוויזען.

דאָ האָט זי ביי איהם צוגענומען דעם גרויסען בוקעט בלומען, האָט זיך אראָבגעלאָזען אויף די קניע און איהם אַוועקגעלעגט צופוסען פון דעם קבר. דאַן האָט זי גענומען בעטען שטום און ערנסט מיט'ן גאַנצען הארצען.

הינטער איהר איז געשטאנען איהר מאַן פול מיט עראינערונגען. ער האָט געוויינט.

זי האָט זיך אויפגעהויבען און אויסגעשטרעקט צו איהם איהרע הענד מיט די ווערטער:

— ווען דו ווילסט, וועלען מיר ווידער זיין פריינד!...



# דער נדר



יינער האָט זיך ניט געוואונדערט איבער דער חתונה פון'ם אדוואָקאַט סימאָן לעברומענט מיט פריילען יאָהאַננאַ קאָרדיער. דער אַדוואָקאַט האָט נור וואָס געהאַט געקויפט די פּראַקטיק פון זיין קאַלעגע פּאַפּיללאָן. עס פאַרשטעהט זיך, אַז ער האָט געדאַרפט האָבען געלד, און פריילען יאָהאַננאַ האָט געהאַט אַ פערמעגען פון דריי הונדערט טויזענד פראַנק אין באַנקנאָטען און פּאַפּיערען.

דער אַדוואָקאַט לעברומענט איז געווען אַ שעהנער יונג. אַ מאַן מיט שיק, אַדוואָקאַטען שיק, פּראָווינץ שיק אָבער דאָך... שיק... און דאָס איז אין באַטיגנָי־לע־רעבאורם געווען אַ זעלטענהייט.

פריילין קאָרדיר איז געווען גראַציעז און יוגענדליך, הגם איהר גראַציע איז געווען אביסעל קליינשטעדטעלדיג און איהר יוגענדליכקייט עטוואָס אביסעלע פאַרוועלקט; אָבער אין אַלגעמיין איז זי געווען אַ שעהן מיידעל בעגעהרענסווערט און בעגעהרט.

די חתונה האָט די גאַנצע שטעדטעל געשטעלט אויפ'ן קאָפּ.

מען האָט זעהר בעוואונדערט דאָס יונגע פּאָאָר פּאָלק, וועלכע איז גלייך נאָך דער חתונה אוועק אין זייער נייער היים, דאָרט צו בעהאַלטען זייער יונגען גליק. ווייל זיי האָבען אָבגערעדט צו מאַכען אַ קליינע רייזע אין פּאַריז ערשט נאָכדעם ווי זיי וועלען אונגעשטערט פאַרברענגען עטליכע טעג צוזאַמען אין דער היים.

די דאָזיגע עטליכע טעג זיינען געווען וואונדערבאַר שעהן. דער אַדוואָקאַט האָט פערשטאַנען ווי אומצוגעהן מיט זיין פרוי און האָט אַרויסגעוויזען אַ סך טאַקט, צאַרטקייט, פיינעם געפיהל, וואָס עס האָט איהם פיעל געהאָלפען אין זיינע ערשטע נאָהענטע

בעציהונגען צו דער יונגער פרוי. ער האָט געהאַלטען דערפון: אַז ווער עס פארשטעהט צו ווארטען, דעם פאַלט אַלעס אַליין אין שויס אריין. ער איז געווען געדולדיג און ענערגיש אין דער זעלבער צייט. דער ערפאָלג איז געווען א שנעלער און א פאָלקאָמענער.

אין פיער טעג ארום איז מאדאם לעברומענט געווען פארליעבט אין איהר מאן. זי האָט אָהן איהם ניט געקענט מעהר אויסקומען. דעם גאַנצען טאָג האָט זי איהם געמוזט האָבען ארום זיך, איהם קושען און האַלזען, איהם לאַסטשען, גלעטען זיינע הענד, זיין באָרד, זיין נאָז און אזוי ווייטער.

זי האָט זיך געזעצט צו איהם אויף די קניע, א צופ געטהאָן איהם פאר די אויערען און געזאָגט:

— עפען אקאָרשט אויף דעם מויל און מאַך צו די אויגען.

פול פערטרויען האָט ער געעפענט דעם מויל, האַלב געשלאָסען די אויגען און דאַן געקריגען לאַנגע צערטליכע קושען. און אויך ער האָט ניט געפונען גענוג צערטליכקייט, האָט ניט געהאַט גענוג ליפען און הענד, אום זיין ווייב צו קושען און לאַסטשען פון אין דער פריה ביז ביינאַכט און פון ביינאַכט ביז אין דער פריה.

* * *

ווען די ערשטע וואָך איז אריבער, האָט ער געזאָגט צו זיין יונגער לעבענסבעגלייטערין:

— אויב דו ווילסט, פאָהרען מיר נעקסטען דיענסטאג אין פאַריז. מיר וועלען זיך פיהרען פונקט אזוי ווי א פערליעבט פאָאר'ל, וואָס איז נאָך ניט פארהייראט, מיר וועלען געהן אין די רעסטאָראַנען, די טהעאַטערס, ווארייעטיעס, איבעראַל, איבעראַל.

זי האָט אַזש געגומען טאַנצען פאר פרייד:

— יא, יאָ, לאָמיר פאָהרען אזוי שנעל ווי מעגליך.

ער האָט געזאָגט:

— און דאַן, אום עס נישט צו פארגעסען, זאָג דיין פאָטער, ער זאָל אונז אָנגרייטען דיין נדן. איך וועל עס מיטנעהמען און וועל שוין אין איין וועג בעצאָהלען מיין קאָלעגע פאַפיללאָן פאר דער פראַקטיק, וואָס איך האָב ביי איהם געקויפט.

זי האָט געענטפערט:

— איך וועל עס איהם זאָגען מאָרגען אין דער פריה.

און דאַן האָט ער זי גענומען אין זיינע אָרעמס און זי ווידער גענומען צערטלען און האַלדזען, וואָס זיי האָבעןביידע אַזוי ליעב געהאַט צו טהאָן פאַר די לעצטע אַכט טעג פון זייער צוזאַמענלעבען.

דעם קומענדען דיענסטאָג האָבען שווער און שוויגער גע־בראַכט זייער טאָכטער און דעם איידעם צום וואָקזאַל, פון וואַנען זיי האָבען געזאָלט פאָהרען אין דער הויפּט שטאָדט אריין.

דער שווער האָט געזאָגט:

— הער אויס, מיין זוהן. עס איז זעהר אונפּאָרזיכטיג צו שלעפּען מיט זיך אין קעשענע אַזוי פיעל געלד.

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט אַ שמייכעל געטהאָן:

— אַך, פּאַפּאַ, דאַרפסט ניט מורא האָבען. איך בין געוואָהנט צו אַזעלכע זאַכען. ווייסטו, מיין פּראָפעסיאָן ברענגט מיט, אַז איך זאָל אַמאָל האָבען מיט זיך אַ מיליאָן. אויף אַזאַ אופן מיידען מיר אויס אַ סך פאָרמאַליטעטען און שוועריגקייטען, וועלכע נעה־מען ביי אונז אַוועק צייט. דו דאַרפסט גאָרנישט מורא האָבען.

דער קאָנדוקטאָר האָט אויסגערופען:

— איינשטייגען קיין פּאַריז!

זיי האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן אין אַ וואַגאָן, וואו עס זיינען געזעסען צוויי אַלטע דאַמען.

לעברומענט האָט אַ שושקע געטהאָן זיין ווייב אין אויער אריין.

— דאָס איז אָבער אונאַנגענעהם, איצט וועל איך ניט קענען רויכערען.

זי האָט געענטפערט שטיל:

— מיר איז עס אויך אונאַנגענעהם, אָבער ניט צוליעב דיין ציגאַר.

דער צוג האָט אַ פייף געטהאָן און איז אַוועק. דאָס פאָהרען האָט געדויערט בלויז איין שטונדע. אויפ'ן וועג האָבען זיי ניט פיעל גערעדט, ווייל ביידע אַלטע פרויען זיינען ניט געשלאָפען.

אַזוי שנעל ווי זיי זיינען צוגעפאָהרען צום וואָקזאַל סיינט לאַזאַר, האָט דער אַדוואָקאַט זיך אָבגערופען צו זיין פרוי:

— אויב דו ווילסט, מיין טהייערע, געהען מיר איצט פריה־שטיקען ערגעץ וואו אויפ'ן בולוואר. און דאן קענען מיר זיך שפּע־טער אומקעהרען אבנעהמען אונזער קופערט און איהם ברענגען אין האָטעל.

זי איז גלייך מרוצה געוואָרען:

— יאָ, יאָ, לאָמיר געהן פריהשטיקען אין אַ רעסטאָראַן. איז עס ווייט פון דאַנען?

ער האָט געענטפערט:

— יאָ, עס איז אביסעל ווייט. אָבער מיר נעהמען אַן אָמ־ניבוס.

זי איז געוואָרען ערשטוינט:

— פאַרוואָס עפּעס ניט אַ דראָשקע?

ער האָט איהר לאַכענדיג פאַרגעוואָרפען:

— אַזוי ווילסטו דאָס זיין שפּאָרזאַם? אַ דראָשקע אויף פינף מינוט וועג. דאָס מאַכט אוים זעקס סו פאַר יעדע מינוט. דו ווילסט הפּנים זיך לאָזען וואויל געהן!

— דאָס איז אמת! — האָט זי געזאָגט עטוואָס צומישט.

אַ גרויסער אָמניבוס פון דריי פערד געצויגען איז פאַרביי־געפאָהרען. לעברומענט האָט אַ געשריי געטהאָן:

— קאָנדוקטאָר! קאָנדוקטאָר!

דער וואָגען האָט זיך אָבגעשטעלט און דער יונגער אדוואָקאַט האָט אריינגעשטופּט זיין ווייב און געזאָגט איילענדיג זיך:

— זעץ זיך דאָרט אוועק. איך קלעטער אַרויף אויבען, איך וויל כאָטש פאַר פריהשטיק אויסרויכערען אַ ציגאַר.

זי האָט אפילו קיין צייט ניט געהאָט צו ענטפערען. דער קאָנדוקטאָר האָט גענומען איהר אָרעם, כדי איהר צו העלפען, און אריינגעשטופּט זי אין וואָגאָן אריין. די יונגע פרוי איז געפאַלען אַ צומישטע אויף אַ פּלאַץ, בעת זי האָט מיט שרעק געקוקט אויף די הינטערשטע פענסטער, וואו זי האָט געזעהן איהר מאַן'ס פיס, ווי ער קלעטערט אויף די טרעפּ, וואָס פיהרען אויפ'ן אויבערשטען דעק פון'ם אָמניבוס.

און דאַן איז זי געבליבען זיצען אונבעוועגליך צווישען אַ דיי־

קען מאַן פון וועלכען עס האָט זיך געהערט טאַבאַק, און אַן אַלטער פרוי, וועלכע האָט פאַרשפרעהט ארום זיך אַ גערוך, ווי אַ הונט.

אַלע איבעריגע פּאַסאַזשירען זיינען געזעסען שטום אין איין רייהע: אַ קאָנדיטערײ איינגעל, אַ קליינע ארבייטערין, אַ סאָלדאַט, אַ מאַן מיט גאָלדענע ברילען און אין אַ זיידענעם הוט מיט זעהר ברייטע ברעגעס, צוויי פרויען, וועלכע האָבען אויסגעזעהן אונ־אנגענעהם מיט זייערע שטאָלצע, פאַרריסענע נעזער, ווי זיי וואָל־טען וועלען זאָגען: מיר זיצען אפילו דאָ, אָבער מיר זיינען מעהר ווערט ווי איהר אַלע! צוויי נאָננעס, אַ קליין מיידעל מיט לאַנגע האָאָר און אַ לייכענטרעגער.

אַלע צוזאַמען האָבען זיי אויסגעזעהן ווי אַ זאַמלונג קאַריקאַ־טורען פון עפּעס אַ מוזעאום.

פון'ם טומעל און פון'ם שטענדיגען טרייסלען פון'ם וואַגאָן, האָבען זיך זייערע קעפּ געוואָרפען אהער און אהין און די הויט אויף זייערע באַקען האָט געציטערט. דער ליאַרם פון די רעדער האָט זיי אַזוי ווי פאַרטויבט און זיי זיינען געזעסען פאַרשלאָפענע ווי אידיאָטען.

די יונגע פרוי האָט נאַרנישט פערשטאַנען.

— פאַרוואָס איז ער ניט אריינגעגאַנגען צוזאַמען מיט מיר?

— האָט זי ביי זיך געפרעגט און אַן אונבעשטימטע טרויעריגקייט איז אויף איהר אָנגעפאַלען. — פון זיין ציגאַר האָט ער זיך דאָס מאָל געמענט אָבזאָגען.

די נאָננעס האָבען געמאַכט אַ צייכען, מען זאָל זיך אָבשטעלען, דאַן זיינען זיי ארויס איינע נאָך דער אַנדערער און האָבען איבער־געלאָזען אַ שוואַכען גערוך פון אַלטע קליידער.

מען איז געפאָהרען ווייטער. דאַן האָט מען זיך ווידער אָב־געשטעלט. אַ קעכין איז אריין אין אָמניבוס, זי איז געווען רויט, אָהן אטהעם, האָט זיך געזעצט און ארויפגעשטעלט אויף איהרע קניע אַ מאַרק־קערבעל. איצט האָט זי פאַרשפּרייט ארום זיך אַ שטאַרקען גערוך פון געשיר וואַסער.

— עס געדויערט אַ סך לענגער, ווי איך האָב געדענקט! — האָט אַ טראַכט געטהאָן יאָהאַננאַ.

דער לייכענטרעגער איז ארויס, אנשטאָט איהם איז אריין א קוטשער, פון וועלכען עס האָט געטראָגען א גערוך פון א שטאַהל. דעם פּלאַץ פון דער מיידעל מיט די לאַנגע האָאר, האָט פאַרנומען א דיענער, פון וועמעס פיס עס האָט זיך געהערט שוויים פון לאַנ־גען געהן.

דעם אדוואָקאַט'ס יונגע פרוי האָט גענומען איבלען; עס האָט זיך איהר געוואָלט וויינען, זי האָט אליין ניט געוואוסט פאַר וואָס.

אנדערע מענשען זיינען אריין אין אָמניבוס, אנדערע ווידער ארויס. דער אָמניבוס איז געפאָהרען אלץ ווייטער דורך ענדלאָזע גאַסען, האָט זיך אָבגעשטעלט אויף די סטאַנציעס און דאַן ווייטער געפאָהרען.

— מיין גאָט, ווי ווייט עס איז! — האָט זיך געזאָגט יאַ־האַננאַ. — ווען ער האָט נאָר ניט געמאַכט קיין טעות אין'ם וועג, איז אפשר גאָר אנשלאָפען געוואָרען. ער איז געווען שטאַרק מיעד די לעצטע טעג.

ביסלעכווייז זיינען אַלע אויסגעשטיגען. זי איז געבליבען אליין, גאַנץ אליין. דער קאָנדוקטאָר האָט אויסגערופען:

— פּאָו זשירארד!

אזוי ווי זי האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט, האָט ער געזאָגט נאָך אמאָל:

— פּאָו זשירארד!

זי האָט איהם אָנגעקוקט. זי האָט פערשטאַנען, אז דאָס דאָ־זיגע וואָרט מיינט איהר, ווייל קיין אַנדערער איז אין אָמניבוס ניט געווען. און דאַן האָט דער מאַן געזאָגט צום דריטען מאָל:

— פּאָו זשירארד!

זי האָט געפרעגט:

— וואו זיינען מיר?

ער האָט געענטפערט מיט כעס:

— צום טייוועל, מיר זיינען אין פּאָוזשירארד! איך האָב עס שוין צוואַנציג מאָל אויסגערופען.

— איז דאָס ווייט פון בולוואַר? — האָט זי געפרעגט.

— וועלכען בולוואַר?

— נו, אָט דעם איטאַליענישען בולוואר.
— דעם זיינען מיר שוין לאַנג פאַרבייגעפאָהרען.
— אַך, זייט אַזוי גוט, רופט מיין מאַן.
— וועלכען מאַן? וואו איז ער?
— ער איז דאָך אויבען, אויף דעם אויבערדעק.
— אויבען זיצט שוין לאַנג קיינער ניט.
זי איז געוואָרען שטאַרק צושראָקען:
— וואָס רעדט איהר? דאָס איז דאָך אונמעגליך! ער איז דאָך מיט מיר צוזאַמען אריין אין אָמניבוס. זעהט אקאָרשט נאָך, ער מוז זיצען אויבען.
דער קאָנדוקטאָר איז געוואָרען גראָב:
— נו, קליינע, גענוג גערעדט! פאַר איהם קריעגט איהר צעהן אַנדערע. איצט, זייט מוחל, שטייגט אויס. אָבער מאַכט עס שנעל, ריהרעוודיג. איהר וועט גלייך קריגען אַן אַנדערן.
איהרע אויגען האָבען זיך אָנגעפילט מיט טרערען. זי האָט גענומען בעטען:
— אָבער איהר האָט א טעות, ווירקליך, איך פאַרזיכער אייך. ער האָט געהאַלטען א גרויסען בריעף־טאַש אונטער'ן אָרעם.
דער בעאַמטער האָט זיך צולאַכט.
— אַזוי, א גרויסען בריעף־טאַש? אַה! יאַ, יאַ, איך דער־מאָן זיך, ער איז אויסגעשטיגען ביי דער מאַדעליינע. נאַ, אייך האָט ער אויף יעדען פאַל געלאָזט לויפען. כאַ, כאַ, כאַ!
דער וואָגען האָט זיך אָבגעשטעלט. זי איז אַרויס און מיט אַן אינסטינקטיווער בעוועגונג האָט זי אַליין א קוק געטהאָן אויפ'ן דאָך פון אָמניבוס. ער איז געווען אין גאַנצען לעדיג. דאַן האָט זי זיך צואווייַנט הויך אויפ'ן קול, ניט טראַכטענדיג, אַז מענשען הערען זי און זעהען זי און אויסגערופען:
— וואָס הויב איך איצט אָן צו טהאָן!
דער אינספעקטאָר פון דער אָמניבוס ביוראָ איז צוגעקומען:
— וואָס איז מיט אייך?
דער קאָנדוקטאָר האָט געענטפערט:

— דער מאַן פון דיזער פרוי האָט זי אויפ'ן וועג אַוועקגע־וואָרפען.

דער אינספעקטאָר האָט בעמערקט:

— דאָס איז ניט אייער זאַך. איהר געהט בעסער און טהוט אייער ארבייט.

און ער האָט זיך אומגעקעהרט צו איהר מיט'ן רוקען.

דאַן האָט זי זיך געלאָזט לויפען איבער'ן גאַס. זי איז געווען צופיעל דערשראָקען, צופיעל צוטומעלט אום צו בעגרייפען וואָס מיט איהר איז געשעהען. וואו זאָל זי געהן? וואָס זאָל זי טהאָן? וואָס האָט מיט איהר פּאַסירט? ווי אַזוי איז עס מעגליך, אַז ער זאָל האָבען געמאַכט אַזאַ טעות, זאָל זיך אַזוי אָן אַלעס פערגעסען? פון וואַנען האָט זיך ביי איהם גענומען אַזאַ צושטרייטקייט?

זי האָט גראָדע געהאַט ביי זיך צוויי פראַנק. צו וועמען זאָל זי זיך ווענדען? און פּלוצים האָט זי זיך דערמאָהנט אָן איהר קרוב פאַרראַל, וועלכער האָט געדיענט אין מאַרינע מיניסטעריום. זי האָט געהאַט פונקט גענוג געלד אום צו בעצאָהלען פאַר אַ דראָש־קע און זי האָט זיך געלאָזט פאָהרען צו איהם. זי האָט איהם גע־טראָפען, ווען ער האָט זיך געהאַט געקליבען צו געהן אין מיניס־טעריום. פונקט ווי לעברומענט, האָט ער אויך געטראָגען אַ גרוי־סען בריעף־טאַש אונטער'ן אָרעם.

זי איז אַרויסגעשפּרונגען פון דראָשקע:

— הענרי! — האָט זי אַ געשריי געטהאָן.

ער איז געבליבען שטעהן אַ צושראָקענער.

— יאהאַננאַ! דו, דאָ! איינע אַליין. וואָס טהוסטו דאָ? פון וואַנען קומסטו?

זי האָט גענומען שטאַמלען מיט טרערען אין די אויגען:

— מיין מאַן איז נור וואָס פערלאָרען געגאַנגען.

— פערלאָרען געגאַנגען, וואו?

— אין אמניבוס. אַך, גאָט!

און זי האָט איהם וויינענדיג דערצעהלט וואָס עס איז געשעהן.

ער האָט איהר אויסגעהערט, אַ ווייל׳ע נאָכגעטראַכט און גע־פרעגט:

— איז ער געווען ניכטער היינט אין דער פריה?

— יא.

— גוט. האָט ער געהאַט ביי זיך א סך געלד?

— יא. מיין נדן.

— דיין נדן? דיין גאַנצען נדן?

— דעם גאַנצען נדן. ער האָט געוואָלט שפּעטער בעצאָהלען פאַר דער פּראַקטיק, וואָס ער האָט געקויפט.

— אויב אזוי, מיין ליעבע קוזינע, דאַן געפינט זיך דיין מאַן איצט וואהרשיינליך אויפ׳ן וועג צו בעלגיען.

זי האָט נאָך אַלץ ניט פערשטאַנען און געשטאַמעלט:

— מיין מאַן? וואָס זאָגסטו?

— איך מיין, אז ער האָט דיין... דיין פערמעגען גערויבט... און... דאָס אַלעס!

זי איז געבליבען שטעהן אָהן אַן אָטעהם און געשעפּטצעט:

— דאַן איז ער... דאַן איז ער... א לומפּ!

דאַן איז זי פון אויפרעגונג שוואַך געוואָרען און שלוכצענדיג געפאַלען איהר קאָזין אויף דער וועסט.

און אזוי ווי פאַרבייגעהער זיינען געבליבען שטעהן און אויף זיי געקוקט, האָט ער זי גאַנץ זאַפט אריינגעשטופּט אין דער פיהר־הויז פון זיין הויז, זי ארומגענומען ארום טאַליע און ארויפגעפיהרט אויף די טרעפּ און ווען די דערשראָקענע דיענסט־מיידעל האָט געעפענט די טיר, האָט ער געגעבען א בעפעהל:

— סאָפיע, געהט גלייך אריבער אין רעסטאָראַן און ברענגט א פריהשטיק פאַר צוויי פּערזאָן. איך געה היינט ניט אין מיניס־טעריום.



# דער שיכור



ער נאָרד־ווינד האָט געבושעוועט און געטריעבען די ריעזיגע ווינטערדיגע, שווארצע און שווערע וואָל־קענס אויפ'ן הימעל, וועלכע האָבען פארביילויפענ־דיג אָנגעטרונקען די ערד מיט בייזע שטראָמען רעגענס.

דער צוקאָכטער ים האָט געברומט און גערע־וועט, געשליידערט אויף די ברעגעס ריעזיגע, שוימענדע כוואליעס, וועלכע האָבען מיט א קלאפעריי, ווי פון קאנאָנען, איבערגעשלאָגען איינע די אַנדערע.

גאנץ לאנגזאם זיינען זיי געקומען, הויך ווי די בערג, און פון זייערע קעפ האָבען וואָלקענס שוים זיך אויפגעהויבען און געשפריצט אין דער לופט אריין.

דער שטורעם האָט זיך אָנגעהויבען אין דעם קליינעם טהאָל ווערפאָרט. עס האָט געפייפט און געקרעכצט, געריסען די שינדלען פון די דעכער, ארונטערגעשליידערט די לאָדענס, אָבגעריסען קוי־מענס און אזוי שטארק געבושעוועט אין די גאסען, אז מען האָט געקענט געהן נור האלטענדיג זיך ביי די ווענט, און קינדער האָט עס אויפגעהויבען אין דער לופט, זיי ארומגעדרעהט, ווי פארוועלקטע בלעטער, און איבער די הייזער אויף די פעלדער אוועקגעשליידערט.

די פישער־שיפלאך האָט מען ווייט אויפ'ן פעלד ארויסגעצויגען, אוים מורא, אז דער ים זאָל ניט פארטרינקען דעם גאנצען ברעג. א פאָאר מאטראָזען האָבען זיך איינגענורעט אונטער דעם בויך פון זייערע שיפלאך, וועלכע זיינען געלעגען עטוואָס אויף א זייט און צושראָקען געקוקט אויף דעם צובייזערטען ים און הימעל. דאן האָ־בען זיי ביסלעכווייז גענומען זיך פאנאנדערגעהן, דען עס איז גע־

וואָרען נאַכט און די אָרומיגע פינסטערניש האָט פאַרשלונגען דעם ברויזענדען ים.

צוויי מענער זיינען נאָך איבערגעבליבען. זיי זיינען געזעסען מיט די הענד אין די קעשענעס, די רוקענס אויסגעבויגען, די וואַ־לענע מיצלאָך ביז איבער די אויערען. דאָס זיינען געווען צוויי גרויסע נאָרמאַנישע פישער מיט רונדע בערד, די הויט פאַרברענט פון די געזאַלצענע כוואַליעס, די אויגען בלוי מיט שווארצע שוואַרץ־אַפּלען, יענע שאַרפע אויגען פון אַ מאַטראָז, וועלכע קוקען אריין אין דעם ווייטסטען האָריזאָנט, ווי די רויב־פויגעל, זוכענדיג רויב.

איינער פון זיי האָט געזאָגט:

— יערעמיאַס, קום מיט מיר, לאָמיר שפּיעלען אביסעל אין דאָמינאָ.

דער אַנדערער האָט זיך אַ ווײַלע מישב געווען. צום שנאַפּס און צום שפּיעלען האָט איהם אפילו שטאַרק געצויגען, דען ער האָט גוט געוואוסט, אַז ער וועט זיך ביי פאָומעלל׳ן אָנ׳שיכור׳ן, אָבער ער האָט אויך געטראַכט וועגען זיין ווייב, וועלכע איז איינע אַליין אין הויז. ער האָט געפרעגט:

— דו ווילסט מיך הפּנים יעדען אָבענד אָנשיכור׳ען? וואָס האָסטו דערפון? דו מוזט דאָך אימער בעצאָהלען.

אָבער אין די געדאַנקען האָט ער זיך דאָך געפרעהט מיט דעם שנאַפּס, וועלכען ער וועט טרינקען אויף פרעמדע קאָסטען.

מאַטהורין, זיין פריינד, האָט איהם אַ ציה געטהאָן פאַר׳ן אָרעם:

— קום מיט, יערעמיאַס, אין אַזאַ אָבענד, ווי היינטיגען, קען מען ניט געהן אהיים אָהן עטוואָס ווארימעס אין לייב. וואָס האָסטו מורא? דו מיינסט, דיין אַלטע וועט דיר דערוויל ניט אויסוואַרעמען דאָס בעט?

יערעמיאַס האָט געענטפערט:

— אַנומעלט האָב איך ניט געקענט געפינען די טיר, אַזוי שיכור בין איך געווען!

און ער האָט זיך צולאַכט, טראַכטענדיג וועגען זיין שיכרות,

און איז אוועק צו פּאַמעלאַ'ס שענק, וועמעס בעלויכטענע פענסטער האָבען געוואונקען פון דער ווייטען.

האַלב האָט איהם מאַטהורין געשלעפּט, האַלב דער ווינד געטריבען אוןביידע קרעפטען האָט ער ניט געקענט ווידערשטעהן.

דער נידעריגער צימער איז געווען פול מיט מאַטראָזען, אָנגעפילט מיט טאַבאַק רויך און געשרייען. די דאָזיגע אַלע מענשען אין זייערע וואָלענע יאַקען מיט די עלענבויגענס אָן טיש אָנגעשפּאַרט, האָבען געשריען מיט בענומענע קולות, כדי מען זאָל זיי דערהערען און פאַרשטעהן, און וואָס מעהר געסט עס זיינען צוגעקומען, אַלץ העכער איז געוואָרען דער ליאַרם און דאָס קלאַפּען פון די דאָמינאָס אויף דעם מאַרמאָרנעם טיש, האָט אַלעמען געצווינגען נאָך העכער צו שרייען.

יערעמיאַס און מאַטהורין האָבען זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקעל און גענומען שפּיעלען אַ פּאַרטיע, און די קליינע גלעזלאַך שנאַפּס זיינען איינס נאָך'ן אַנדער'ן אין דער טיעפעניש פון זייערע העלזער פאַרשוואונדען. דאַן האָבען זיי געשפּיעלט נאָך אַ פּאָאָר פּאַרטיעס און געטרונקען נאָך מעהר שנאַפּס.

מאַטהורין האָט בסדר אָנגעפילט זיין קאַמעראַד'ס גלעזעל און געמאַכט צייכענס צום ווירט מיט די אויגען. יענער, אַ דיקער, פייערדיג־רויטער יונג, האָט נאָכאַנאַנד געשמייכעלט, ווי ער וואָלט אַ לאַנגע שפּאַסיגע געשיכטע דערצעהלט.

יערעמיאַס האָט געזופּט דעם אַלקאָהאָל, געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געלאַכט מיט אַ ווילדען געלעכטער, בעת ער האָט אָנגעקוקט זיין קאַמעראַד מיט זיינע מוטנע, צופריעדענע אויגען.

צום סוף זיינען אַלע געסט אַוועק און יעדעס מאָל, וואָס איינער פון זיי האָט די גאַס־טיר געעפענט, האָט זיך אַן אייזיגער ווינד אריינגעריסען אין שענק אריין, צוטריבען דעם שווערען רויך פון די ליולקעס, גענומען טרייסלען די לאָמפּען אויף די קייטען און לעשען די ליכט. און דאַן האָט מען פּלוצים דערהערט דאָס דונער'ן פון די ברויזענדע כוואַליעס און דעם רעווען פון'ם שטורעם.

יערעמיאַס האָט אויפגעשטעלט דעם קראַגען, זיך אַוועקגעזעצט

גלייך, ווי אן אמת'ער שיכור, אויסגעצווינגען איין פוס, אין דער צווייטער האנד האָט ער נאָך געהאַלטען די דאָמינאָ־שטיינער.

איצט זיינען זיי געבליבען אליין מיט דעם שענקער, וועלכער איז צו זיי צוגעקומען. ער האָט געפרעגט:

— נו, יערעמיאַס, איז דיר איצט ווארעם, דאָרט אינעווייניג? אַלעס גוט בעגאָסען?

און יערעמיאס האָט געשטאַמעלט:

— וואָס מעהר מען גיסט דאָרט אריין, אַלץ טרוקענער ווערט דאָרטען!

דער שענקער האָט אָנגעקוקט מאַטהורינ'ען מיט אַ ביטרען שמייכעל און געזאָגט:

— נו, און דו, מאַטהורין, ווי געהט עס דיר?

דער מאַטראָז האָט געענטפערט:

— מיר איז שוין ווארעם, נור ניט געזאָרגט.

און ביידע האָבען אָנגעקוקט יערעמיאַס'ן, וועלכער האָט מיט נצחון אַ וואָרף געטהאָן אויפ'ן טיש אַ זעקסער דאָמינאָ און אויסגערוסען:

— איך האָב געוואונען!

ווען די פּאַרטיע האָט זיך געענדיגט, האָט דער שענקער זיך אָבגערופען:

— קינדער, איך געה שלאָפען. איך לאָז אייך דעם לאָמפּ און אַ גאַנצען ליטער פאַר צוואַנציג סו. מאַטהורין, דו וועסט שפּעטער צומאַכען די טיר פון דרויסען און אריינשטעקען דעם שליסעל אונטער'ן לאָדען, ווי יענע נאַכט.

מאַטהורין האָט געענטפערט:

— נור ניט געזאָרגט, איך וועל עס שוין טהאָן.

פאומעלל האָט געדריקט זיינע ביידע פאַרשפּעטיגטע געסט די הענד און מיט שווערע טריט איז ער אַרויף אויף די הילצערנע טרעפּ. אַ פּאָאָר מינוטען האָט מען נאָך געהערט זיין שווערען גאַנג איבער'ן שענק, דאַן האָט אַ שווערער קרעכצען פון אַ בעט אָנגעצייגט, אַז ער האָט זיך געלעגט.

די ביידע מענער האָבען ווייטער געשפּיעלט, פון צייט צו צייט

האָט דער ווינד געריסען די טיר און אזוי געשטורעמט, אז די ווענד האָבען זיך געטרייסעלט אוןביידע מאטראָזען האָבען אויפגעהויבען זייערע קעפּ, ווי ווען עמיצער וואָלט אריינקומען. דאַן האָט מאטהורין גענומען די פלאַש מיט בראָנפען און אָנגעגאָסען יערעמיאַ'ס גלאָז.

אָבער פּלוצים האָט דער זייגער אויפ'ן בופעט געשלאָגען האַלבע נאַכט, זיין הייזעריגע שטימע האָט געקלונגען, ווי מען וואָלט גע־קלאַפּט אויף אַן אַלטען טאָפּ, און די קלעפּ האָבען נאָך א צייט לאַנג געציטערט מיט א בלעכענעם טאָן.

מאטהורין איז גלייך אויפגעשטאַנען, ווי א מאטראָז, וועלכער דאַרף געהן אויפ'ן וואַך.

— יערעמיאַס, מיר מוזען געהן!

דער צווייטער איז אויפגעשטאַנען מיט גרויס מיה, איז צוגע־גאַנגען צו דער טיר, זי געעפענט, בעת זיין קאַמעראַד האָט דעם לאָמפּ אויסגעלאָשען. פון דרויסען האָט מאטהורין פארשלאָסען דאָס הויז און דאַן האָט ער געזאָגט:

— נו, א גוטע נאַכט, צום ווידערזעהן, מאָרגען!

און ער איז פארשוואונדען געוואָרען אין דער פינסטערניש.

.2

יערעמיאַס האָט געטהאָן דריי טריט, זיך גענומען שאָקלען אויף די פיס, האָט אויסגעשטרעקט די הענד און איז געפאַלען אויף א וואַנד, אזוי אז ער איז געבליבען שטעהן גלייך. אין א ווײלע ארום האָט ער זיך ווידער געלאָזט געהן.

פון צייט צו צייט האָט זיך אין דער שמאָלער געסעלע אויפגע־הויבען א מורא'דיגער ווינד און איהם גענומען טרייבען אין פאָרויס, אזוי אז ער האָט געמוזט אָבלויפען עטליכע טריט; ווען דער שטורם האָט דערנאָך אויף א ווײלע נאָכגעלאָזען, איז ער פּלוצים געבליבען שטעהן, ניט האָבענדיג די קראַפט צו געהן ווייטער. און דאַן האָט ער זיך ווידער גענומען שלעפּען אויף זיינע וואַנקענדע פיס און זיך אַליין געשאָקעלט אהין און אהער.

אינסטינקטיוו איז ער געגאַנגען צו זיין הויז, ווי די פויגעל צו

זייערע נעסטען. צום סוף האָט ער דערקענט די טיר און גענומען צו טאַפּען מיט די הענד, אום צו געפינען דעם שלאָס און אריינצו־טהאָן דעם שליסעל. ער האָט אָבער ניט געקענט געפינען די לאָך און האָט זיך געשאָלטען אין דער שטיל. דאן האָט ער גענומען טראַסקען מיט די פויסטען אין טיר און גערופען זיין פרוי, זי זאָל איהם אריינלאָזען.

— מעלינא! העי, מעלינא!

אָבער בעת ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן טיר, אַז ער זאָל ניט אומפאַלען, האָט די טיר נאָכגעלאָזען און זיך געעפענט, און יערע־מיאס האָט פערלאָרען זיין גלייכגעוויכט, האָט זיך אויסגעצויגען און איז אריינגעפאַלען מיט'ן קאָפּ גלייך אין שטוב אריין.

און דאָ האָט ער דערפיהלט, ווי עטוואָס שווערעס איז איבער איהם אריבער און איז פארשוואונדען אין דער נאַכט אריין.

איצט האָט ער זיך מורא געהאַט צו ריהרען פון אָרט, פאַר־גליווערט פון שרעק, פון אימה'דיגער מורא פאַר טייוואָלים, פאַר געשפּענסטער, פאַר דער פינסטערניש, און איז אַזוי אָבגעלעגען אַ היבשע צייט ניט וואַגענדיג זיך אויפצוהויבען.

ווען ער האָט אָבער געזעהן, אַז מעהר ריהרט זיך גאָרנישט, איז ער ווידער אביסעל געקומען צום שכל. ער האָט אָבגעוואַרט נאָך אַ לאַנגע צייט, אָבער צום סוף האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט און אַ געשריי געטהאָן.

— מעלינא!

זיין פרוי האָט ניט געענטפערט.

דאן פּלוצים האָט אַ צווייפעל גענומען מאַטערען זיין פאַר־שיכור'טען מח, אַן אונבעשטימטער צווייפעל, אַן אונבעשטימטער פערדאַכט; ער האָט זיך מעהר ניט געריהרט, איז געבליבען זיצען אויף דר'ערד אין דער פינסטער און זיך געמאַטערט צוזאַמען צו נעה־מען זיינע געדאַנקען, וועלכע זיינען געווען אונזיכער און שוואַנקענ־דיג ווי זיינע פיס.

ער האָט ווידער געפרעגט:

— מעלינא, ווער איז דאָס געווען? זאָג עס מיר, ווער איז דאָס געווען? איך וועל דיר גאָרנישט טהאָן!

ער האָט געוואַרט, קיין שטימע האָט זיך ניט געהערט אין דער פינסטערניש.

איצט האָט ער גענומען טראַכטען און גערעדט הויך אויפ׳ן קול:

— איך בין א גולם, קיין צווייפעל, איך בין א פערד! ער האָט מיך אומישנע אָנגע׳שיכור׳ט דער לומפ! אז איך זאָל ניט קומען אהיים! איך בין א פערד!

און ער האָט ווייטער גערעדט:

— מעלינא, זאָג מיר, ווער איז דאָס געווען, אָדער עס וועט פאַסירען אן אונגליק.

ער האָט געוואַרט נאָך א ווײַלע, דאַן האָט ער פאַרטגעזעצט מיט איינגעשפּאַרטער, אייגענזיניגער לאָגיק פון א שיכור:

— ער האָט מיך פאַרהאַלטען ביי דעם דאָזיגען גנב, ביי פאָר־מעלל׳ן אָבענד נאָך אָבענד, כדי איך זאָל ניט קומען אהיים. און דעם שטעקט עפּעס, זיכער; אזא עזעל!

ער האָט זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבען אויף די קניע. א טעמ־פּער כעס האָט איהם אָנגעכאַפּט און ער האָט ווידערהאָלט:

— מעלינא, זאָג מיר ווער דאָס איז געווען, אָדער דו וועסט ביי מיר היינט קריגען, גיעב אכטונג!

איצט האָט ער זיך אינגאַנצען אויפגעשטעלט און האָט זיך געטרייסעלט פאַר רציחה, עפּעס אזוי ווי דער אַלקאָהאָל, וואָס ער האָט אין זיין לייב געהאַט, וואָלט זיך אין זיינע אָדערען אָנגעצונדען.

ער האָט געטהאָן א טריט, זיך אָנגעשטויסען אויף א שטוהל, עס א כאַפּ געטהאָן און געגאַנגען ווייטער, געטראָפען צום בעט, גע־כומען האַרט טאַפּען און דערפיהלט דעם וואַרימען קערפּער פון זיין פרוי.

דאָ איז ער געוואָרען מלא רציחה און האָט גענומען רעווען:

— א, דו ביזט דאָ, דו שטיק נבלה, און דו ענטפערסט ניט?

און ער האָט אויפגעהויבען דעם שטוהל, וועלכען ער האָט גע־האַלטען אין זיין קרעפטיגען מאַטראָזען־פויסט, און איהם א שמיץ געטהאָן מיט א מורא׳דיגען כעס.

עס האָט זיך דערהערט א געשריי פון בעט, א פערצווייפעלטער, הערצרייסענדער געשריי. דאַן האָט ער גענומען דעם שטוהל און

ווידער גענומען מיט איהם קלאפּען, נאכאנאנד, אהן אויפהער. אין בעט האט זיך מעהר קיין זאך ניט בעוועגט, דער שטוהל איז צו־בראכען געווארען אין שטיקער, איין פיסעל פון שטוהל איז נאך גע־בליבען ביי איהם אין האנד און מיט דעם האט ער זי געשלאגען אהן אן אטהעם.

דאן איז ער פּלוצים שטעהן געבליבען און געפרעגט:

— איצט וועסטו מיר שוין זאגען, ווער דאס איז? וועסט שוין זאגען?

מעלינא האט ניט געענטפערט.

דאן האט ער זיך אראבגעלאזען אויף דער ערד, א פארמאטער־טער צום טויט, אין גאנצען אהן קרעפטען, האט זיך אויסגעצויגען און איז איינגעשלאפען.

ווען עס איז טאג געווארען, איז אריינגעקומען א שכן, וועלכער האט בעמערקט די אפענע טיר. ער האט געפונען יערעמיאס שלא־פענדיג אויף דר׳ערד צווישען די שטיקלאך פון א שטוהל, און אין בעט א פארבלוטיגטען, צושלאגענעם, טויטען קערפער.



# דער פריעסטער.



אר דער טיר פון א פויערשען הויף האבען געווארט די מענער אין זייערע זונטאגדיגע בגדים. די מא־יאווע זון האט העל בעשטראהלט די בליהענדיגע עפעל בוימער, וועלכע האבען, ווי א ווייס־ראזעווער בלומען־דאך, דעם גאנצען הויף בעשאטענט.

אויפ'ן מיסט האט געדרעמעלט א מוטער־שוויין מיט א מעכטיגען לייב און גרויסע בריסט, ווערענד א גאנ־צע קופע קלייניגקע חזרים'לעך האבען זיך מיט איהר צוזאמענגע־דרעהטען עק געשפיעלט. פלוצים האט הינטער די בוימער, וועל־כע זיינען געשטאנען ארום די הויפען, גענומען קלינגען דער קיר־כען־גלאק. זיין הויכער קלאנג האט זיך לייכט געטראגען פון ווייט, ווייט, צום לאכעדיגען הימעל ארויף. שוואלבען זיינען געפלויגען, ווי פייל פונ'ם בויגען דורך דעם בלויען רוים, צווישען די הויכע, אונבעוועגליכע בוימער. פון צייט צו צייט האט זיך דער גערוך פון שטאל אויסגעמישט מיט דעם זיסען, לינדען דופט פון די עפעל־בליטהען.

איינער פון די מענער, וואס זיינען געשטאנען פאר דער טיר, האט זיך א קעהר געטהאן צום הויז און האט אויסגערו־פען:

— נו, מעלינא, מאך דאס אביסעל גיכער, עס קלינגט שוין.

דער הויכער פויער, וועמען דאס פעלד ארבייט האט נאך דעם רוקען ניט אויסגעקרימט, האט געמוזט זיין א יאהר דרייסיג אלט. אן אלטער מאן, זיין פאטער, צורונצעלט ווי דער שטאם פון א דעמב, מיט דיקע עלענבויגענס און קרומע פיס, האט גע־זאגט:

— די ווייבער זיינען קיין מאָל נישט פארטיג.

דעם אלטענ׳סביידע אנדערע זיהן האָבען אָנגעהויבען צו לאַכען און איינער האָט זיך אָבגערופען, ווענדענדיג זיך צום עלטער׳ן ברודער, וועלכער האָט פריהער זיין בעמערקונג געמאכט:

— געה זיי בעסער רופען, פּאָליט, אניט וועלען זיי פאר מיטאָג ניט ארונטערקומען.

און דער יונגער מאַן איז אריין אין זיין הויז.

אַ טשערעדע ענטלאָך געבען די פויערים זיינען זיך מיט א געפילדער צולאָפען, קלאפענדיג מיט די פליגלען, דאַן האָבען זיי זיך אַ לאָז געטהאָן מיט זייער לאַנגזאמען, וואקלענדיגען גאַנג צום טייך צו. אין דער אָפענער טיר האָט זיך בעוויזען א דיקע פרוי, מיט אַ קינד פון אכט וואכען אין איהרע אָרעמס. די ווייסע בענדער פון איהר הויכען הייבעל זיינען פון הינטען ארונטערגעהאנגען אויף איהר פייערדיג רויטער פאטשיילע. דאָס קינד, אין ווייסע ווינדלאָך איינגעוויקעלט, האָט גערוהט אויף די הענד פון דער ווארטס־פרוי.

איצט איז אויך די מוטער ארויסגעקומען, פון איהר מאַן געפיהרט. פריש, שטראַהלענדיג, קוים אכטצעהן יאָהר אלט. נאָך זיי זיינען נאָכגעגאנגען ביידע באָבעס, פערוועלקט ווי אלטע עפּעל, מיעד און אָבגענוצט פון לאַנגער, שווערער ארבייט. איינע פון זיי איז געווען אַן אלמנה. זי האָט גענומען דעם זיידען, וועלכער איז געבליבען שטעהן פאר דער טיר, אונטער׳ן אָרעם און זיך אויסגעשטעלט נאָך דעם קינד און דער העבאם אָן דער שפּיצע פון׳ם צוג. די איבעריגע קרובים האָבען זיך אויסגעשטעלט הינטער זיי. די אינגסטע האָבען געטראַגען קעסטלאָך מיט אלערליי נאַשערייען.

פון דער אנדערער זייט האָט געהאלטען אין איין קלינגען דער קליינער גלעקעל, וועלכער האָט אזוי הויך, ווי ער האָט געקאָנט, דאָס קליין עופה׳לע גערופען. דאָרף־אינגלעך זיינען זיך איבער׳ן גאַנצען וועג צוזאמענגעלאָפען, אויף די פארקאנעס און אין אלע עקען האָבען זיך געזעהן מענשען, דיענסט־מיידלעך זיינען צווישען זייערע

ביידע עמערס מילך שטעהן געבליבען, וועלכע זיי האָבען אויף דר'ערד אוועקגעשטעלט, אום דעם טויף־צוג נאָכצוקוקען.

די ווארטס־פרוי האָט שטאָלץ געטראגען איהר לעבעדיגע משא און איז געגאנגען אויפ'ן גלייכען, ארום און ארום מיט ביימער בע־פלאנצטען וועג. פייערליך זיינען די אַלטע נאָכגעגאנגען, אביסעל אָהן אָרדנונג; דאן זיינען געגאנגען די יונגע לייט, פרעהלאך, לע־בעדיג, ווי זיי וואָלטען לוסט געהאט צו טאנצען, און האָבען נאָכ־געקוקט די מיידלאך, וועלכע זיינען געגאנגען נאָך זיי. פאָטער און מוטער האָבען געטראָטען פייערליכער און ערנסטער נאָך דעם קינד, וועלכעס וועט אמאָל זייער פלאץ פערנעהמען, און וועלכעס איז בעשטימט געווארען, זייער נאָמען, דעם נאָמען דענטו, וועלכער איז ווייט און ברייט אין דער געגענד בעקאנט געווען, ווייטער צו פלאנצען.

און איצט זיינען זיי ארויס אויפ'ן פרייען פעלד און האָבען אויסגעקליבען דעם קירצערען וועג דורך די פעלדער, אום דעם לאנגען גאנג איבער דער שאָסע צו פערמיידען.

איצט האָט זיך שוין געזעהן די קירכע מיט איהר שפיציגען טורעם. פון אויבען, אונטער דעם אויסגעקרימטען דאך, האָבען זיך געפונען די קלינג־לעכער און אין זיי האָט זיך עטוואס שנעל בע־וועגט אהין און צוריק פון איין פענסטערל צום אנדערן. דאָס איז געווען דער גלאָק, וועלכער האָט נאָך אלץ געקלונגען און די עופה'לע איינגעלאדען צום ערשטען מאָל דאָס גאָטעס־הויז צו בעטרעטען.

הינטער דעם צוג איז נאָכגעלאָפען א הונד. מען האָט איהם צוגעווארפען זיסיגקייטען און ער איז פרעהלאך ארום די לייטע ארומגעשפרונגען.

די קירכע־טיר איז געווען אָפען. ביים אַלטאר האָט געווארט דער פריסטער, א הויכער, מאָגערער, קרעפטיגער, רויט־האָריגער מאָן, אויך א דענטו, און אָנקעל פונ'ם קינד, א ברודער פונ'ם פאָ־טער. ער האָט זיין פלימעניק אין דער הייליגער טויפע א נאָמען געגעבען פראָספער־צעזאר. ווען דאָס וואסער האָט דעם קינד'ס שטערן בענעצט, האָט עס אָנגעהויבען צו וויינען.

נאָכדעם ווי די צערעמאָניע האָט זיך געענדיגט, האָט די פאַמיליע געוואַרט, ביז דער פריסטער האָט זיין קירכען־קלייד אויסגעטהאָן. דאַן איז מען ווידער אוועק. איצט איז מען געגאַנגען שנעלער, מיט דעם געדאַנק וועגען דאָס עסען. א גרויסע כאַלאַסטרע קינדער זיינען נאָכגעלאָפען און יעדעס מאָל, ווען מען האָט זיי א האַנד פול צוקער־געבעקס צוגעוואָרפען, איז אַרויסגעקומען א מורא'דיגע שטופעניש און שטויסעניש מיט קלעפּ און האָרייסעניש, און אויך דער הונד האָט זיך אין דעם אַריינגעמישט, אום עטוואס פון די גוטע זאכען צו כאַפּען, נאָך אפשר אייפריגער ווי די קליינע קונדסים, הגם יענע האָבען איהם ביים עק געכאַפּט און פאַר די לאַפּעס געהאַלטען, אום איהם ניט צוצולאָזען.

די וואַרטס־פרוי, איז אביסעל מיעד געוואָרען און האָט געזאָגט צום פריסטער, וועלכער איז נעבען איהר געגאַנגען:

— ווייסט איהר וואָס, הערר פריסטער, אויב אייך מאַכט עס נישט אויס, דאַן וואָלט איהר אפשר אייער פלימעניק א ווילע פון מיר צונעהמען, אז איך זאָל קענען מיינע הענד אביסעל אויסגלייכען. איך פיהל, ווי מיר קרעמפּפּט אינ'ם בויך.

דער פריסטער האָט גענומען דאָס קינד, וועמעס וויים קליידעל האָט זיך אויף זיין שוואַרצען פריסטער־ראָק ווי א גרויסער, לייכטענדער פלעק אָבגעצייכענט. און אזוי ווי ער האָט ניט געוואוסט, ווי ער זאָל די לייכטע משא אייגענטליך האַלטען און טראָגען, האָט ער האַלב צומישט דאָס קינד א קוש געטהאָן.

אַלע האָבען זיך צולאכט און איינע פון די באבעס האָט געפרעגט פון וויימען:

— זאָג מיר אָקאָרשט, פריסטער, טהוט דיר עס דען ניט לייד, וואס דו קאָנסט קיין מאָל אזא ווערימעל ניט האָבען?

דער פריסטער האָט נישט געענטפערט. ער איז געגאַנגען מיט גרויסע טריט וויימער, זיינע אויגען אויף די בלויע אויגלאַך פונ'ם קינד געריכטעט, אין א פערלאנג איז איהם געקומען נאָך אמאָל די קיילעכדיגע בעקעלאַך צו קושען. ער האָט מעהר ניט געקאָנט וויַדערשטעהן, האָט אויפגעהויבען דאָס קינד צו זיך און איהם א לאַנגען קוש געטהאָן. דער פאָטער האָט אויסגערופען:

— נא, ברודער פריסטער, ווען דו ווילסט איינס האָבען, דאַרפסטו עס נור זאָגען.

און איצט האָט מען זיך א נעהם געטהאָן מאַכען שפּאַס, ווי עס טהוען געוועהנליך דאָרף־מענשען. אַזוי גיך ווי מען איז געזעסען ביים טיש, האָט זיך די גראָבע, פּויערשע פרעהליכקייט דורכגעריסען, ווי אַ שטורם. די ביידע אַנדערע זיהן האָבען אויך געזאָלט אין גיכען חתונה האָבען. זייערע כלות זיינען דאָ געווען, זיי זיינען צו דעם מאָלצייט אַהער געקומען. און די געסט האָבען זיך נעהאַלטען אין איין וויצלען און געבען אָנצוהערעניש אויף דעם פאַמיליען צואוואַקס, וועלכער וועט פון די דאָזיגע ביידע נייע חתונות ארויסקומען.

עס זיינען געפאַלען גראָבע, געפעפּערטע ווערטלאַך, פון וועלכע די מיידלעך זיינען רויט געוואָרען און זיך פאַר געלעכטער געשטיקט, און די מענער האָבען זיך געקאַטשעט און געהאַלטען ביי די זייטען לאַבענדיג. זיי האָבען געקלאַפּט מיט די פויסטען אָן טיש און געקוויטשעט דערצו. דער פאָטער און דער זיידע האָבען זיך גאָר ניט אויסגעשעפּט זאָגענדיג צווייידייטיגע וויצען. די מוטער האָט געשמייכעלט. די באַבעס האָבען אויך אָן אנטהייל גענומען אין דער אַלגעמיינער שמחה און זיינען אין קיין גראָבע רייד אויך נישט הינטערשטעליג געבליעבען.

דער פריסטער, וועלכען אַזעלכע פּויערשע שמחות זיינען גוט בעקאַנט געווען, האָט ניט געזאָגט קיין וואָרט. ער איז געזעסען נעבען דער וואָרטס־פּרוי און האָט געקיצעלט דעם קליינעם פּלימעניק מיט די שפּיץ־פינגער, אום איהם צו מאַכען לאַכענדיג. דער אָנבליק פון דעם דאָזיגען קליין, שוואַך נפש'ל, וועלכעס איז געווען דער זוהן פון זיין ברודער, האָט איהם קאָנטיג שטאַרק אינטערעסירט, האָט איהם געוואונדערט, ווי ער וואָלט נאָך קיין מאָל קיין קינד נישט געזעהן.

ער האָט עס אָנגעקוקט פערטראַכט, מיט אַ פער'חלומ'טען ערנסט. אַ מין אונבעקאַנטע, וואונדערליכע צערטליכקייט האָט איהם עטוואס אומעטיג געמאַכט.

ער האָט קיין זאַך ניט געהערט, ער האָט קיין זאַך ניט געזעהן. ער האָט נור בעטראַכט דאַס קינד. ער האָט ווידער לוסט געקראָגען עס צו זיך אויף די קניע צו נעהמען, ווייל ער האָט נאָך אַלץ געהאַט דעם זיסען געפיהל פון פריהער אין זיין הארצען, ווען ער האָט צוריקגעהענדיג אהיים פון קירכע דאָס קינד געטראַגען. דאָס דאָזיגע קליין, מענשליך פּנים האָט איהם בעוועגט, ווי אַ גרויס וואונדער, פון וועלכען ער האָט נאָך קיין מאָל ניט געטראַכט, אַ הייליגער, ערהאַבענער וואונדער: די פערקערפּערונג אין פלייש פון אַ נייער נשמה, דאָס גרויסע מיסטעריום פון אַ יונג לעבען, פון דער אויפגעוואַכטער ליעבע, פון דעם בלוט וואָס פלאַנצט זיך ווייטער, פון דער מענשהייט, וועלכע געהט ווייטער איהר שטענדיגען גאַנג.

די וואָרטס־פרוי האָט געגעסען מיט אַ רויט פּנים און שיינענדיגע אויגען. און דאָס קינד האָט איהר געשטערט, ווייל עס האָט איהר ענג געמאַכט ביים טיש. דאַן האָט דער פריסטער זיך צו איהר אָנגערופען:

— גיט עס צו מיר, איך בין נישט הונגעריג.

און ער האָט ווידער גענומען דאָס קינד צו זיך אויפ׳ן שוים. דאַן איז אַלצדינג ארום איהם ווי איינגעזונקען געוואָרען, אַלצדינג איז פערשוואונדען, ער האָט זיך איינגעגעסען מיט די אויגען אין דאָס דאָזיגע, רונדע פּנים׳ל און ביסלעכווייז איז די וואַרימקייט פונ׳ם קליין קערפּער׳ל דורכגעדרונגען דורך די ווינדעלאַך און דורך דאָס געוואַנד פון זיין פריסטער ראָק, האָט איהם אָנגעוואַרעמט די קניע און איהם דורכגענומען ווי אַ לייכטע, זיסע, ריינע לאַסקע, ווי עטוואָס גוטעס, מחיה׳דיגעס, פון וואָס זיינען אויגען זיינען פייכט געוואָרען.

דער ליאַרם פון די געסט איז אַלץ שטאַרקער געוואָרען. דער טומעל האָט דאָס קינד צושראָקען און עס האָט זיך צוואויינט. דאַן האָט אַ שטימע אויסגערופען:

— הער אָקאָרשט, פריסטער, גיב איהם דאָך צו טרינקען!

אַ הילכענדער געלעכטער האָט אָנגעפילט דעם צימער. אָבער די מוטער איז אויפגעשטאַנען, האָט גענומען איהר זוהן און איהם

אוועקגעטראָגען אין צווייטען צימער. אין אַ פּאָר מינוטען איז זי צוריקגעקומען און ערקלעהרט, אז עס שלאָפט רוהיג אין זיין וויגעל.

דער מאָהלצייט איז אָנגעגאנגען ווייטער. מענער און פרויען זיינען פון צייט צו צייט אויפ'ן הויף ארויס, זיינען דערנאָך צו־ריקגעקומען און זיך ווידער צום טיש געזעצט. פליישׁ, גרינסען, סיידער און וויין זיינען פערשלונגען געווארען, האָבען די בייכער אָנגעפילט, די אויגען צוברענט און די קעפּ אָנגעצונדען.

ווען עס איז דונקעל געווארען, האָט מען קאַפע געטרונקען. דער פריסטער איז שוין פון אַ צייט לאַנג פערשוואונדען געווארען און קיינער האָט זיין אַבוועזענהייט נישט בעמערקט.

צום סוף איז די יונגע מוטער אויפגעשטאַנען אום נאָכצוזעהן, אויב דער קליינער שלאָפט נאָך. דערווייל איז שוין פינסטער גע־ווארען. טאַפּענדיג מיט אויסגעשטרעקטע הענד, אום זיך ניט אָנ־צושטויסען אָן די מעבעל איז זי אין צימער אריין. אָבער עפּעס אַ מערקווירדיגער גערויש האָט זי פּלוצים אָבגעשטעלט און אַ צושראָקענע האָט זי זיך אַ כאַפּ געטהאָן צוריק — עפּעס אימע־צער האָט זיך אין צימער בעוועגט, אין דעם איז זי געווען גאַנץ זיכער. אַ בלייכע, ציטערנדיג מיט אַלע גליעדער, האָט זי זיך אין גרויסען צימער צוריקגעקעהרט און די געשיכטע דערצעהלט. דאָ זיינען די מענער, גוט אָנגעסנאָסקעטע, אויפגעשטאַנען מיט אַ טומעל און געפּילדער, אָנגעהמענדיג אַ סטראַשענדיגען אויסזעהן, און דער פאָטער, מיט אַ לאָמפּ אין האנד, איז אוועק אין פאָר־אוים.

דער פריסטער איז פאַר דעם וויעג אויף די קניע געשטאַנען, דעם שטערן צום קישען צוגעפּרעסט, וואו דער קאָפּ פון דעם קינד האָט גערוהט, און האָט געשלוכצט אויפ'ן קול.



# קאַקאָ



ין דער גאַנצער געגענד האָט מען לוקא׳ס הויף גע־רופען „דער הויף׳ל“. פאַר וואס מען האָט איהם אזוי גערופען האָט קיינער ניט געוואוסט, עס קען זיין, אז די פויערים האָבען איהם אזוי פערצויגען, ווייל ער איז געווען דער רייכסטער און שעהנ־סטער אין דער גאַנצער געגענד.

דער גרויסער הויף איז געווען ארומגערינגעלט מיט פינף ריי־הען פראַכטפאָלע בוימער, וועלכע האָבען בעשיצט די צאַרטע עפּעל בוימער פון די שטאַרקע ווינטען, וואס זיינען געקומען פון די פעל־דער.

פון אינוועניג אין הויף האָבען ארויסגעקוקט לאַנגע שייערן בעדעקט מיט ציעגעל פאַר די תבואות, שעהנע, גרויסע שטאַלען פאַר דרייסיג פערד, דאַן א הויז פון רויטען ציעגעל געבויט, ווי א קליינער שלאָס.

דער הויף איז געהאַלטען געווארען אין אָרדנונג, וואכטהינט זיינען געלעגען אין זייערע שטיבלעך, עופות פון אלע מינים האָ־בען זיך ארומגעטריבען אין הויכען גראָז.

ארום מיטאג צייט האָבען זיך אין קיך, ארום דעם לאַנגען טיש, אויסגעזעצט ביי א פופצעהן מענשען, בעלי־בתים, קנעכט און דיענסטען. דאָרט האָט מען זיי דערלאַנגט א שמעקעדיגע זופּ אין א גרויסער, בונטער פאָרצעלייענער שיסעל.

די בהמות, פערד , שאָף, קיה, זיינען גוט און ריין געהאַלטען געווארען און דער פויער לוקאס, א הויכער, בעלייבטער מאַן, איז דריי מאָל א טאָג געקומען אַלעס בעקוקען, האָט אויף אַלעם אליין אכטונג געגעבען און וועגען אלעם אליין געזאָרגט.

אין שטאַל האָט זעהר אַן אַלטער, ווייסער פערד געקראַגען אומזיסט עסען. די בעל הבית'טע פונ'ם הויף האָט איהם צוגע־זאָגט צו קאַרמענען ביז זיין טויט, ווייל זי האָט איהם אַליין אויס־געהאָדעוועט, איז שטענדיג אויף איהם געפאָהרען און אַ סך עראינגע־רונגען זיינען געווען מיט איהם פערבונדען.

אַ אינגעל פון אַ יאָהר פופצעהן, איזידאָר דוואָל, וועלכען מען האָט גערופען איינפאַך צידאָר, האָט אכטונג געגעבען אויף דעם אַלטען פערד, און האָט איהם געגעבען ווינטער זיין מאָס האָ־בער און היי, און זומער האָט ער געמוזט געהן מיט איהם פיער מאָל אַ טאָג אין פעלד, וואו ער האָט געקראָגען מעהר ווי גענוג פרישע גרינס צו קייען.

דער שוואַכער, אַלטער פערד האָט קוים געקענט שלעפען זיינע שווערע פיס. די פעל, וועלכע מען האָט איהם שוין מעהר ניט אונטערגעשאָרען האָט אויסגעזעהן ווי ווייסע האָר, און די זעהר לאַנגע ברעמען האָבען די אויגען צוגעגעבען עפּעס טרויעריגעס.

ווען צידאָר האָט איהם געפיהרט זיך פאַשען אין פעלד, האָט ער איהם געמוזט שלעפען אויף אַ שטריק, וואָרים ער איז געגאַנגען זעהר לאַנגזאַם און דער אינגעל איז פערסאַפּעט געוואָרען, האָט זיך אויסגעבויגען, נאָכאַנאַנד געזידעלט און איז געווען מלא רציחה, וואָס ער דאַרף אַכטונג געבען אויף דער דאָזיגער אַלטער קליאַטשע.

די לייטע אין הויף, וועלכע האָבען געוואוסט פונ'ם אינגעל'ס כעס אויף דעם אַלטען קאַקאָ, האָבען פון איהם געלאַכט און כדי איהם צו ערגערן האָבען זיי שטענדיג גערעדט פון צידאָר'ס אַלטע פגירה. די חברים זיינע האָבען איהם אויך אויסגעלאַכט. און אין גאַנצען דאַרף האָט מען איהם איצט גערופען קאַקאָ־צידאָר.

דער אינגעל איז געווען אויסער זיך און איהם איז אריין אַ געדאַנק זיך אָבצורעכענען מיט'ן פערד. ער איז געווען אַ מאָגערער, אויסגעצויגענער אינגעל, מיט לאַנגע פיס, זעהר אַ שמוציגער, מיט געדיכטע, האַרטע, רויטע האָר. ער האָט אויסגעזעהן נאַריש, זיך פאַראיקעט און גערעדט מיט גרויס מיה, עפּעס אַזוי ווי געדאַנ־קען און געפיהלען וואָלטען ניט געפונען קיין פּלאַץ אין זיין טעמ־פּער און פערגרעבטער נשמה.

ער האָט זיך שוין לאַנג געוואונדערט, וואס די בעל הבתים האַלטען נאָך קאַקאַ'ן און ער איז געווען אויסער זיך זעהענדיג, ווי אזוי פיעל גוטס און מיה ווערט פערברויכט פאר אזא אלטע, אונ־נוציגע קליאַטשע. אזוי לאַנג, ווי עס ארבייט מעהר ניט, איז אַן עולה וואס מען קאָרמעט עס.

עס האָט איהם שטארק פערדראָסען, וואס מען וואַרפט ארויס אזוי פיעל האָבער, פאר דעם אַלטען, האַלב געלעהמטען פערד. און אָפט האָט ער געגען דעם בעפעהל פון בעל הבית איינגעקארגט אביסעל פונ'ם פערד'ס שפייז און איהם געגעבען בלויז א האַלב מעסטעל און די היי אין גאנצען פערשפּאָרט.

און אין זיין טעמפּער, קינדישער נשמה איז געוואקסען א בייזער כעס צום פערד, א ברוטאַלער, פייגער, פויער'שער האַס.

* *

*

און ווען דער זומער איז ווידער געקומען, האָט ער ווידער געמוזט שלעפּען דאָס פערד זיך פּאַשען ווייט, ווייט אין פעלד אריין; און פון טאָג צו טאָג איז דער איינגעל אַלץ בייזער, אַלץ צורייצטער געוואָרען און האָט מיט לאַנגזאַמע טריט געשלעפּט הינ־טער זיך דאָס פערד דורך די פעלדער.

די מענשען, וועלכע האָבען דאָרט געאַרבייט, האָבען גע־שריען צו איהם מיט א געלעכטער:

— העי, צידאָר, גיב אָב פון מיר א גרוס צו קאָקאָ'ן!

ער האָט ניט געענטפערט, אָבער פערבייגעהענדיג, האָט ער פון ערגעץ אָבגעבראַכען א שטעקען און אזוי גיך ווי ער האָט דעם אַלטען פערד אָנגעבונדען האָט ער איהם געלאָזען זיך פּאַ־שען. דאַן איז ער צו איהם צוגעקומען פון הינטען, ווי א פייג־לינג, און איהם גענומען שלאָגען.

די חיה האָט פּרובירט אנטלויפען, האָט געזוכט אויסצומיידען די קלעפּ און איז געלאָפען ארום און ארום דעם שטריק. אָבער דער איינגעל איז געלאָפען הינטער איהם און האָט איהם געשלאָ־גען מיט כעס, מיט רוגזה, קריצענדיג מיט די צייהן.

דערנאָך איז ער לאַנגזאַם געגאַנגען ניט ארומקוקענדיג זיך

אהינטער, בעת דאָס פערד, א פערמאטערטער, א פערסאָפּעטער פונ'ם לויפען, האָט איהם נאָכגעקוקט מיט זיינע אַלטע אויגען. און ערשט דאַן, ווען די בלויע בלוזע פונ'ם פויער'שען אינגעל איז אין גאַנצען פערשוואונדען, האָט ער ארונטערגעלאָזען זיין ביינערדיגען, ווייסען קאָפּ צום גראָז אראָב.

אזוי ווי די נעכט זיינען איצט געווען ווארימע, האָט מען קאָקאָ'ן געלאָזען נעכטיגען אין דרויסען הינטער'ן וועלדעל, נור צידאָר האָט געדארפט אויף איהם אכטונג געבען.

דער אינגעל האָט געהאט נאָך א פערגעניגען דערפון וואָס ער האָט אויף דער חיה געוואָרפען שטיינער. ער האָט זיך געזעצט צעהן טריט ווייט פון איהר, אויף א בערגעל, און שעה'ן ווייז איז ער אזוי דאָ אָבגעזעסען, ווארפענדיג פון צייט צו צייט א שפּיצען שטיין אויף דער קליאטשע, וועלכע איז געשטאַנען א צוגעבונדענע פאַר דעם שונא, האָט נאָכאַנאַנד געקוקט אויף איהם און ניט געוואגט אַנצוריהרען דאָס גראָז, ביז וואנען ער איז ניט אוועקגעגאַנגען.

איין געדאנק האָט זיך איינגעבויערט ביים אינגעל אין קאָפּ:

— צו וואָס דארף מען האָדעווען אַ פערד, וועלכער טויג מעהר צו קיין זאַך ניט?

איהם האָט זיך געדאכט, אז די דאָזיגע אַלטע קליאטשע גנב'עט איהר עסען ביי אַנדערע, גנב'עט דאָס אייגענטהום ביי די מענשען, ביי גאָט, בע'גנב'עט אפילו איהם, צידאָר'ן, ווייל ער מוז דאַך ארבייטען צוליעב איהר.

און אָט האָט דער אינגעל זיך מישב געווען און גענומען פון טאָג צו טאָג קלענער מאכען דאָס שטיקעל פעלד, וועלכער איז אָבגעגעבען געוואָרען פאַר'ן פערד, זיך דארט צו פּאַשען. געוועהנליך האָט דער פערד איבער'ן טאָג אויפגעגעסען דאָס גראָז פונ'ם שטיקעל פעלד, וואו ער איז געווען אָנגעבונדען. אויפ'ן צווייטען טאָג האָט צידאָר איהם געמוזט אָנבונדען א שטיק ווייטער, וואו דאָס גראָז איז נאָך ניט געריהרט געוואָרען. ער האָט איהם אַלזאָ אָנגעבונדען ניט גענוג ווייט, אז ער זאָל האָבען גענוג צו עסען און דער

אַלטער פערד האָט גענומען פאַסטען, איז געוואָרען מאָגער און שוואַך.

צו שוואַך אום זיך אָבצורייסען, האָט ער אויסגעצויגען זיין קאָפּ צו די הויכע גרינע גראָז, וואס איז געווען אזוי נאָהענט, וועמעס שמעקעדיגער גערוך האָט זיך געטראגען איהם אנטקעגען און צו וועלכער ער האָט בשום אופן ניט געקענט צוקומען.

פּלוצים אין איין שעהנעם פריהמאָרגען איז צידאר געפאַלען אויף א פּלאַן. ער וועט קאָקאָ'ן מעהר אין גאַנצען ניט איבער־בינדען. עס האָט איהם שוין דערעסען צו לויפען אזא מהלך צוליעב דער אַלטער, אונניציגער קליאַטשע. ער וועט אין גאַנצען אויפהערען אויף איהר אַכטונג צו געבען.

אָבער ער איז דאָך געקומען, אום מיט זיינע אייגענע אויגען צו זעהן די נקמה. די אויסגעהונגערטע קליאַטשע האָט איהם אָנ־געקוקט אונרוהיג. צידאר האָט איהר דאָס מאָל ניט געשלאָגען. פערלעגט די הענד אין די קעשענעס, איז ער ארומגעגאנגען ארום און ארום. ער האָט זאָגאר געמאַכט אן אָנשטעל, אז ער וויל זי אי־בערשטעלען אויף א נייעם פּלאַץ, האָט אָבער אויפגעהאנגען דעם אייזערנעם רינג וואו ער איז פריהער געווען און איז אוועק בעגייס־טערט פון זיין ערפינדונג.

זעהענדיג, אז ער געהט אוועק, האָט דאָס פערד גענומען היר־זשען, עפּעס אזוי ווי רופענדיג איהם צוריק; אָבער דער אינגעל האָט זיך געלאָזט לויפען, איבערלאָזענדיג איהם אַליין, גאַנץ אַליין אין מיט'ן פעלד, אָנגעבונדען אויף איין פּלאַץ און אָהן א גרעזעלע ארום, צו וועלכע ער זאָל קענען צוקומען.

אין זיין הונגער האָט דער פערד פּרובירט צוקומען צו דעם פעטען גראָז, וועלכעס ער האָט געקענט אָנריהרען בלויז מיט די שפּיצען פון זיינע נאָזלעכער, ער האָט זיך געלעגט אויף די קניע, האָט אויסגעצויגען דעם האלז און אויסגעשטרעקט אהין זיינע גרוי־סע, פייכטע לעפצען, אָבער אומזיסט! א גאַנצען טאָג האָט זיך די אַלטע קליאַטשע אומזיסט געמאַטערט.

דער הונגער האָט איהם געפּלאָגט און איז געווארען אַלץ

שטאַרקער און שטאַרקער צוליעב דעם אָנבליק פון די גרינע פעל־דער, וועלכע האָבען זיך געצויגען אַרום און אַרום.

דעם טאָג איז דער אינגעל אין גאַנצען ניט געקומען. ער איז אַרומגעלאָפען איבער'ן וואַלד און געזוכט נעסטען.

ער איז געקומען ערשט אויפ'ן צווייטען טאָג. דער פערד האָט זיך אין גאַנצען אַרויסגעשלאָגען פון די כחות און האָט זיך אוועק־געלייגט. ווען ער האָט דערזעהן דעם אינגעל, האָט ער זיך אויפ־געהויבען און געוואַרט, יענער זאָל איהם אויף אַ נייעם שטיק פעלד אָנבינדען. אָבער דער קליינער פויער'שער אינגעל האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט, ער האָט אָנגעקוקט די קליאַטשע, אַ וואָרף גע־טהאָן איהר אין קאָפּ אַ פולע האַנד פייכטע ערד און איז אוועק פייפענדיג.

די קליאַטשע איז געבליעבען שטעהן אַזוי לאַנג ווי זי האָט נאָך געקענט זעהן דעם אינגעל. אַזוי ווי זי האָט מסתמא געפיהלט, אַז איהר מאַטערן זיך צו כאַפּען אַ גרעזעלע איז אומזיסט, האָט זי זיך ווידער אויסגעצויגען אויף דער ערד און צוגעמאַכט די אויגען.

אויפ'ן צווייטען טאָג איז צידאַר ווידער ניט געקומען, און ווען ער איז אויפ'ן דריטען טאָג צוגעקומען נאָהענט צו קאַקאַ'ן, וועל־כער איז געלעגען אויסגעצויגען אין דער לענג אויף דר'ערד, האָט ער ענטדעקט, אַז דער פערד איז טויט.

ער איז געבליבען שטעהן, האָט בעטראַכט דעם פערד, אַ צו־פריעדענער מיט זיין אויפטהו און אביסעלע פערוואונדערט, וואָס דער סוף איז געקומען אַזוי שנעל. ער האָט איהם אָנגעריהרט מיט'ן שוך, האָט אויפגעהויבען איינע פון זיינע פיס, עס געלאָזט צוריקפאַלען, דאַן האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפ'ן פערד און איז אַ צייט לאַנג געזעסען, קוקענדיג פאַר זיך אויף דאָס גראָז און טראַכטענדיג.

ער איז צוריקגעגאַנגען אין הויף אַריין, אָבער ער האָט גאָר נישט געזאָגט; ער האָט געוואָלט זיין פריי און זיך אַביסעל דורכ־לויפען אין די שטונדען, ווען ער האָט געדאַרפט פיטערן דעם פערד.

אויפ'ן צווייטען טאָג איז ער אַוועק אויף איהם אַ קוק טהאָן. די וואָראָנעס זיינען זיך צופלויגען, ווען ער איז צוגעקומען נעהנ־

טער. פליעגען אַהן אַ צאָהל האָבען ארום שפּאַציערט איבער'ן טויטען קערפּער און געזשווזשעט און געהווזשעט.

ווען ער איז דאָס מאָל אהיים געקומען, האָט ער דערצעהלט, וואָס עס איז געשעהן. דער פערד איז געווען אזוי אַלט, אַז קיינער האָט זיך ניט געוואונדערט, נור דער בעל הבית האָט געזאָגט צו צוויי ארבייטער:

נעהמט אַ פּאָר לאָפּעטעס און גראָבט איהם אוים אַ גרוב דאָרט וואו ער געפינט זיך איצט!

די ארבייטער האָבען בעגראָבען דעם פערד אויפ'ן זעלבען פּלאַץ וואו ער איז געשטאָרבען פאַר הונגער.

און דאָס גראָז איז אויסגעוואַקסען געדיכט, גרין, זאַפטיג, פעט געמאַכט דורך דעם אָרימען קערפּער.



# פריינד פּאַשענס

—— ווייסטו וואָס עס איז געוואָרען פון לערעמי?
—— ער איז אַ קאַפּיטאַן ביי די דראַגונער.
—— און פּינזאָן?
—— אונטערפּרעפעקט.
—— און ראַקאַלעט?
—— טויט.

—— מיר האָבען געזוכט נאָך אַנדערע נעמען, וועלכע האָבען אונז דערמאָהנט אָן יונגע פּנים׳ער מיט קעפּקעס אויף די קעפּ און גאָלדענע לאַמפּאַסען אויף די קראַגענס. אין אַ געוויסער צייט ארום האָבען מיר געטראָפען איינִיגע קאַמעראַדען: זיי זיינען גע־ווען פּליכעוואַטע, מיט בערד, פערהייראַט, פאָטערס פון עטליכע קינדער. דאָס האָט ארויסגערופען ביי אונז אומעדיגע געדאַנקען איבער דער קורצקייט פון׳ם לעבען, איבער דער פערגאַנגענער יוגענד און דעם לויף פון דער צייט.

מיין פריינד האָט געפרעגט:

—— און פּאַשענס, דער דיקער פּאַשענס?

איך האָב זיך הויך צולאַכט און אויסגערופען:

—— אָט דער! טאָ הער אויס. איך וועל דיר וועגען איהם דערצעהלען. פאַר פינף יאָהרען בין איך אלס אינספּעקטאָר גע־פאָהרען קיין ליסאָגעס. איך האָב געדאַרפט איבערוואַרטען די מיטאָג־שטונדע און בין געזעסען אין׳ם גרויסען קאַפע אויף דעם טעאַטער פּלאַץ. איך האָב זיך שרעקליך געלאַנגווייליגט. די גע־שעפטסלייט זיינען געקומען און געגאַנגען זאַלבענאַנד, זאַלבע דריט, זאַלבע פערט, האָבען געטרונקען אַבסינטי אָדער אַן אַנדער גע־טראַנק, האָבען גערעדט אין דער הויך פון זייערע געשעפטען, פון פרעמדע, האָבען געלאַכט און זיך געוויצעלט.

איך האָב זיך געפרעגט: וואָס הייבט מען אָן צו טהאָן נאָכ'ן עסען? און איך האָב געטראכט וועגען דעם לאַנגען אָבענד, וואס איך וועל מוזען פארברענגען אין דער קליינער פּראָווינץ שטעדטעל, וועגען דעם אומעדיגען שפּאַציער דורך די אונבעקאַנטע גאַסען, וועגען דער דריקענדער שטימונג, וואָס בעפאלט דעם איינזאַמען רייזענדען ביים אַנבליק פון די אַלע אונבעקאַנטע, פרעמדע פאַר־בייגעהער. פרעמדע אין יעדער קלייניגקייט: דורך דעם קליינ־שטעדטעלדיגען שניט פון זייערע רעק, פון זייערע היט, זייערע הויזען, דורך אַלע זייערע געוואָהנהייטען, דורך לאָקאַלע אויסדריקע. אַלעס ארום זעהט אוים אַזוי אומעדיג, אַזוי טרויעריג, די הייזער, די קראָמען, די גאַסען, די קארעטען, דער בעזונדערער ליארם צו וועלכען מען איז ניט געוואָהנט — און עס טרייבט אייך צוריק אין דעם העסליכען האָטעל, אין אייער צימער, וואו עס שפּירען זיך טויזענד פּאַרדעכטיגע גערוכען, מיט דער בעט אין וועלכער עס ווילט זיך אייך אַזוי ניט אריינלייגען און דער וואַש־שיסעל, אויף וועלכער עס קלעפּט נאָך עפּעס אימיצענס אַ האָר.

וועגען דעם אַלעמען האָב איך געטראַכט, בעת איך האָב גע־זעהען ווי מען צינדט אָן די גאַז לאַנטערנעס. און וואָס דונקעלער עס איז געוואָרען, אַלץ איז דער געפיהל פון איינזאַמקייט אין מיר שטאַרקער געוואָרען. וואָס זאָל איך טהאָן נאָכ'ן עסען? איך בין געוועזן אליין, גאַנץ אליין. שרעקליך אומעדיג...

דאָ האָט זיך עפּעס אַ דיקער חברה'מאַן אוועקגעזעצט אויף אַ דערבייאיגען טישעל און באַשטעלט מיט אַ הויך קול:

— קעלנער, מיין ביטערן!

דאָס וואָרט „מיין" האָט ארויסגעקלונגען פון דעם זאַץ, ווי אַ שאָס פון אַ קאַנאָנע. און גלייך האָב איך באַמערקט, אַז אַלעס גע־הערט איהם, איהם אליין און קיין אַנדערען. ער האָט געהאַט זיין כאַראַקטער, זיין אַפּעטיט, זיינע הויזען, זיינע... איך ווייס אויך ניט וואָס. אַלעס איז געוועזן אין גאַנצען זיינע. וואָס אַלעס, ווייס איך ניט, אָבער אַזאַ איינדרוק האָט ער געמאַכט.

ער האָט געקוקט ארום זיך מיט אַ צופריעדענער מינע. מען האָט איהם געבראַכט זיין ביטערען, און ער האָט אויסגערופען:

— מיין צייטונג!

איך האָב אַ טראַכט געטהאָן: עס איז אינטערעסאַנט צו זע־הען, וואָס איז זיין צייטונג?

אָן איהר וועל איך זיכער דערקענען זיין מיינונג, זיינע טהע־אָריען, זיין אַרט דענקען און זיינע נאַרישע אידעען.

דער קעלנער האָט געבראַכט דעם „טעמפּס“. איך בין גע־וואָרען ערשטוינט, פּאַרוואָס גראַדע דעם „טעמפּס“, דאָס דאָזיגע ערנסטע, טרויעריגע, וויכטיגע, באַלעהרענדע צייטונג. און איך האָב ביי זיך געטראַכט:

— ער איז אַלזאָ אַ מענש ווי אַלע מענשען, אַ קלוגער מיט ערנסטע אַנשויאונגען און רעגעלמעסיגע געוואָהנהייטען — קורץ, אַ גוטער בירגער.

ער האָט אָנגעטהאָן אַ גאָלדענע פּאָאַר ברילען, האָט זיך אָנ־געשפּאַרט ברייטלאַך אָן זיין שטול און איידער ער האָט גענומען לעזען, האָט ער ווידער געוואָרפען אַ בליק ארום זיך. ער האָט מיך דערזעהען און גענומען מיך אָנקוקען שאַרף און פּיינליך. איך האָב איהם שוין געוואָלט פרעגען, אויב ער פערלאַנגט עפּעס פון מיר, ווען ער האָט אַ געשריי געטהאָן צו מיר פון זיין פּלאַץ:

— דער טייפעל זאָל מיך נעהמען! דו ביסט דאָך בערטראַנד לאַרדאָים!

איך האָב געענטפערט:

— געוויס, איהר האָט ניט קיין טעות.

דאָ איז ער פלוצים אויפגעשטאַנען, איז צוגעקומען צו מיר און מיר אויסגעשטרעקטביידע הענט אַנטקעגען.

— וואָס מאַכסטו, אַלטער, ווי געהט עס דיר?

איך בין געוואָרען אביסעל צומישט, ווייל איך האָב איהם ניט געקענט און איך האָב ארויסגעשטאַמעלט:

— גאַנץ גוט... גאַנץ גוט... און... איך?

ער האָט זיך צולאַכט:

— ווי עס שיינט, דערקענסטו מיך נישט!

— ניין, ניט אין גאַנצען... עפּעס בעקאַנט... אָבער...

ער האָט מיר אַ קלאַפּ געטהאָן אין פּלייצע:

— מאַך ניט קיין אָנשטעל. איך בין פּאַשענס, ראָבערט פּאַ־שענס, דיין אַלטער קאַמעראַד.

ערשט איצט האָב איך איהם דערקענט. ווירקליך, ראָבערט פּאַשענס, מיט וועלכען איך בין געזעסען אויף איין באַנק אין דער שולע. איך האָב געדריקט זיין האַנד, וועלכע ער האָט צו מיר אויסגעשטרעקט.

— נו, איז וואָס מאַכסטו, ווי געהט עס דיר?

— מיר? אויסגעצייכענט.

ער האָט אַ צופריעדענעם שמייכעל געטהאָן און געפרעגט:

— וואָס טהוסטו עפּעס דאָ?

איך האָב איהם דערצעהלט, אַז איך רייז אַלס אינספּעקטאָר.

ער האָט געזאָגט, אָנווייזענדיג אויף מיין אָרדען, וואָס איך האָב געטראָגען אין קנאָפּ־לאָך.

— דיר איז, ווי עס שיינט גאַנץ גוט געגאַנגען.

— איך האָב געענטפערט:

— ניט שלעכט. און דיר?

— אָ, מיר, אויסגעצייכענט!

— וואָס טהוסטו דען?

— איך בין אַ סוחר.

— האָסטו אַ סך געלד פאַרדיענט?

— אָה, זעהר אַ סך. איך בין זעהר רייך. אָבער קום מאָרגען נאָך מיר, מיר וועלען צוזאַמען פריהשטיקען. מאָרגען אין דער פריה. איך וואָהן אין קראַהאָן גאַס, נומער 17. דו מוזט זעהען מיין וואָהנונג.

ער האָט געשיינט אַ ווײַלע נאָכצוטראַכטען. דאַן האָט ער ווייטער גערעדט:

— ביזט נאָך אַלץ דער אַלטער, וואוילער יונג, ווי אַמאָל?

— איך האָף אַזוי!

— דו ביזט דאָך ניט פערהייראַטה?

— ניין.

— דאָס איז גוט. און דו פאַרשטעהסט דאָך נאָך אַ שפּאַס?

די אַרט פון זיין רעדען האָט מיר אויסגעזעהן זעהר גראָב, דאָך האָב איך געענטפערט:

— געוויס!

— און שעהנע מיידלאך?

— נו, דאָס אודאי.

ער האָט זיך צופריעדען צולאַכט.

— דאַן איז גוט! דאַן איז גוט! געדענקסטו נאָך וואָס מיר האָבען אָנגעגעבען אין באָרדעאַק, ווען מיר האָבען געמאַכט דעם פרויען פעסט ביי ראופיע? דאַן האָבען מיר געלעבט א טאָג!

און איך האָב זיך ווירקליך דערמאָהנט אָן דער דאָזיגער הו־ליאַנקע. די עראינערונג אָן דעם האָט מיך פרעהלאך געמאַכט; עס זיינען מיר געקומען אויפ'ן זינען געוויסע קלייניגקייטען פון יענער צייט, און איך האָב געזאָגט:

— געדענקסטו נאָך, ווי מיר האָבען אונזער לעהרער אין קע־לער פאַרשפּאַרט?

ער האָט זיך צולאַכט, א זעץ געטהאָן מיט'ן פויסט אָן טיש און געזאָגט:

— יאַ, יאַ, יאַ! און דער פּראָפעסאָר מארין... געדענקסט, דער וואָס האָט אונז געלערנט געאָגראַפיע, מיט איהם האָבען מיר אויך געגוג שפּאַס געהאַט.

אָבער פּלוצים האָב איך איהם געפרעגט:

— ביזטו פאַרהייראַטה?

ער האָט אויסגערופען:

— שוין זייט צעהן יאָהר, מיין אַלטער! און איך האָב פיער קינדער. גרויסאַרטיגע קינדער! אָבער דו וועסט זיי שוין מאָר־גען זעהן און זייער מוטער אויך.

מיר האָבען גערעדט זעהר הויך. פון די אַרומיגע טישלאַך האָט מען זיך אומגעדרעהט און אונז פאַרוואונדערט אָנגעקוקט. פּלוצים האָט מיין פריינד א קוק געטהאָן אויף זיין זייגער, א מאַשען־בראָנאָמעטער, גרויס ווי א קירבים, און האָט אויסגערופען:

— צום טייפעל! איך מוז אוועק. אין אָבענד קען איך מיט דיר ניט פאַרברענגען.

ער איז אויפגעשטאנען, גענומען מיינע ביידע הענד, זיי גע־טרייסעלט אזוי ווי ער וואלט מיר וועלען זיי אויסברעכען און געזאגט:

— אלזא, מארגען פריה, גערענק זשע!

— מארגען פריה!

* * *

יענעם פריהמארגען בין איך געווען פארנומען ביים גענעראל־קאלעקטאר. ער האט מיך געוואלט פערהאלטען ביי זיך צום פריה־שטיק, אבער איך האב איהם געזאגט, אז איך האב שוין צוגעזאגט מיינעם א פריינד צו עסען מיט איהם.

אזוי ווי ער האט סיי ווי געדארפט אוועקגעהן, האט ער מיך בעגלייט.

איך האב איהם געפרעגט: ווייסט איהר וואו די קראהאן גאס געפינט זיך?

ער האט געענטפערט:

— געוויס, עס איז פינף מינוטען גאנג פון דאנען. איך וועל אייך צופיהרען, איך האב איצט נים וואס צו טהאן. — און מיר זיינען אוועק.

באלד בין איך צוגעקומען צו יענער גאס. זי איז געווען ברייט, שעהן און האט זיך געפונען אויפ'ן גרענעץ צווישען שטאדט און פרייען פעלד.

איך האב א קוק געטהאן אויף די נומערען פון די הייזער און באלד האב איך דערזעהן דעם נומער זיעבעצעהן. עס איז געווען א גרויסע געביידע מיט א גארטען פון הינטען. דער פאסאד, בע־פארבט אויף דעם איטאליענישען שטייגער, האט מיר אויסגעזעהן פראסט און אהן געשמאק. געמינען זיינען דא געווען אויסגעמאה־לען מיט גרויסע קרוגען און אנדערע ווידער, וועמעס געהיימע שעהנהייטען עס זיינען פארדעקט געווארען מיט א וואלקען. צוויי שטיינערנע אמורעטען האבען אונטערגעהאלטען דעם נומער.

איך האב געזאגט צום גענעראל אינספעקטאר.

— אט דא וויל איך אריינגעהן.

און איך האב איהם דערלאנגט די האנד. ער האט [illegible]

עפּעס א מאָדנע, קורצע בעוועגונג, האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט און מיר א דריק געטהאָן די האַנד, וועלכע איך האָב צו איהם אויסגעשטרעקט.

איך האָב אָנגעקלונגען. א מיידעל איז ארויס. איך האָב געפרעגט:

—איז הערר פּאַשענס אין דער היים?

זי האָט געענטפערט:

— יא. ווילט איהר רעדען מיט איהם אליין?

— געוויס.

דער פּאָרזאל איז אויך געוועזן צושמירט פון עפּעס א מאָלער פון דער קליין שטעדטעל. פּאול און ווירגיניא האָבען זיך ארומד גענומען אונטער פּאַלמען, בעשטראהלט פון ראָזאָווען ליכט. א געשמאַקלאָזע אָריענטאַלישע לאַטערנע איז געהאַנגען אויף דעם סופיט, פיעלע פון די טירען זיינען אויך געוועזן אויסגעמאָלען מיט שרייענדיגע פארבען.

אָבער וואָס מיר איז אויפגעפאַלען מעהר ווי אלסדינג, איז געוועזן דער גערוך. אזא פּאַרפיום גערוך, אז עס האָט אָנגעכאַפּט א חלשות, עפּעס א מין געמישאכץ פון פּודער מיט פאַרשימעלטען קעלער. די לופט איז דאָרט געוועזן עפּעס ווי פאַררויכערט, שווער און דריקענד. איך בין נאָכגעגאַנגען דער מיידעל אויף מאַרמאָרנע טרעפּ אויסגעלייגט מיט אַן אָריענטאַלישען קאַוויאָר און זי האָט מיך אריינגעפיהרט אין א גרויסען זאַאל.

איך בין געבליבען אליין און זיך ארומגעקוקט.

דער צימער איז געוועזן רייך מעבלירט, אָבער גרעל און שרייענדיג, אז עס זאָל זיך ווארפען אין די אויגען. צייכנונגען פון פאָריגען יאָהרהונדערט — איבריגענס גאַנץ שעהנע — האָבען פּאַרגעשטעלט פרויען מיט א הויכער געפּודערטער פיגור. זיי זיינען געוועזן האַלב נאַקעט און מענער האָבען זיי איבערראַשט אין אינטערעסאַנטע פּאָזען. אויף א צווייטען בילד איז א פרוי געלעגען אין א ריעזיג גרויסער בעט, א הונד נעבען איהר איינגעגראָבען אין די קישען. א דריטע האָט זיך האַלב געוועהרט געגען איהר געליעבטען, וועמעס האַנד האָט פאַרבלאָנדזשעט אונטער איהרע קליי-

דער. אויף איין צייכנונג האָט מען געזעהן פּיער פּים, די קערפּער זיינען געווען בעהאַלטען הינטער א פּאָרהאַנג. דער גרויסער צי־מער איז געווען פול ארום און ארום מיט גרויסע, ווייכע דיוואַנען און אין גאַנצען דורכגעווייקט אין יענעם מאָדנעם גערוך, וועלכער איז מיר שוין פריהער אויפגעפאַלען. אַלעם ארום, די ווענד, די שטאָפען, דער שרייענדיגער לוקסוס האָבען געהאַט אין זיך עפּעס פארדעכטיגעס.

איך בין צוגעגאַנגען צום פענסטער, כדי ארויסצוקוקען אין גאָרטען, וואָס זיינע בוימער האָב איך נאָך פריהער בעמערקט. ער איז געווען זעהר גרויס, פראַכטפאָל, מיט א סך שאָטען. א גרויסער וועג האָט געפיהרט צו א שעהן בעוואַקסענעם פּלאַץ, וואו עס האָט געקלאַפּט א פאָנטאַן. דאַן האָט דער וועג געפיהרט ווייטער אונ־טער די בוימער און נאָך א שטיק ווייטער איז ער ווידער ארויס־געטראָטען פון שאָטען ארויס. פּלוצים האָב איך גאַנץ פון דער ווייטען, צווישען א פּאָר הויכע בושעס, דערזעהן דריי פרויען. זיי זיינען געגאַנגען לאַנגזאַם, האָבען זיך געהאַלטען געאָרעמט און גע־טראָגען לאַנגע מאָרגענקליידער מיט שפּיצען בעזעצט. צוויי פון זיי זיינען געווען בלאָנד, איינע דונקעל. איצט זיינען זיי ווידער פאר־שוואונדען הינטער די בוימער. מיך האָט פארכאַפּט די דאָזיגע קורצע רייצענדע ערשיינונג, וועלכע האָט אויפגעוועקט אין מיר א גאַנצע וועלט מיט פּאָעזיע. זיי האָבען זיך קוים געוויזען אין דעם האַלבען ליכט, וועלכעס איז געווען גראד גענוג העל פאר דעם דאָזיגען שעהנעם, שטילען פּארק. מיר האָט זיך אויסגעוויזען, ווי איך וואָלט געזעהן די שעהנע פרויען פון דעם פערגאַנגענעם יאָהר־הונדערט, וועלכע האָבען געטרוימט צווישען די גרינע בוימער. די־זעלבע שעהנע פרויען, וועמעס בילדער אויף די ווענט עס דערמאָה־נען אָן זייערע לייכטע ליעבעס־געשיכטען. און איך האָב געטראַכט פון דער גליקליכער צייט, ווען מען האָט זיך גייסטרייך און צערט־ליך אונטער ראָזען געלאַסטשעט, יענער ראָמאַנטישער צייט פון לייכטע זיטען און שעהנע ליעבעס פאַסירונגען.

דאָ האָט זיך דערהערט א הויכע שטימע און איך האָב זיך

אַ טרייסעל געטהאָן. פּאַשענס איז אַריינגעקומען. אַ שטראַהלענ־דער, אַ שמייכלענדער האָט ער מיר אויסגעשטרעקט די האַנד.

ער האָט צוגעמאַכט איין אויג, מיר אריינגעקוקט אין פּנים מיט אַ מינע, ווי מען פּאַרטרויט אימיצען אַ ליעבעס־געשיכטע, האָט אַ מאַך געטהאָן ברייטלאַך מיט דער האַנד ווי אַ נאַפּאָלעאָן, אָנ־ווייזענדיג אויף זיין גרויסען זאַאַל, זיין פּאַרק און די דריי פרויען, וועלכע האָבען זיך ווידער בעוויזען אין הינטערגרונד און געזאָגט מיט אַ טריאומפירענדען טאָן פול מיט שטאָלץ:

— און אָנגעהויבען האָב איך מיט גאָרנישט... מיט מיין פרוי און מיין שוועגערין.



# אַדיֶע





יידע פריינד זיינען פערטיג געוואָרען מיט דעם עסען. פון׳ם פענסטער פון רעסטאָראַן האָבען זיי געזעהן די שטראָמען מענשען אויפ׳ן בולוואַר. זיי האָבען געפיהלט דעם ווארימען הויך, וואָס טראָגט זיך אין פאַריז אין יענע מילדע זומער־נעכט, יענעם בע־זונדער׳ן הויך, וועלכער מאַכט די שפּאַציערגעהר קוקען צום הימעל אַרויף און וועקט אויף אין זיי אַ בייַנקעניש: אַוועקצוגעהן ערגעץ ווייט, ווייט, אונטער גרינע בוימער און טרוי־מען פון אַ ליכטיגען אויסגעשטערנטען הימעל, פון פייער־פליעגעלאַך און נאַכטיגאַל געזאַנג.

איינער פון זיי, הענריך סימאָן, האָט געזאָגט מיט אַ טיפען זיפץ:

— אַך, איך ווער אַלט, עס איז טרויעריג! פריהער האָב איך אין אַזעלכע אָבענדען געפיהלט אין זיך אַ טייפעל, איך האָב ניט געקענט קיין מינוט איינזיצען אויף אַן אָרט, היינט פיהל איך נור בעדויערען. דאָס לעבען געהט שנעל פאַרביי!

ער איז שוין געוואָרען אַביסעלע צו דיק פאַר זיינע פינף־און־פערציג יאָהר און האָט געהאַט אַ גרויסען פּליך.

דער צווייטער, פּעטער קאַרניער, עטוואָס עלטער אָבער מאָ־גערער און לעבעדיגער, האָט זיך אָנגערופען:

— איך, מיין ליעבער, בין עלטער געוואָרען, אַליין ניט בע־מערקענדיג ווי אַזוי. איך בין אימער געווען לוסטיג, פרעהלאַך, קרעפטיג און ווען מען קוקט יעדען טאָג אין שפּיעגעל אַריין, בע־מערקט מען ניט די ווירקונג פון דער צייט. און די צייט טהוט זיך

איהר ארבייט לאנגזאם, רעגעלמעסיג און פארענדערט אונזער פנים אזוי ביסלעכווייז, אז מען קען עס קוים זעהן.

און נור דערפאר שטארבען מיר ניט פון פערצווייפלונג, ווייל די דאזיגע פערוויסטונג געדויערט עטליכע יאהר נאכאנאנד און זי ווארפט זיך אונז ניט אין די אויגען. אום צו באמערקען ווי אלט מיר ווערען, האבען מיר געדארפט זעקס מאנאטען צייט ניט א קוק טהאן אויף זיך, דאן ערשט וואלטען מיר זיך דערשראקען פאר דער ענדערונג, וואס אין אונז איז פארגעקומען.

און די פרויען, מיין ליעבע, אך, גאט, אויף זיי איז גאר א רחמנות. ארימע בעשעפענישען! זייער גאנצער גליק, זייער גאנצע מאכט ליעגט אין זייער שעהנהייט, און דאס געדויערט בלויז צעהן יאהר.

איך בין אלזא אלט געווארען, עס גאר אליין נישט בעמערקענדיג, און ווען איך בין צוגעקומען נאהענט צו די פופציגער, האב איך זיך נאך אלץ געהאלטען כמעט פאר א יונגען מאן. איך האב ניט געפיהלט קיין שום שוואכקייטען פון דער עלטער און בין זיך רוהיג און גליקליך געגאנגען מיין וועג.

די ענטדעקונג אבער, אז איך בין אלט געווארען, איז צו מיר געקומען אויף א גאנץ איינפאכען, אויף א שרעקליכען אופן, אויף אזא מין אופן, אז עס האט מיך אויף א האלב יאהר נאכאנאנד גאנץ אונגליקליך געמאכט; דערנאך ערשט האב איך זיך דערצו צוגעוואהנט.

ווי אלע מענער, בין איך אפט פערליעבט געווען, אבער איין מאל אם מייסטען.

איך האב זי געטראפען ביים ים אין עטרעטאט. אין דעם מוז שוין זיין א יאהר צוועלף, באלד נאכ'ן קריעג. עס איז נישטא קיין שעהנערע זאך, ווי דער דאזיגער ברעג אין דער פריה אין צייט פון באדען זיך; ער איז קליין, רונד ווי אן אייזערנע קאפיטע, ארומגערינגעלט פון הויכע, ווייסע, דורכגעבראכענע פעלזען, וועלכע ציהען זיך ביז אין ים אריין.

די פרויען באדען זיך אלע אויף איין געוויסען פלעק און דאס

איז אימער א לאַבענדיגער בלומענגאַרטען פון טואַלעטען ארומגע־רינגעלט פון הויכע פעלזען.

די זון ווארפט איהר הייסע שטראַהלען אויפ'ן ברעג, אויף די זונענשירעמס פון אַלע פאַרבען, אויף דעם בלויען ים, און אַלעס ארום זעהט אויס אַזוי פרעהלאך, אַזוי רייצענד, אַז עס איז אַ מחיה צו קוקען.

מען זעצט זיך נעבען וואסער און קוקט צו ווי די פרויען באַ־דען זיך. זיי געהען צום וואסער איינגעוויקעלט אין אַ פלאַנעלענעם מאַנטעל, אָבער ווי נור זיי קומען צו צו דעם שוים פון די כוואַליעס, ווארפען זיי איהם מיט אַ שעהנער בעוועגונג פון זיך ארונטער, דאַן נעהמען זיי לויפען אין וואסער מיט קליינע שנעלע טריט און שטע־לען זיך מאַנכעס מאָל אָב אויפשוידערענדיג פאַר קעלט און פער־געניגען.

די פראָבע ביים באָדען זיך, האַלטען זעהר ווייניג פון זיי אויס. דאָ קען מען זיי בעטראַכטען פון קאָפּ ביז צו די פיס. פאַר די שלעכט געבויטע איז דאָס ארויסגעהן פון וואסער דאָס ערגסטע, הגם דאָס ים וואסער שטייפט זעהר ווייכע פלייש.

דאָס ערשטע מאָל, ווי נור איך האָב דערזעהען די דאָזיגע יונגע פרוי, בין איך געוואָרען ענטציקט און בערוישט צו גלייך. זי איז געווען שעהן און האָט אויסגעהאַלטען די פראָבע. און דאַן זיינען דאָ פנים'ער, וועמעס רייץ עס נעהמט אונז גלייך אויפ'ן ערשטען בליק געפאַנגען, עפּעס אַזוי ווי מען וואָלט געפונען די פרוי, וועלכע איז פאַר אונז בעשאַפען געוואָרען. אַט אַזאַ מין געפיהל האָב איך געהאַט.

איך האָב זיך געלאָזען פאַר איהר פאָרשטעלען און באַלד בין איך אין איהר פאַרליעבט געוואָרען, ווי נאָך קיינמאָל ניט ביז אהער. זי האָט ביי מיר ארויסגעשלעפּט די נשמה, עס איז עטוואָס שרעק־ליכעס און דאָך זעהר געשמאַק אַזוי בעהערשט צו ווערען פון אַ פרוי, עס איז כמעט אַ פייניגונג און אין דערזעלבער צייט דאָס העכסטע גליק.

איהר בליק, איהר שמייכעל, די האָר אויף איהר נאַקען, ווען דער ווינד האָט זיי געקרייזעלט, אַלע קלענסטע ציגע פון איהר גע־

זיכט, די קלענסטע בעוועגונג אין זיי, האָט מיך געמאַכט גליקליך, געמאַכט משוגע.

זי האָט זיך דורך איהר גאַנצען וועזען אין מיין נשמה אריינ־געגנב׳עט, דורך איהרע בעוועגונגען; דורך איהר האַלטונג זאָגאָר מיט איהרע קליידער האָט זי מיך בעצויבערט. איך פלעג ווערען גאַנץ בעוועגט, ווען איך פלעגט דערזעהען בלויז איהר שלייער אויף א שטיק מעבעל אָדער איהרע האַנדשוה אויף א שטול.

איהרע קליידער, האָט זיך מיר אויסגעוויזען, האָבען ניט קיין פערגלייך, קיינער האָט ניט געטראָגען אַזעלכע היט, ווי זי.

זי איז געווען פערהייראַט, אָבער איהר מאַן פלעגט קומען בלויז שבת, און זונטאג איז ער שוין אוועקגעפאָהרען. איבעריגענס איז ער מיר געווען גאַנץ גלייכגילטיג, איך בין צו איהם ניט געווען אייפערזיכטיג. איך וויים ניט פארוואָס, נור קיינער אין לעבען האָט מיך ניט געאינטערעסירט אזוי ווייניג ווי ער. קיין מאָל האָט מיך נאָך קיינער ניט אויפגערעגט ווייניגער, ווי דער דאָזיגער מענש.

און ווי האָב איך זי געליעבט! און ווי שעהן זי איז געווען, ווי גראַציעז און יונג, די פארקערפערטע שעהנהייט, עלעגאַנץ און גראַציעז אליין איז זי געווען.

קיינמאָל האָב איך ניט געפיהלט אזוי טיעף, וואָס פאר א שעהן, עדעל, צארט וועזען די פרוי איז, אין גאַנצען פון חן גע־וועבט.

איך האָב נאָך קיינמאָל ניט אזוי בעגריפען, וואָס פאר א פאר־פיהרערישע שעהנקייט עס ליגט אין דער רונדקייט פון א באַק, אין די בעוועגונגען פון די ליפען, אין דער בילדונג פונ׳ם נארישען גליעד, וואָס מען רופט נאָז.

דאָס האָט אזוי געדויערט דריי מאָנאטען, דאַן האָב איך גע־מוזט אוועק קיין אַמעריקא און פון פערצווייפלונג בין איך געווען אין גאַנצען געבראָכען. דער געדאַנק וועגען איהר האָט מיך אויף קיין איין מינוט ניט פערלאָזען. פון דער ווייטענס האָט זי מיך בעהערשט, ווי זי האָט מיך פון נאָהענטען צו זיך צוגעצויגען.

יאָהרען זיינען אוועק, איך האָב זי ניט פארגעסען. איהר רייצענדעס בילד איז שטענדיג געשטאַנען פאר מיינע אויגען און

די צערטליכקייט אין מיין הארצען איז איהר טריי געבליבען, יענע רוהיגע צערטליכקייט, וואס איז איצט געווען ווי די געליעבטע עראינערונג אן דאס שעהנסטע און הערליכסטע, וואס איך האב ווען אין מיין לעבען געזעהן.

* * *

צוועלף יאהר זיינען אזוי וועניג אין'ם לעבען פון א מענשען, מען פיהלט גארנישט, ווי זיי געהען אריבער. איין יאהר געהט אוועק נאכ'ן אנדערן, לאנגזאם און דאך שנעל, שלעפט זיך, דאכט זיך אזוי און דאך פליהט עס אוועק; יעדעס יאהר איז אזוי לאנג און דאך איידער מען קוקט זיך ארום איז ער שוין אוועק.

און אזוי לויפען די יאהרען אונבעמערקט, שנעל און אהן אויפהער, אנטלויפען און לאזען ניט איבער נאך זיך קיין שפור, ווישען זיך אינגאנצען אויס, און ווען מען קעהרט זיך אום און וויל אין די געדאנקען איבערזעהן די דורכגעלאפענע צייט, פערשטעהט מען ניט און בעגרייפט ניט ווי איז דאס מעגליך, אז מען איז שוין אלט געווארען.

מיר האט זיך ווירקליך אויסגעדאכט, אז נור מאנאטען האבען מיך אבגעטהיילט פון יענעם רייצענדען זומער ביים ברעג פון עטרעטאט.

לעצטען פריהלינג האב איך געגעסען א דינער ביי מיינע פריינד אין מאיסאנסלאפפיט. אין דעם אויגענבליק ווען דער צוג האט שוין געזאלט אבפאהרען, איז אין וואגאן אריין א דיקע פרוי, מיט פיער קליינע מיידלאך. איך האב אפילו ניט געוואלט א קוק טהאן אויף דער אלטער, פעטער, ברייטער, רונדער הוהן מיט א פנים ווי א פולע לבנה און א הוט פול מיט בענדער.

זי האט שווער געאטהעמט פון דעם שנעלען לויפען, און די קינדער האבען גענומען פלוידערען. איך האב געעפענט מיין צייטונג און גענומען לעזען.

מיר זיינען געווען נור וואס פארבייגעפאהרען אסניערעס, ווען מיין שכנה האט פלוצים געפרעגט:

— ענטשולדיגט, זייט איהר ניט הערר קארניער?

— יא, גנעדיגע פרוי.

דאָ האָט זי גענומען לאַכען, מיט יענעם צופּריעדענעם געלעכ־טער פון אַן אַנשטענדיגער פרוי, אָבער דאָך עטוואָס טרויעריג:

— איהר דערקענט מיך הפנים ניט?

איך האָב א ווײַלע געטראַכט. איהר געזיכט האָב איך ווירק־ליך געמוזט וואו עס איז זעהן, אָבער וואו און ווען? און איך האָב געענטפערט:

— יא און ניין! איהר זייט מיר זעהר בעקאַנט אָבער איך קען זיך ניט דערמאָהנען אייער נאָמען.

זי איז עטוואָס רויט געוואָרען.

— מאַדאַם יוליע לעפעברע.

איך האָב זיך אַזוי דערשראָקען, אַז אַ מינוט לאַנג האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מיין לעצטע שטונדע איז געקומען. איך האָב נור געפיהלט, אַז פּאַר מיינע אויגען איז צוריסען געוואָרען אַ שלייער, און איך האָב דערזעהען עטוואָס שרעקליכעס, מוראדיגעס, טרויעריגעס.

זי איז דאָס געווען, אָט די דיקע, פּראָסטע פרוי, זי?

און זייט דעם וואָס איך האָב זי ניט געזעהן האָט זי די דאָ־זיגע פיער נפשות אויף דער וועלט געבראַכט. און די דאָזיגע קליי־נע באַשעפענישען זיינען מיר פאַרגעקומען פונקט אַזוי מערקוויר־דיג ווי זייער מוטער. זיי האָבען געשטאַמט פון איהר, זיי זיינען שוין געווען גרויס און האָבען פאַרנומען אַ פּלאַץ אין לעבען; זי אָבער, די פריהערדיגע איז שוין מעהר נישט געווען. זי, דער וואונדער פון קאָקעטעריי און געשמאַק. ערשט נעכטען, האָט זיך מיר געדאַכט, האָב איך זי געזעהן, און אַזוי האָב איך זי ווידער געטראָפען, ווי אַזוי איז דאָס מעגליך, ווי אַזוי איז דאָס געשעהן?

אַ שאַרפער וועהטאָג האָט מיר דאָס האַרץ פאַרקוועטשט און אין מיר האָט זיך אויפגעהויבען אַן עמפּערונג געגען דער נאַטור אין איהר קאַלטער, שרעקליכער צושטערונג.

איך האָב זי אָנגעקוקט אַ צושראָקענער, דאַן האָב איך זי אָנ־גענומען פאַר אַ האַנד און מיינע אויגען האָבען זיך מיט טרעהרען אָנגעפילט. איך האָב בעווויינט איהר יוגענד, בעווויינט איהר טויט,

דען די דאָזיגע דיקע פרוי איז מיר געווען א פרעמדע, איך האָב זי ניט געקענט.

זי איז אויך געווען בעוועגט און האָט געשטאַמעלט:

— איך האָב זיך זעהר פארענדערט, ניט אמת? אך גאָט, אלעס נעהמט אמאָל א סוף! ווייסט איהר, איך בין איצט נור א מוטער, און א גוטע מוטער. אלעס איבעריגע אדיע — אוים! אך, איך האָב פריהער געוואוסט, אז איהר וועט מיך נישט דער־קענען, ווען מיר זאָלען זיך אמאָל טרעפען. אגב האָט איהר זיך אויך פארענדערט. עס האָט מיר גענומען א צייט, ביז איך בין געווען זיכער, אז איך מאַך ניט קיין טעות, אז דאָס זייט טאַקע איהר. איהר זייט דאָך אין גאנצען ווייס געוואָרען! באַרעכענט זיך נור, עס איז שוין צוועלף יאָהר אין דעם, צוועלף יאָהר; מיין עלטסטע איז איצט שוין צעהן יאָהר אַלט!

איך האָב אָנגעקוקט דאָס קינד, און איך האָב אין איהם ווידער געפונען עטוואָס פון דעם אמאָליגען חן פון דער מוטער.

מיר זיינען געקומען אין מאַיסאָנס־לאַפיט, איך האָב א קוש געטהאָן מיין אלטער פריינדין די האנד, איך האָב איהר ניט גע־האַט וואָס צו זאָגען, אויסער א פּאָר שרעקליך באַנאַלע פראַזען. איך בין געווען צו אויסגעניכטערט אום צו קענען רעדען.

ווען איך בין אין אָבענד געבליבען אליין אין הויז, האָב איך זיך לאַנג, זעהר לאַנג אין שפּיעגעל בעטראַכט, און דאַן האָב איך זיך צום סוף דערמאָהנט אָן יענעם, וועלכער איך בין אמאָל גע־וועזען, איך האָב זיך ווידער אמאָל אין די געדאַנקען דערזעהן מיט ברוינע וואָנצעס און שווארצע האָאָר און דעם יוגענדליכען אוים־דרוק פון מיין אמאָליגען פּנים. און יעצט בין איך געווען אַלט... אדיע!...



# די מאַסקע



ין עליסעע־מאַנטמאַרטר איז געווען א מאַסקען־באַל. עס איז געווען אין מיטען פון פאַסטען־צייט און דער עולם האָט געשטראָמט פון אַלע זייטען אין דעם העל בעלויכטענעם פיר־הויז, וואס האָט געפיהרט צום טאַנץ־זאַל. די הויכע מוזיק פון אָרקעסטער האָט זיך ווי א שטורעם דורכגעריסען דורך די ווענט, דורכ'ן דאַך און האָט פאַרקלונגען דעם גאַנצען קוואַרטאַל, אַלע גאַסען. פרעהליכע טענער פון טאַנץ־מוזיק האָבען זיך אַריינגעריסען אין די שכנ'ישע הייזער אַריין און געוועקט דאָרט די אונווידערשטעהליכע פערלאַנגען, די טיערישע אינסטינקטען, וועלכע לעבען אין די מענשליכע הערצער: די לוסט צו טאַנצען, דאָס בלוט צו בעוועגען, זיך צו אונטערהאַלטען.

די שטענדיגע געסט פון לאָקאַל זיינען אויך געקומען פון אַלע עקען פון פאַריז. דאָס זיינען געווען מענשען פון אַלע קרייזען, וועלכע האָבען ליעב געהאַט טומולדיגע, שרייענדיגע פערגעניגענס, מעגען זיי אַפילו זיין פון ניט גאָר קיין זויבערער קוועלע. דאָס זיינען געווען בעאַמטע, פאַקטאָרס, מיידלאַך פון אַלע סאָרטען אין פראָסטען וואָל אָנגעטהאָן און אין דעם פיינסטען באַטיסט, רייכע אונטער־וועלט דאַמען, אַלטע, מיט ציערונג פאַרשאָטען, אָרימע זעכצעהן יאָהריגע מיידלאַך פול לעבענסלוסט, פול פערלאַנגען נאָך מענער, נאָך גאָלד, פערגעניגענס. אונטער דער דאָזיגער בעוועגטער מאַסע האָבען זיך אַרומגעדרעהט עלעגאַנטע הערן אין פראַקען, אויף דער יאַגד נאָך פרישע פלייש, נאָך יונגע, געשמאַקע ביסענס... זיי האָבען געזוכט, אַרומגעשמעקט אין דער לופט, נאָכגעלאָפען נאָך די מאַסקעס, וועלכע האָבען געשיינט זיך גוט צו אונ־

טערהאלטען. א געדיכטע וואנט פון מענשען האט זיך ארומגע־קליבען ארום עטליכע בעקאנטע קאנקאן־טענצער. אזוי ווי כוואַ־ליעס, דאַ אהין און דאַ צוריק, דאַ נעהנטער און דאַ ווייטער האט זיך געטראַגען דער שטראָם פון מענער און פרויען ארום די טענ־צער, האט דאַ זיי ארומגערינגעלט פון אלע זייטען, ווי א שלאנג און דאַ פון זיי אָבגעטראָטען, מאַבענדיג פריי דעם וועג.ביידע מיידלאך, וועמעס פיס האבען אויסגעזעהן ווי זיי וואלטען געווען צוגעבונדען צום קערפּער מיט גומענע שנירלעך, האט מיט זיי געמאכט די אונגלויבליכסטע בעוועגונגען. זיי האבען געוואָר־פען זייערע פיס אין דער לופט מיט אזא קראַפט, אז אָט־אָט שפּרינ־גען זיי אין די וואלקען אריין. דאן האבען זיי זיי מיט אמאל צו־שפּרייט, איין פוס פאָרענט, איין פוס הינטען און פלוצים מיט א האלב עקעלהאפטער און האלב קאמישער בעוועגונג זיך א זעץ געטהאן אָן דר׳ערד. זייערע טענצער האבען געשפּרונ־גען, געקלאפּט א פוס אָן א פוס, זיך בעוועגט, געווארפען מיט די הענד, געפלויגען אין דער לופט און אונטער זייערע מאסקעס איז קענטיג געווען, אז זיי זיינען אָהן אן אטהעם.

איינער פון זיי, וועלכער האט געטאנצט א בעוואוסטען קאנ־קאן־קאדריל אויף דעם פּלאץ פון אן אָבוועזענדען בעריהמטען טענ־צער, האט זיך געגעבען די גרעסטע מיה ניט נור יענעם נאָכצו־מאכען נאָר נאָך אריבער צו שטייגען. און ער האט געמאכט אזעל־כע משוגענע בעוועגונגען, איז אזוי ווילד געשפּרונגען, אז דאס פּובליקום האט געקוואלען און שטארק אפּלאָדירט.

ער איז געווען מאָגער, אָנגעטהאָן מעשה פראַנט, מיט א שעהד־נער גלאַטער מאסקע אויפ׳ן פּנים ; א מאסקע מיט בלאָנדע גע־קרייזעלטע וואָנצעס און א פּאריק מיט לאָקען פון אויבען.

ער האט אויסגעזעהן ווי א וועקסענע ליאלקע, א בעזונדערע פאַנטאַסטישע קאריקאַטור פון א געוויסען טיפּ פון א שעהנעם יונ־גען מאַן, ווי ער ווערט געמאָלען אויף די מאָדעל־בילדער. ער האט געטאַנצט מיט גרויס התמדה, אָבער עטוואס אונגעשיקט, קענטיג, אז ער האט זיך שטארק געסטארעט אויסצוזעהען קאָמיש. ווען

ער האָט זיך בעמיהט נאָכצומאַכען דעם צווייטענס שפּרינגען, האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זיינע גליעדער זיינען פּארושאַ־ווערט. ער איז געווען ווי געלעהמט און האָט געהאַט אין זיך עטוואָס אונבעווענליכעס, עפּעס ווי אַ פֿראָסטער הונד.

איראָנישע אַפּלאָדיסמענטען האָבען איהם מוט געגעבען, און ער האָט געהאָפּקעט ווי משוגע מיט אַזאַ שפּרינגעריי, אַז ער האָט זיך פּלוצים איבערגעקוליעט און איז אַרויפגעפאַלען אויף דער מענשליכער וואַנד, וועלכע האָט אָבגעטראָטען אום איהם דורכצו־לאָזען, אָבער דער טענצער איז געפאַלען מיט׳ן פּנים צו דער ערד און איז געבליבען ליגען אָהן שום בעוועגונג.

אַ פּאָאַר מענער האָבען איהם אויפגעהויבען און אַוועקגע־טראָגען. מען האָט צווישען פּובליקום געפרעגט אויף אַ דאָקטאָר. אַ יונגער, זעהר עלעגאַנטער העררן אין אַ שוואַרצען פראַק, מיט גרויסע פּערל אין דער אויבערהעמד, איז אַרוים און געזאָגט בעשיי־דען: איך בין פּראָפעסאָר אין אוניווערסיטעט. — מען האָט איהם דורכגעלאָזען און ער איז אַוועק אין אַ קליינעם צימער פול מיט קעסטלאַך, וואו דער טענצער איז נאָך אַלץ געלעגען אָהן בעוואוסט־זיין. מען האָט איהם דאָרט אַוועקגעלייגט אויף אַ פּאָאַר שטולען. דער דאָקטאָר האָט פריהער פאַר אַלץ געוואָלט אַרונטערנעהמען די מאַסקע, אָבער ער האָט דערזעהן, אַז זי איז אויף אַ גאַנץ מערקוויר־דיגען שטייגער צוגעבונדען מיט מעטאַלענע דרעטלאַך צו דעם פּאַרוק און אַז דער קאָפּ איז פעסט איינגעשלאָסען, און עס איז נויטהיג געווען איהם דערפון צו בעפרייען. אויך דער האַלז האָט געשטעקט אין אַזאַ מין לעדערנער הויט, וועלכע איז פון איין זייט צו דער מאַסקע און פון דער צווייטער זייט צו דער העמד צוגע־טשעפּעט געוואָרען און איז געווען פון פליש פאַרב קאָליר.

מיט אַ שטאַרקער שער האָט מען געמוזט אויפשניידען די מאַסקע.

ווען דער דאָקטאָר האָט אויפגעשניטען די דאָזיגע מערקוויר־דיגע מאַסקע פון די שלייפען ביז צו די שולטערען, האָט ער אונטער איהר דערזעהן אַ פּנים פון אַן אַלטען מאַן, פאַרוועלקט, בלייך, פול קנייטשען. די לייטע, וועלכע האָבען די יונגע בלאָנדע מאַסקע

אריינגעטראָגען, זיינען געוואָרען אזוי ערשטוינט, אז קיינער האָט ניט געלאַכט און קיינער האָט ניט געזאָגט קיין וואָרט.

מען האָט איהם בעטראַכט, ווי ער איז געלעגען אויף די שטוהלען, אָנגעקוקט זיין טרויעריגען פּנים מיט די געשלאָסענע אויגען פון ווייסע האָאָר ארומגערינגעלט. און נעבען דעם דאָזיגען אלטען, אָבגעלעבטען קאָפּ איז געלעגען די קליינע, שעהנע, גלאַטע מאסקע, די יוגענדליכע מאסקע, וועלכע האָט ניט אויפגעהערט צו שמייכלען.

א צייט לאַנג איז ער אָבגעלעגען אָהן בעוואוסטזיין, דערנאָך איז ער ביסלעכווייז געקומען צו זיך. אָבער ער האָט אויסגעזעהן אזוי שוואַך, אזוי קראַנק, אז דער דאָקטאָר האָט מורא געהאַט פּאַר א געפעהרליכען אָנפאַל.

— וואו וואָהנט איהר? — האָט ער געפרעגט.

דער אלטער טענצער האָט גענומען זוכען אין זיין געדעכעניש, דאַן האָט ער זיך דערמאָנט און אָנגערופען א גאַס, פון וועלכער קיינער האָט ניט געוואוסט. מען האָט איהם געמוזט גענוי אויס־פרעגען אויף יענעם קווארטאל, און לאַנגזאַם מיט גרויסע מיהע האָט ער ערקלערט וואו דאָס געפינט זיך.

דער דאָקטאָר האָט געזאָגט:

— איך וועל אייך אליין אָבפיהרען אהיים.

ער איז געוואָרען נייגעריג צו וויסען ווער דיזער מערקוויר־דיגער אלט־יונגער טענצער איז און וואו ער וואָהנט.

באלד האָט א דראָשקע זיי ביידען געבראַכט אויף דעם אַנ־דערען עק שטאָדט צו דעם בוטטעס מאָנטמארטר.

ער האָט געוואָהנט אין אן אָרימען, גרויסען הויז, צו וועלכען עס האָבען געפיהרט שמוציגע טרעפּ. עס איז געווען איינע פון די יענע ניט דערענדיגטע הייזער מיט א סך פענסטער, וועלכע איז געשטאַנען צווישען צוויי לעדיגע בוי־פּלעצער, א שמוציגע לאָך, אין וועלכער עס האָט געלעבט א גאַנצע מאַסע עלענדע, אָבגעררי־סענע, אָבגעשליסענע מענשליכע באשעפענישען. דער דאָקטאָר האָט זיך איינגעקלאַמערט אָן דעם שמוציגען, קלעפּעדיגען געלענ־

דער פון די געדרעהטע טרעפּ און געהאָלפען דעם אַלטען האַלב גע־חלש'טען מאַן ביז צום פיערטען שטאָק ארויף.

די טיר, אין וועלכער זיי האָבען אַנגעקלאַפּט, האָט זיך גע־עפענט און אַ פרוי האָט זיך בעוויזען. זי איז אויך געווען אַלט, אָבער ריין און האָט געטראָגען אַ שעהנע ווייסע נאַכט הייבעל אויף איהר קאָפּ, איינער פון יענע גראָבע, עהרליכע קעפּ מיט שאַרפע שטריכען פון אַ פלייסיגער, טרייער אַרבייטער פרוי. זי האָט אויסגערופען:

— אום גאָטעס ווילען, וואָס איז געשעהן?

נאָך דעם ווי מען האָט איהר מיט אַ פּאָר ווערטער ערקלעהרט וועגען דעם מאַן, איז זי געוואָרען רוהיגער און האָט זאָגאַר בערו־היגט דעם דאָקטאָר, דערצעהלענדיג איהם, אַז דאָס האָט שוין מיט איהם אָפט פּאַסירט.

— מיר מוזען איהם לייגען אין בעט, הערר דאָקטאָר, אין בעט. מעהר גאָרנישט. דאָרט וועט ער זיך אויסשלאָפען און מאָר־גען וועט ער פארגעסען אָן דער גאַנצער געשיכטע.

דער דאָקטאָר האָט געענטפערט:

— אָבער ער קען קוים רעדען.

— דאָס איז גאָרנישט, ער דאַרף עפּעס טרינקען, דאָס אַלעס. ער האָט דאָך גאָרנישט געגעסען, כדי צו זיין ריהרעוודיג און דאַן האָט ער אויסגעטרונקען צוויי גלאָז ווײן אום זיך צו צוגעבען מוט. דער גרינער שנאַפּס שטעלט איהם צוריק אויף די פיס, אָבער ער צומישט איהם די געדאַנקען און לאָזט איהם מעהר ניט רעדען. אין זיינע יאָהרען קען מען שוין ניט מעהר אַזוי טאַנצען, ווי ער טהוט עס. מען קען פון איהם משוגע ווערען, און ער וויל דאָס בשום אופן ניט פערשטעהן.

דער דאָקטאָר איז געוואָרען פאַרוואונדערט און געפרעגט:

— אָבער פאַר וואָס טאַנצט ער אַזוי ווילד, אַזאַ אַלטער מאַן?

זי האָט אַ דריק געטהאָן מיט די אַקסלען און איז רויט גע־וואָרען פאַר כעס.

— יאָ, טאַקע פאַר וואָס? ווייסט איהר, ער וויל דאָך מען זאָל דענקען, אַז ער איז נאָך אַלץ יונג, אַז די ווייבער זאָלען איהם

אָננעהמען פאַר אַ שעהנעם יונגאַנמאַנטשיק און זאָלען זיך מיט איהם שושקען. ער קען אָהן זיי ניט לעבען, אָהן די שמוציגע ווייבער מיט דעם געשטאַנק פון פוידער און שמינקע. עס איז אַן אונגליק און נאַר. איהר ווייסט, הערר דאָקטאָר, אַזאַ לעבען פיהר איך שוין זייט צוואַנציג יאָהר. אָבער צוערשט לאָמיר איהם ברענגען צו בעט, אַז ניט וועט ער נאָך קראַנק ווערען. ווילט איהר זיין אַזוי גוט און מיר העלפען. ווען ער קומט אַזוי אהיים, קען איך אליין מיט איהם גאַרנישט ניט טהאָן.

דער אַלטער איז געזעסען אויף זיין בעט, האָט פאַר׳שיכור׳ט געקוקט ארום זיך און די לאַנגע, ווייסע האָאר זיינען איהם איבער׳ן פּנים געפאַלען.

זיין פרוי האָט איהם אָנגעקוקט אַי צערטליך אַי מיט כעס און ווייטער גערעדט:

— אָט, טהוט אַ קוק, זעהט ער ניט אויס שעהן פאַר זיין עלטער? און ער מוז זיך ניט אַנדערש נור אָנטהאָן ווי אַ פּוסטער פראַנט, כדי מען זאָל מיינען, אַז ער איז יונג. איז דאָס ניט קיין אונגליק! ער האָט אַ שעהנעם קאָפּ, הערר דאָקטאָר. איך וועל עס אייך ווייזען, איידער מיר לייגען איהם אין בעט אריין.

זי איז צוגעגאַנגען צום טיש, אויף וועלכען עס איז געשטאַנען אַ וואַש־שיסעל, אַ קרוג וואַסער, זייף, אַ קאַם און אַ בערשטעל. זי האָט גענומען די בערשטעל, איז צוגעגאַנגען צום בעט, און גענומען באַרשטען די צופּאַטעלטע האָאר פונ׳ם שיכור. אין אַ פּאָר אויגענבליקען האָב איך דערזעהן אַ וואונדערשעהנעם קאָפּ מיט לאַנגע, ווייסע לאָקען, וועלכע זיינען געפאַלען ביז צום האַלז אַרונטער. דאַן האָט זי אָבגעטראַטען אַ פּאָר טריט צוריק, כדי איהם בעסער צו בעטראַכטען.

— איז ער ניט שעהן פאַר זיין עלטער?

— זעהר שעהן! — האָט געזאָגט דער דאָקטאָר, וועמען די געשיכטע האָט אַלץ מעהר און מעהר פאַראינטערעסירט.

— איהר האָט איהם געדאַרפט זעהן אַ מאָל, ווען ער איז אַלט געוועזען אַ יאָהר פינףאון צוואַנציג. אָבער מיר מוזען איהם אוועקלייגען, אַז ניט קען ער נאָך דעם שנאַפּס אויסברעכען אָט דאָ, הערר

דאָקטאָר, ווילט איהר אַ ציה טהאָן פאַר'ן אַרבעל. אָט אַזוי, אַזוי איז גוט. איצט די אונטערהויזען. וואַרט אויף אַ ווײַלע, איך וועל איהם אַפּריהער אויסטהאָן די שטיוועל — אָט אַזוי. איצט האַלט אַ מינוט צו, איך זאָל קענען מאַכען די בעט. גוט — איצט לאָמיר איהם אַרײַנלעגען. איהר זאָלט אָבער נור ניט דענקען, אַז ער וועט לאָזען פאַר מיר אַ שטיקעל פּלאַץ אין בעט; איך מעג מיר שוין זוכען עפּעס אַן אַנדער אָרט צום שלאָפען, ער קימערט זיך וועגען דעם גאַנץ ווייניג, דער אַלטער טויגעניכטס.

אַזוי שנעל ווי דער קערל האָט דערפיהלט, אַז ער ליגט אין בעט, האָט ער צוגעמאַכט די אויגען, זיי ווידער געעפענט און ווידער צוגעמאַכט און אין זײַן בעפרידיגטער מינע האָט זיך געזעהען דער בעשטימטער פערלאַנג צו שלאָפען.

דער דאָקטאָר האָט איהם בעטראַכט מיט וואַקסענדען אינ־טערעס און געפרעגט.

— ער שפּיעלט, אַלזאָ, די ראָלע פון אַ יונגען מאַן אויף די מאַסקען־בעלער?

— אימער, הערר דאָקטאָר. און אויף מאָרגען קומט ער אַהיים אין אַ צושטאַנד... איהר קענט זיך גאָר ניט פאָרשטעלען. עס טהוט איהם דאָס האַרץ וועה, דערפאַר געהט ער אַהין און טהוט אָן אַ מאַסקע פון אַ ליאַלקע איבער זײַן פּנים. יאָ, דאָס האַרץ געהט איהם אויס פאַר צער, וואָס ער איז ניט מעהר דאָס, וואָס ער איז אַמאָל געוועזען, און וואָס ער האָט ניט מעהר דעם אַמאָליגען חן בײַ די ווייבער.

ער איז שוין געשלאָפען און איצט האָט ער גענומען כראָפּען. זי האָט איהם בעטראַכט מיט אויגען פול מיטלייד און ווייטער גע־רעדט:

— און איך זאָג אייך, הערר דאָקטאָר, ער האָט געהאַט אַ בעזונדערען חן און די ווייבער זיינען איהם נאָכגעלאָפען מעהר ווי נאָך די שעהנסטע העררן פון דער גרויסער געזעלשאַפט, מעהר ווי נאָך אַלע טענאָר'ן און גענעראַלען.

— ווירקליך? ווי קומט דאָס?

— יאָ. איהר וועט זיך אודאי וואונדערען, ווײַל איהר האָט

איהם ניט געקענט אין זיין גרויסקייט. ווען איך האָב איהם צום ערשטען מאָל געטראָפען, — דאָס איז אויך געווען אויף אַ מאַסקען־באַל, דען ער איז אימער אַהין געגאַנגען — בין איך געבליבען שטעהן פאַרגאַפט, איך זאָג אייך, איך בין פאַרצאַפּעלט געוואָרען, ווי אַ פיש אין נעץ. דער יונג איז געווען שעהן, הערר דאָקטאָר, אַז מען האָט איהם אין זיין פּנים ניט געקענט קוקען אָהן בעוואונ־דערונג; פאַרבלענדעט איז מען געוואָרען; ברוין, מיט שווארצע לאָקען און שווארצע אויגען ווי פענסטער די גרויס. יאָ, דאָס איז געווען אַ שעהנער יונג. אין יענעם אָבענד האָט ער מיך מיטגע־נומען מיט זיך און זייט דאַן האָב איך, טראָץ אַלע צרות וואָס איך בין זיך פון איהם אויסגעשטאַנען, איהם קיין מאָל ניט פאַר־לאָזען, קיין מאָל ניט, אפילו אויף אַ טאָג. אָבער יסורים האָט ער מיר פאַרשאַפט, גאָט אין הימעל!

דער דאָקטאָר האָט געפרעגט:

— זייט איהר פערהייראַט?

זי האָט געענטפערט איינפאַך:

— יאָ, הערר דאָקטאָר. אַז ניט וואָלט ער מיך אוועקגעוואָר־פען, ווי אַלע אַנדערע פרויען. איך בין געווען זיין פרוי, זיין דיענסט, וואָס ער האָט נור געוואָלט האָט ער פון מיר געמאַכט. און טרערען האָט ער מיר געקאָסט — אָבער איך האָב זיי פון איהם בעהאַלטען. ער האָט מיר דערצעהלט וועגען אַלע זיינע ליעבעס־פּאַסירונגען, מיר, הערר דאָקטאָר, און האָט גאָר ניט פערשטאַנען, ווי וועה דאָס האָט מיר געטהאָן אַלעס אויסצוהערען.

— מיט וואָס האָט ער זיך בעשעפטיגט?

— אָך, איך האָב גאָר פאַרגעסען דאָס אייך צו זאָגען. ער איז געווען דער ערשטער געהילף ביי מאַרטעל, אָבער איינער פון יענע, וועלכע האָבען קיין גלייכען ניט, אַן אמת'ער קינסטלער, וועלכער האָט פאַרדיענט אַם וויינגסטענס צעהן פראַנק אַ שטונדע.

— מאַרטעל? ווער איז דאָס אַזוינס מאַרטעל?

— דער פריזירער, הערר דאָקטאָר, דער גרויסער פריזירער פון דער אָפּערע, וועלכער האָט אַלע שוישפּיעלערינען פריזירט. די גרעסטע אַקטריסעס האָבען זיך געלאָזט פריזירען פון אַמבראַזיוס

און איהם געגעבען אויף טרינק־געלד אַזוי פיעל, אַז ער האָט זיך אַנגעלעבט אַ פערמעגען. אַך, הערר דאָקטאָר, די ווייבער זיינען אַלע גלייך, אַלע. ווען איינער געפעלט זיי, שלאָגען זיי זיך איהם אליין אָן. די געשיכטע איז אַזוי איינפאַך. אָבער עס איז אַזוי שווער זיך דערצו צוגעוואָהנען, דען ווייסט איהר, ער האָט מיר אַלעם דערצעהלט, אַלעם. ער האָט ניט געקענט האַלטען דאָס מויל, ניט געקענט איינהאַלטען זיך. אַזעלכע געשיכטען פאַרשאַפען די מענער דעם גרעסטען פערגעניגען. עס איז זיי ליעבער דערפון צו רעדען, ווי דאָס דורכצומאַכען.

ווען איך פלעג איהם אין אָבענד זעהן קומענדיג אהיים, עטוואס בלייך, צופריעדען, מיט בליסטשענדיגע אויגען, דאַן פלעג איך זאָגען צו זיך אליין: נאָך איינע! דו האָסט שוין אודאי ווידער איינע דערטאַפּט. דאַן האָב איך געהאַט לוסט איהם צו פרעגען, אַזא לוסט, אַז דאָס האַרץ אין מיר האָט געקאָכט און אין דערזעלבער צייט האָב איך פון גאַר נישט געוואָלט וויסען, געפיהלט ווי איהם צו פערשטאָפּען דאָס מויל, ווי נור ער וועט נעהמען רע־דען. און דאַן האָבען מיר זיך ביידע אָנגעקוקט.

איך האָב גוט געוואוסט, אַז ער וועט ניט האַלטען זיין מויל, אַז ער וועט באַלד אַרויספּלאַצען, איך האָב עס געפיהלט אָן זיין גאַנצער האַלטונג, אָן זיין געלעכטער מיט וועלכען ער האָט צו מיר געזאָגט:

— מאַגדאַלענע, היינט האָב איך אָבער געכאַפּט גאָר אַ פיין שטיקעל סחורה. — איך האָב געמאַכט אָן אָנשטעל, ווי איך פער־שטעה גאַר נישט, איך בעמערק גאַר נישט. און איך האָב געגרייט דעם טיש צום עסען, געבראַכט די זופּ און זיך געזעצט איהם אַנט־קעגען.

אין דעם דאָזיגען מאָמענט, הערר דאָקטאָר, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מען רייסט ביי מיר פון ברוסט מיין האַרץ אַרויס צוזאַמען מיט מיין ליעבע צו איהם. עס האָט אַזוי וועה געטהאָן אַזעלכע זאַכען צו הערען! אָבער ער האָט עס ניט בע־מערקט, האָט עס ניט פערשטאַנען. ער האָט געהאַט אַ בעדירפע־ניש, דאָס פאַר אימעצען צו דערצעהלען, זיך צו בעריהמען, צו

ווייזען, ווי מען האָט איהם ליעב, איהר פערשטעהסט, און ער האָט דאָך בלויז געהאַט מיך, וועמען ער האָט עס געקענט דערצעהלען. טאָ וואס האָב איך געזאָלט טהאָן, איך האָב דאָך געמוזט איהם אויסהערען און אלעס ארונטערשלינגען ווי גיפט.

ער האָט גענומען עסען זיין זופּ, דאַן האָט ער געזאָגט:

— מאנדאלענע! ווידער איינע!

איך האָב געטראכט, נו, ער הויבט שוין אָן. מיין גאָט, איז דאָס א קערל! און ער איז נאָך מיין מאַן.

דאַן האָט ער ווייטער גערעדט: — יא, נאָך איינע און א גאַנץ קליינע. דאָס איז געווען עפּעס א קליינע פון וואָדעוויל טעאַטער אדער פון די ווארייעטי אקטריסען. און אפילו די גאַנץ בעריהמטע דאַמען פון טעאַטער האָבען איהם אויך ליעב געהאַט. ער האָט מיר אָנגערופען זייערע נעמען, דערצעהלט מיר אלעס, אלעס, הערר דאָקטאָר, אזעלכע איינצעלהייטען, אז מיר האָט דאָס הארץ געבלוטעט.

און ער האָט דערפון ניט אויפגעהערט צו רעדען, האָט ווידער און אָבער אָנגעהויבען דיזעלבע געשיכטע פון אָנהויב, דערצעהלט זי ביז'ן סוף און איז דערביי געווען אזוי גליקליך, אז איך האָב געמוזט מאכען אַן אָנשטעל ווי איך לאַך, כדי ער זאָל ניט ווערען בייז.

אפשר איז דאָס אלעס אין גאנצען ניט געווען אמת. ער האָט זיך אזוי ליעב געהאַט צו בעריהמען, האָט אזוי גוט געקענט עפּעס אויסטראכטען, און אפשר איז עס טאקע יא געווען אמת. אין אזעלכע אבענדען האָט ער געמאכט אַן אָנשטעל, ווי ער וואָלט געווען שרעקליך מיעד און נאָכ'ן עסען איז ער גלייך צו בעט געגאנגען. מיר האָבען געגעסען ערשט א זייגער עלף, הערר דאָקטאָר, וואָרים ער איז קיינמאָל ניט געקומען אהיים פריהער פאַר דער צייט, ווייל ער האָט געארבייט אין אבענד.

ווען ער האָט שוין געהאַט דערצעהלט זיין ליעבעס געשיכטע, האָט ער גענומען רויכערען סיגארעטלאך, בעת ער איז ארומגעגאנגען הין און צוריק איבער'ן צימער. און ער איז געווען אזא שעהנער יונג מיט זיינע פערדרעהטע וואָנצעס און די לאָקען, אז

איך האָב מיר געטראכט: עס מוז זיין אן אמת, וואס ער דער־צעהלט. אויב איך בין אזוי משוגע פאר איהם, טאָ פארוואס זאָ־לען די אַנדערע אויך ניט זיין? אך, און דאַן האָט זיך מיר גע־וואָלט וויינען, שרייען, אנטלויפען, זיך פון פענסטער ארויסוואַר־פען, אָבער איך האָב שטיל פון טיש אבגעראמט, בעת ער האָט נאָך אלץ גערויכערט. ער האָט געגענעצט, אויפגעריסען ווייט דאָס מויל, אום מיר צו ווייזען, ווי מיעד ער איז. און דאַן איידער ער האָט זיך אין בעט געלעגט, האָט ער געזאָגט צוויי דריי מאָל: היינטיגע נאכט וועל איך אָבער גוט שלאָפען!

איך בין אויף איהם גאָר ניט בייז, ווייל ער האָט ניט גע־וואוסט, ווי ער האָט מיר וועה געטהאָן. ניין, דאס האָט ער ניט געקענט וויסען. עס איז ביי איהם געוואָרען אזא נאַטור זיך צו בעריהמען מיט די פרויען. און צום סוף האָט ער זיך איינגע־רעדט, אז אלע קוקען אויף איהם און ווילען איהם האָבען. אבער ווען ער איז אלט געוואָרען, איז די געשיכטע געוואָרען זעהר טרוי־עריג.

אך, הערר דאָקטאָר, ווען איך האָב זיין ערשטע ווייסע האָר דערזעהן, האָט עס מיר אַ זעץ געטהאָן אין הארצען, אז איך האָב ניט געקענט דעם אָטהעם אָבכאַפּען. און דאַן האָב איך זיך דער־פרעהט, אַ ניעדערטרעכטיגע פרייד איז אויף מיר אָנגעפאַלען, אָבער אזא פרייד, אזא פרייד, איך קען עס אייך גאָר ניט אי־בערגעבען. נו, האָב איך צו זיך געזאָגט, איצט איז אַ סוף. איך האָב זיך געפיהלט, ווי מען וואָלט מיך בעפרייט פון אַ געפענג־ניס. איצט וועל איך איהם האָבען פאר זיך אליין, איצט, ווען די אַנדערע וועלען מעהר ניט וועלען וויסען פון איהם.

דאָס איז געשעהן איין מאָל אַ פריהמאָרגען אין בעט, ער איז נאָך געשלאָפען. איך האָב זיך איינגעבויגען איבער איהם, כדי איהם אויפצואוועקען און האָב איהם אַ קוש געטהאָן. און דאָ האָב איך דערזעהן אין זיין לאָקען אויפ'ן שלייף אַ קליינעם פאָדים, וועלכער האָט געגלאַנצט ווי זילבער. אזא איבעראַשונג! איך וואָלט עס קיינמאָל ניט געגלויבט. צוערשט האָב איך עס געוואָלט אויסצופּען, אז ער זאָל עס ניט בעמערקען. אבער ווען

איך האָב זיך גוט צוגעקוקט, האָב איך געפונען אַביסעלע העכער אויבען נאָך איינעם. ווייסע האָר, ער האָט געקראַגנען ווייסע האָר. דאָס האַרץ האָט מיר גענומען קלאַפּען, איך בין געוואָרען גאַנץ שוואַך און דאָך בין איך געווען העכסט צופריעדען.

עס איז מיאוס אַזוי צו דענקען, אָבער אין יענעם פריהמאָר־גען האָב איך זעהר אַ צופריעדענע געטהאָן מיין שטוב אַרבייט און איהם ניט אויפגעוועקט. און ווען ער האָט געעפענט די אויגען האָב איך געזאָגט צו איהם:

— ווייסט וואָס איך האָב געפונען בעת דו ביזט געשלאָפען?

— ניין.

— איך האָב אויסגעפונען, אַז דו האָסט ווייסע האָר.

ער איז געוואָרען אַ פערצאַפּעלטער, האָט זיך אַ הויב גע־טהאָן פון בעט, ווי איך וואָלט איהם געקיצעלט, און האָט גע־ענטפערט שטאַרק אין כעס:

— דאָס איז ניט אמת.

— יאָ, אויף דער לינקער שלייף זיינען דאָ פיער שטיק.

ער איז אַרויסגעשפּרונגען פון בעט און איז צוגעלאָפען צום שפּיעגעל.

ער האָט זיי ניט געפונען. דאַן האָב איך איהם אָנגעוויעזען אויף דעם ערשטען גאַנץ אונטען, דעם געקרויזטען ווייסען האָר און האָב געזאָגט:

— ביי אַזאַ לעבען איז דאָס גאָר קיין וואונדער ניט. פון היינט אין צוויי יאָהר אַרום ביזטו אַ פאַרטיגער.

וואָס זאָל איך אייך דאָ לאַנג דערצעהלען, הערר דאָקטאָר, ווי איך האָב געזאָגט, אַזוי איז געווען. אין צוויי יאָהר אַרום וואָלט איהר איהם שוין ניט דערקענט. ווי שנעל אַזאַ מאַן פערענדערט זיך. ער איז נאָך געווען אַ גאַנץ שעהנער יונג אָבער די פרישׂ־קייט איז אַוועק און די פרויען האָבען זיך שוין אויף איהם ניט אומגעקוקט. אַך, אין דער צייט איז מיר געגאַנגען זעהר שלעכט, איך האָב זיך דאַן זעהר אַ סך אויסגעליטען. קיין זאַך איז איהם ניט געפעלען, קיין זאַך ניט, גאָר נישט. ער האָט געוואָרפען זיין בעשעפטיגונג און איז געוואָרען אַ הוט מאַכער. דערביי האָט

ער פערלאָרען זיין גאַנץ פערמעגען. דאַן האָט ער געוואַלט ווערען אַן אַקטיאָר, אַבער דאָס האָט זיך איהם ניט איינגעגעבען, און דאַן האָט ער אָנגעהויבען ארומצולויפען אויף די בעלער. צום סוף איז ער געקומען אַביסעל צום שכל און האָט אַבגעלייגט אַבי־סעל געלד אַן אַ זייט און דערפון לעבען מיר. מיר שטופּען זיך ווי עס איז דורך, אַבער קיין גליקען מאַכען מיר ניט. און איהר מוזט וויסען, אַז ער האָט אַמאָל געהאַט כמעט אַ פערמעגען.

און איצט זעהט איהר דאָך, ווי ער פיהרט זיך אויף. דאָס איז עפּעס ווי אַ משוגעת אין איהם. עס ווילט זיך איהם זיין יונג, ער מוז טאַנצען מיט פרויען, פון וועלכע עס שטינקט פּאַר־פיום און פּאָמאַד. אָרימער, ליעבער, אַלטער קערל!

גאַנץ בעוועגט, מיט טרערען אין די אויגען האָט זי געקוקט אויף איהר אַלטען, כראָפּענדיגען מאַן. דאַן איז זי שטיל, מיט לייכטע טריט צו איהם צוגעגאַנגען און איהם צערטליך אַ קוש גע־טהאָן אויף די האָר.

דער דאָקטאָר איז אויפגעשטאַנען אַוועקצוגעהן. ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען צו דעם דאָזיגען, מערקווירדיגען אַל־טען פּאָר פּאָלק.

דאַן האָט זי געזאָגט איידער ער איז אַוועק:

— זייט אַזוי גוט און גיט מיר אייער אדרעס, טאָמער ווערט ער קראַנק, זאָל איך וויסען וואו איך צו געפינען.



# דער וואָלף



יים באַהאַן דע ראַוועל אויף'ן מאַהלצייט האָבען די געסט נור גערעדט וועגען געיעג, ווי אַזוי דער, יענער האָט אוועקגעלייגט פערשיעדענע חיות. זאָגאַר די דאַמען האָבען פעראינטערעסירט די דאָ־זיגע בלוטדורשטיגע און אָפט גאַנץ אונמעגליכע געשיכטען.

די ערצעהלער האָבען גערעדט מיט היטץ, זשעסטיקולירט הויך מיט די אָרעמס, און מיט ברענענדיגע פאַרבען געשילדערט זייער קאַמפף מיט די חיות, אַזוי דאָס אונז האָט זיך אויסגעוויזען, אַז מיר זעהען דעם דאָזיגען קאַמפף ווי לעבעדיג.

דאָ האָט דער אַלטער מאַרקיז דע אַרוויל אונז אַ געשיכטע דערצעהלט.

גראַד מיט אַ טאָג צוריק האָט מען אַ הירש געהעצט, און דער מאַרקיז איז געווען דער איינציגער פון אַלע געסט, וואָס האָט אין דעם קיין אנטהייל ניט גענומען, ווייל ער איז קיין מאָל ניט געגאַנגען אויפ'ן געיעג.

דער מאַרקיז האָט דערצעהלט זעהר גוט, אפילו אַביסעלע אין אַ צו הויכען טאָן, אַביסעלע צו פּאַטעטיש, אָבער זעהר עפעקטפול. עס איז קענטיג געווען, אַז ער האָט אַ סך פריהער דערצעהלט די אייגענע געשיכטע, ווייל די ווערטער זיינען ביי איהם געפלאָסען לייכט, אָהן אַן אָבהאַלט, און יעדעס וואָרט איז ווי אויסגעקליבען געווען, כדי צו מאַכען אַן איינדרוק.

— מיינע הערען, איך בין קיינמאָל אויף געיעג ניט געגאַנגען, מיין פאָטער אויך ניט, מיין זיידע און מיין עלטער־זיידע אויך ניט. דערפאַר איז מיין עלטער־זיידע'ס פאָטער אויף געיעג געגאַנ־

גען מעהר ווי איהר אַלע צוזאַמען. ער איז געשטאָרבען אין׳ם יאָהר 1764 און איך וויל אייך דערצעהלען, ווי.

ער האָט געהייסען זשאַן, איז געווען פערהייראַט און דער פאָטער פון אַ קינד, וואָס איז געוואָרען מיין עלטער־זיידע. ער האָט געוואָהנט מיט זיין אינגערען ברודער פראַנץ דע אַרוויל אין אונזער שלאָס אין לאָטהרינגען, וועלכער האָט זיך געפונען אין מיטען וואַלד.

פראַנץ דע אַרוויל איז צוליעב דעם געיעג געבליבען אַן אַלטער בחור.

די ברידער זיינען אויף געיעג געגאַנגען יעדען טאָג דורכ׳ן יאָהר. דאָס האָט זיי אינטערעסירט און ווייטער גאָר נישט.

די ליידענשאַפט צום געיעג האָט זיי איינפאַך פערשקלאַפט, וועגען עפּעס אַנדערש האָבען זיי גאָר ניט געקענט טראַכטען. זיי האָבען ניט געוואָלט לייענען, אַז עמיצער אָדער עפּעס זאָל זיי אין דעם שטערען. פאַר קיין זאַך אין דער וועלט וואָלטען זיי ניט אָפּ־געגעבען איין טאָג פון געיעג. מיין עלטער־זיידע איז געבאָרען געוואָרען, בעת זיין פאָטער האָט זיך נאָך אַ פוקס געיאָגט, און אַז מען איז צו איהם געקומען, צו מיין עלטער־זיידענס פאָטער, מיט דער בשורה, אַז זיין ווייב האָט איהם אַ זוהן געבאָרען, האָט ער זיין געיעג ניט אונטערבראָכען, נאָר האָט אויסגעזידעלט זיין ניי־געבאָרענעם זוהן, למאי ער האָט זיך אַזוי געאיילט צו קומען אויף דער וועלט...

זיין ברודער פראַנץ האָט געליעבט דעם געיעג נאָך מעהר ווי ער. באַלד ווי זיי זיינען אויפגעשטאַנען, זיינען זיי גלייך געגאַנגען צו זייערע הינט, דערנאָך אין שטאַל, און דעם גאַנצען וועג, ביז זיי זיינען צוגעקומען צום וואַלד און אָנגעהויבען דעם ריכטיגען געיעג אויף גרויסע חיות, האָבען זיי דערוויילע געשאָסען פייגעל.

אין דער גאַנצער געגענד זיינען זיי בעקאַנט געווען אַלס דער „הערר מאַרקיז“ און „דער אינגערער“.

זיי זיינען געווען אמת׳ע ריעזען, הויכע, ברייטע, שטאַרק־האָאריגע מענער און האָבען געהאַט בערישע כחות. דער אינגע־רער איז נאָך געווען מעהר גבור ווי דער עלטערער ברודער און זיין קול האָט געקלונגען אַזוי הויך, דאָס, ווי די לעגענדע געהט,

די בלעטער פון די ביימער האָבן געציטערט, בעת ער האָט אַ געשריי אַרויסגעלאָזט.

עס האָט געמוזט זיין גאַנץ אינטערעסאַנט צו זעהן, ווי די דאָזיגע צוויי גבורים האָבן אויף זייער פערד זיך געיאָגט נאָך חיות.

אין׳ם יאָהר 1764 איז דער ווינטער געווען זעהר אַ קאַלטער, אַזוינע מורא׳דיגע פרעסט זיינען דאַן געווען, דאָס די הונגעריגע וועלף זיינען געפעהרליך געוואָרען.

זיי זיינען זאַגאַר בעפאַלען אַ פּאָאר פּויערים, וועלכע האָבן זיך שפּעט צוריקגעקעהרט אין זייער דאָרף, האָבן ביינאַכט אַרומ־געריננעלט די הייזער, געוואויעט פון זונען־אונטערגאַנג ביז גרויסען טאָג און אַריינגעבראָכען זיך אין די פיה־שטאַלען.

באַלד האָט זיך גענומען טראָגען אַ קלאַנג, אַז אַ גרויסער וואָלף מיט אַ גרויען, כמעט ווייסען, פעל, האָט זיך אין דער געגענד בעוויזען. ער האָט צוויי קינדער אויפגעפרעסען, ביי אַ פרוי דעם אָרעם אָפּגעביסען, אַלע געיעג־הינט פון דער געגענד צוריסען, און רייסט זיך אַריין ביינאַכט אין די פערשלאָסענע הויפען און לויערט אַרום אויף מענשען און אויף פיה. אַלע האָבן דערצעהלט, אַז זיי האָבן זיין אָטהעם געשפּירט, פון וועלכען די פלאַמען פון די ליכט האָבן געפלאַקערט. די גאַנצע געגענד איז פערציטערט געוואָרען. קיינער האָט זיך ניט אָטוואַזשעט די טיהר צו עפענען, ווי נאָר עס איז נאַכט געוואָרען. יעדען האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז דאָרט אין דער פינסטערניש וואַרט דער שרעקליכער וואָלף אויף איהם...

דיביידע ברידער האָבן בעשלאָסען, צו דער׳הרג׳ענען דעם וואָלף. און זיי האָבן איינגעלאַדען אַלע פּריצים פון דער געגענד צו דעם גרויסען געיעג.

אָבער אומזיסט. מען האָט איהם געזוכט אין די וועלדער, אין דער גאַנצער געגענד אַרום, אָבער קיין שפּור פון איהם. מען האָט אַוועקגעלייגט אַ סך וועלף, אָבער ניט דעם. און שטענדיג, נאָכ׳ן געיעג, ווי נאָר די נאַכט איז צוגעפאַלען, איז אַרויסגעוואַקסען ערגעץ דער דאָזיגער וואָלף, אַזוי ווי ער וואָלט וועלען נקמה נעהמען

פיר די אַנדערע דער'הרג'עטע וועלף, איז בעפאלען דאָ אַ מענשען, דאָרט אַ הויז־טיער, און אַלע מאָל ווייט פון דעם פּלאַץ, וואו מען האָט איהם געזוכט.

און איינמאָל ביי נאַכט האָט זיך דער וואָלף אריינגעכאַפּט אין דעם שוויינען־שטאָל פון'ם שלאַם אויך און אַוועקגערויבט צוויי פון די שעהנסטע שוויינען.

דאָס האָט די ביידע ברידער אַנגעצונדען פלאַם־פייער; זיי האָבען עס געהאַלטען פאַר אַ פּערזענליכע בעליידיגונג, פאַר אַ פּרעכע אַרויספאָדערונג פון דער ווילדער חיה זיי צום קאַמפּף. און זיי האָבען די אַרויספאָדערונג אַנגענומען. זיי האָבען מיט־גענומען אַלע זייערע הינט, וועלכע האָבען שוין געהאַט דורכגע־מאַכט ניט איין קאַמפּף מיט גרויסע ווילדע חיות, און זיינען אַוועק־געריטען צום וואַלד צו מיט ברענענדיגען צאָרן אין הארצען.

פון גאַנץ פריה ביז די זון האָט זיך פערקייקעלט אַ גליהענדיג־רויטע הינטער די נאַקעטע בוימער, האָבען זיי איהם געזוכט און ניט געפונען.

זיי זיינען שוין געפאָהרען צוריק אַהיים דורך'ן וואַלד, טריט ביי טריט, איבער אַן אַלטע, בייז און פערצווייפעלט. זיי האָבען זיך געוואונדערט איבער די שטיק, וואָס דער וואָלף שפּיעלט מיט זיי און געפיהלט עפּעס אַ סאָרט געהיימע שרעק.

דער עלטערער ברודער האָט זיך אַנגערופען:

— עס קען ניט זיין, אַז עס איז אַ געוועהנליכער וואָלף. ער רעכענט אוים זיינע פּלענער ווי אַ מענש.

דער אינגערער האָט געענטפערט:

— מיר האָבען געדאַרפט בעטען אונזער פעטער דעם בישאָף, ער זאָל געבען אַ ברכה איבער אונזערען אַ קויל, אָדער אַ פּריעסטער האָט מען געדאַרפט בעטען...

דערנאָך האָבען זיי אַ ווייַלע געשוויגען. דאַן האָט זשאַן זיך ווידער אַנגערופען:

— זעה נאָר, ווי די זון איז רויט. אַ סימן, אַז דער גרויסער וואָלף וועט היינטיגע נאַכט ערגעץ ווידער מאַכען אַ חורבן.

ער האָט נאָך ניט דערערעדט דאָס לעצטע וואָרט, ווי זיין

פערד האָט זיך אויפגעשטעלט מיט די פאָדערשטע פיס און זיין ברו־דער'ס פערד האָט זיך א וואָרף געטהאָן אָן א זייט. פון צווישען די געדיכטע בוימער, וואו טרוקענע בלעטער זיינען געלעגען, האָט זיך בעוויזען פאַר זייערע אויגען אַ מעכטיגע גרויע חיה און זיך אוועק־געטהאָגען איבער קרומע וועגען דורכ'ן וואַלד.

דיביידע ברידער האָבען ארויסגעלאָזט א מין פריידענס־גע־שריי, אויסגעצויגען זיך אויף זייערע פערד און געקלאַפּט זיי אין די זייטען מיט די שפּאָרען, געשמיסען זיי מיט די בייטשען, גע־יאָגט זיי מיט זייערע ווילדע געשרייען און עס האָט זיך אויסגע־וויזען, אַז די דאָזיגע צוהיצטע רייטער האָבען זייערע פערד צווישען די קנעכלאַך געטראָגען און מיט זיי אהין געפלויגען...

אזוי האָבען זיי זיך געטראגען אין משוגענעם גע'יעג דורך געדיכטע בוימער, געשפּרונגען איבער טיעפע גריבער, געקלעטערט אויף משונה'דיגע בערג און ארונטערגעלאָזט זיך משוגענערווייז אין די טיעפע טהאָלען, און געבלאָזען דערביי אין זייערע האָרענס מיט אַלע קרעפטען, גערופען זייערע לייט מיט די הינט צו הילף.

און דאָ האָט דער עלטערער ברודער פּלוצים מיט'ן שטערען זיך אָנגעשטויסען געגען אַ מעכטיגען צווייג, וואָס האָט ארונטער־געהאנגען פון אַ בוים. דער צווייג האָט איהם צושמעטערט דעם שאַרבען און אַ טויטער איז ער ארונטערגעפאַלען פון'ם זאָטעל, וועהרענד זיין ווילד־געוואָרענער פערד האָט זיך אוועקגעטראָגען ווייטער און איז פערשוואונדען אינ'ם שאָטען פון וואַלד.

דער אינגערער האָט גלייך אָפּגעשטעלט זיין פערד, איז אַרונ־טערגעשפרונגען אויף דר'ערד, האָט געפּרובט זיין ברודער אויפהוי־בען, און האָט דערזעהן אַז פון דער אָפענער וואונד האָט דער מאַרך אינאיינעם מיט'ן בלוט ארויסגעשטראָמט.

האָט ער זיך אוועקגעזעצט נעבען דעם דער'הרג'עטען, ארויפ־געלייגט דעם בלוטיגען, צושפּאָלטענעם קאָפּ צו זיך אויף די קניה און איז געבליבען אזוי זיצען דערשלאָגען, די אויגען אויף דעם אונבעוועגליכען פּנים פון זיין ברודער אויסגעשטעלט. און ביס־לעכווייז האָט איהם אַ פּחד אָנגעכאַפּט, אזא פּחד, וואָס ער האָט נאָך קיין מאָל אויף זיין לעבען ניט געפיהלט: דער פּחד פאַר דער

דונקעלער נאַכט, פאַר דער איינזאַמקייט, פאַר דער שטילקייט פון'ם וואַלד און אויך פאַר דעם געהיימניספולען וואָלף, וואָס האָט ערשט זיין ברודער דער'הרג'עט, כדי אָפּצורעכענען זיך מיט זיי ביידען.

ארום איז געוואָרען פינסטערער און פינסטערער. דער וואַלד האָט געקרעכצט פאַר ביטערער קעלט. פראַנץ איז אויפגעשטאַנען, האָט געציטערט, איז ניט אימשטאַנד געווען דאָ לענגער צו בלייבען. ער האָט געפיהלט, אַז אָט באַלד, באַלד וועט ער פאַלען אין חלשות. מען האָט מעהר גאָר נישט געהערט, ניט דעם בילען פון די הינט, ניט קיין אנדער לעבעדיגען קלאַנג. אַלצדינג האָט געשוויגען אין דער דונקעלער ווייטקייט. און די דאָזיגע איינזאַמע שטילקייט אין דעם דאָזיגען פראָסטיגען, מורא'דיג־קאַלטען אבענד האָט עפּעס ווי מיט שווערען שרעק געהויכט...

ער האָט גענומען דעם ריעזיגען קערפּער פון זיין ברודער זשאַן אין זיינע מעכטיגע אָרעמס אריין, אויפגעהויבען און אוועקגעלעגט איהם איבער'ן זאָטעל, אום צו ברענגען איהם צוריק אין שלאָס. דערנאָך האָט ער זיך אַליין ארויפגעזעצט אויפ'ן פערד און איהם לאַנגזאַם געלאָזט געהן, טריט ביי טריט. דערביי האָט ער זיך גע־פיהלט, אזוי ווי ער וואָלט צופיעל געטרונקען, און מורא'דיגע ביל־דער און געזיכטער האָבען זיך פאַר זיינע אויגען געמישט.

פּלוצים איז אריבערגעגאַנגען דעם וועג, וועלכען די דונקעלע נאַכט האָט איינגעהילט, א גרויסע געשטאַלט. עס איז געווען דער ווילדער וואָלף. פערטרוויסעלט איז געוואָרען דער יעגער. עפּעס קאַלטעס, ווי א וואסער־טראָפּען, האָט זיך ארונטערגעגליטשט אי־בער זיין רוקען און ער האָט זיך איבערגע'צלמ'ט, ווי א מאָנאַך, וועלכער וואָלט דעם טייפעל דערזעהן.

אזוי דערשראָקען האָט ער זיך איצט פאַר דער דאָזיגער חיה. אָבער זיינע אויגען זיינען ווידער געפאַלען אויף דעם אונבעוועג־ליכען פּנים פון דעם טויטען, וואָס איז געלעגען פאַר איהם. און פּלוצים האָט זיין מורא אין פלאַמענדיגען צאָרן זיך פערוואַנדעלט, און אַלע זיינע גליעדער האָבען אָנגעהויבען צו ציטערען.

ער האָט א קלאַפּ געטהאָן זיין פערד מיט די שפּאָרען און זיך א לאָז געטהאָן נאָכ'ן וואָלף. ער האָט זיך געיאָגט נאָך איהם

דורכ'ן וואַלד, איבער קרומע וועגען און שטעגען, אין דער ברייט און אין דער לענג, האָט ניט געזעהן די בוימער פאַר זיך, די אויגען איינגעגעסען נאָר אין דעם העלען פלעק, וועלכער האָט זיך פאַר איהם געטראָגען אין דער דונקעלער נאַכט.

זיין פערד האָט אויך, דאַכט זיך, איצט אַרויסגעוויזען מעהר קראַפט און דרייסטקייט ווי ווען עס איז פריהער, אויסגעצויגען דעם לאַנגען האַלז, האָט ער זיך געטראָגען ווי אַ שטורעם פאַר־אויס, וועהרענד דער קאָפּ און די פיס פון דעם טויטען, וועלכער איז געלעגען איבער'ן זאָטעל איבערגעלייגט, האָט זיך נאָכאַנאַנד אָנגעקלאַפּט אָן די בוימער און פעלזען.

דער יעגער איז געפלויגען און זיינע שפּאָרען האָבען געריסען גאַנצע שטיקער פלייש דעם פערד.

פּלוצים זיינען אַרויסגעקומען חיה און רייטער פון'ם וואַלד און זיינען אַרונטערגעשפּרונגען אין אַ טהאָל, גראַד בשעת די לבנה איז אויפ'ן הימעל אויפגעגאַנגען. דער טהאָל איז פול שטיי־נער געוועזען, פון מעכטיגע פעלזען אַרומגערינגעלט. קיין אַרויסגאַנג איז ניט געוועזען, און דער וואָלף האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווי אומצוקעהרען זיך.

דאַן האָט פּראַנץ אַרויסגעלאָזט אַ פריידענס־געשריי, וואָס האָט אָפּגעהילכט איבער די פעלזען ווי אַ דונער, איז אַרונטער־געשפּרונגען פון'ם פערד מיט דעם הירש־פאַנגער אין דער האַנד.

דער וואָלף האָט געוואַרט אויף איהם מיט אויפגעשטעלטע האָר און אויסגעקרימטען רוקען. זיינע אויגען האָבען געפינקעלט ווי שטערען.

אָבער איידער דער העלדישער יעגער האָט דעם וואָלף אָנגע־גריפען, האָט ער אַ כאַפּ געטהאָן זיין ברודער, אוועקגעזעצט איהם אויף אַ פעלז, אונטערגעשטיצט זיין קאָפּ, וואָס איז איצט געוועזען נאָר איין גרויסע בלוטיגע וואונד, מיט שטיינער און זיך געווענדעט צו איהם מיט אַזאַ קול, אַזוי ווי ער וואָלט מיט אַ טויבען גערעדט:

— דו וועסט איצט עפּעס זעהן, זשאַן! דו וועסט איצט עפּעס זעהן!

דערנאָך האָט ער זיך אַ וואָרף געטהאָן אויפ'ן וואָלף. ער

האָט געפּיהלט אין זיך כחות גענוג, אַ באַרג אומצואוואַרפען, שטיי־נער מיט די הענד אויף אַש צו צורייבען. דער וואָלף האָט איהם געוואָלט בייסען, געוואָלט איהם דעם בויך אויפרייסען, אָבער ער האָט איהם ביים האַלז געפּאַקט און איהם געדריקט, געדריקט מיט דער ליידיגער האַנד אָהן אַ געוועהר, ביז ער האָט איהם דערוואָר־גען. ער האָט געהערט, ווי זיין אָטהעם ווערט שוואַכער און שוואַ־כער און ווי זיין האַרץ הערט אויף צו קלאַפּען. און ער האָט גע־לאַכט פאַר ווילדער פרייד, וועהרענד ער האָט ווייטער צוגעדריקט, ווייטער און ווייטער און געשריען מיט אַ קול, אין וועלכען נצחון און פערגעניגען האָבען געקלונגען:

— דו זעהסט, זשאַן? דו זעהסט?

די חיה האָט זיך מעהר ניט געוועהרט, דער קערפּער פון׳ם וואָלף האָט זיך מעהר ניט געריהרט. ער איז געוועזן טויט.

דאַן האָט איהם זשאַן אויפגעהויבען, געבראַכט איהם צו שלעפּען צו דעם פּלאַץ, וואו זיין טויטער ברודער איז אויף׳ן פעלז געזעסען, און איהם צו זיינע פיס אַ שליידער געטהאָן.

— קוק איהם אָן, קוק איהם אָן, ליעבער זשאַן — האָט ער אַרויסגערעדט מיט ליעבע אין׳ם קול — דאָ ליעגט דער קערל!...

דערנאָך האָט ער אַוועקגעלייגטביידע קערפּערס פאַרזיכטיג איינעם אויף׳ן אַנדערען איבער׳ן זאַטעל, און איז אַוועקגעריטען.

אַז ער האָט זיך צוריקגעקעהרט אין שלאָס, האָט ער אַי גע־וויינט, אַי געפּרעהט זיך. מיט אַ טריאומפירענדער שטימע, ציטער־רענדיג מיט׳ן גאַנצען קערפּער פאַר פריידיגער אויפרעגונג, האָט ער דערצעהלט וועגען דעם טויט פון דער חיה; און מיט הייסע טרערען, רייסענדיג אויף זיך די האָאַר און ווילדען שמערץ, האָט ער דערצעהלט וועגען דעם טויט פון זיין ברודער.

און שפּעטער, אַז ער האָט אַמאָל וועגען דעם גערעדט, האָט ער אָפּט געזאָגט מיט טרערען אין די אויגען:

— דער אונגליקליכער זשאַן וואָלט גערן געשטאָרבען, אַבי נור צו קענען זעהן ווי אַזוי איך האָב די חיה דערוואָרגען. אין דעם בין איך זיכער.

די אַלמנה פון מיין עלטער־זיידע׳ס פאָטער האָט ערצויגען

איהר יתום אין אַ ברענענדיגען האָס געגען געיעג, און ער האָט זיינע קינדער אַזוי ערצויגען. און אַזוי בין איך אויך ערצויגען געוואָרען אין האָס געגען געיעג.

דער מאַרקיז דע אַרוויל איז אנשווייגען געוואָרען.

— דאָס איז אַן אויסגעטראַכטע געשיכטע, ניט אמת?

דער מאַרקיז האָט געענטפערט:

— איך קען שווערען, אַז די געשיכטע איז פון אָנהייב ביז'ן סוף אמת.

איינע פון די דאַמען האָט זיך דאַן אָנגערופען מיט אַ שטילער, ווייכער שטימע:

— אַזוי צי אַזוי, עס איז דאָך דאָ עפּעס שעהנעס אין אַזאַ ליידענשאַפט!



# דאָס בעט נומער 29



ען קאַפּיטאַן עפּיוועגט איז געגאַנגען אין גאַס, האָבען זיך אַלע פרויען אויף איהם אומגעקוקט. ער איז געווען א טיפּ פון אַ שעהנעם הוסאַר־אָפיציער. און ער האָט זיך דערפאַר טאַקע אָפּט ארומגעשלעפּט אירבער'ן שטאָדט, אָנגעבלאָזען ווי אַן ענדיק, שטאָלץ מיט זיינע פיס, זיין טאַליע, זיינע וואָנצעס. עס איז אמת, ער האָט געהאַט שעהנע וואָנצעס, גרויסע, בלאָנדע, פאַרדרעהטע אויפ'ן עכט מיליטערישען שטייגער. די טאַליע זיינע איז געווען שמאָל און ענג, ווי ער וואָלט געטראָגען א קאָרסעט, בעת די מעכטיגע מענליכע ברוסט איז געווען שטאַרק און ברייט. זיינע פיס זיינען געווען שעהן געפאָרעמט, ווי ביי א טענצער, און די מוסקעלען האָבען זיך ביי יעדער בעוועגונג אָנגעצויגען אונטער די שמאָלע, רויטע הויזען, וואָס האָבען ענג ארומגעכאַפּט דעם פוס.

ער איז געגאַנגען, די פיס און די הענד עטוואָס צושפּרייט, מיט דעם וויגענדיגען גאַנג פון אַ רייטער, וועלכער פאַרשטעהט ווי אם בעסטען צו ווייזען זיין קערפּער. אָנגעטהאָן אין זיין יוניפאָרם האָט קאַפּיטאַן עפּיוועגט אויסגעזעהן ווי אַ העלד, בעת אין ציוויל וואָלט ער קיין בעזונדערען איינדרוק ניט געמאַכט.

ווי אַ סך אַנדערע אָפיציערען, האָט קאַפּיטאַן עפּיוועגט ניט געקענט זיך ריכטיג אָנטהאָן אין ציווילנע קליידער. ווען ער פלעגט אַמאָל אָנטהאָן אַ גרויען אָדער אַ שוואַרצען אַנצוג, האָט ער אויסגעזעהן ניט אַ האָאָר בעסער פון אַ קלערק אין אַ קראָם. אָבער אין יוניפאָרם איז עס געווען שוין גאַר אַן אַנדער געשיכטע. איבריגענס האָט ער געהאַט אַ שעהנעם פנים, אַ פיינעם נאָז, בלויע אויגען און אַ שמאָלען שטערן. ער איז אָבער געווען פּליכעוואַטע,

הגם ער האָט קיינמאָל ניט געקענט פארשטעהן, פארוואָס די האָאר זיינען ביי איהם אויסגעפאַלען. ער האָט זיך געטרייסט דערמיט, אַז צו גרויסע וואָנצעס פאַסט זיך טאַקע אַ קאָפּ, וואָס איז אביסעלע פּליכעוואַטע.

אין אַלגעמיין האָט ער פּעראַכטעט די גאַנצע וועלט, דאָך זיי־נען אין זיין פעראַכטונג געווען פערשיעדענע שטופען.

פריהער פאַר אַלעמען האָט פאַר איהם ניט עקזיסטירט דער מענש פון מיטעל קלאַס. ער האָט ביי איהם געשפּיעלט דיזעלבע ראָלע, ווי עפּעס אַ חיה, און ער האָט זיך אויף איהם ניט אַרומ־געקוקט מעהר ווי אויף אַ פויגעל, אָדער אַ הוהן. פאַר איהם האָט זיך דער מענש ערשט אָנגעהויבען פון׳ם אָפיציער, אָבער אפילו ניט אַלע אָפיציערען האָט ער בעטראַכט פאַר זיין גלייכען. אייגענטליך האָט ער געשעצט בלויז די שעהנע יונגען, ווארום אַ שעהנער אויס־זעהען איז נאָך זיין מיינונג, געווען דאָס איינציגע און דאָס אמת מיליטערישע אין׳ם אָפיציער. דער סאָלדאַט איז פאַר איהם געווען אַ יונג, געמאַכט בלויז פאַר מלחמה און פאַר ליעבע. אַ מענש מיט מוסקולען, מיט וואָנצעס און שטאַרקע לענדען, מעהר גאָרנישט. די גענעראַלען פון דער פראַנצויזישער אַרמעע האָט ער געשעצט נאָך זייער אויסערליכען אויסזעהן, זייער האַלטונג און דער לייגג פון זייערע וואָנצעס. באורבאַקי איז דערפאַר געווען ביי איהם דער גרעסטער קריעגס־מאַן פון דער נייער צייט.

איבער זיינע קאַמעראַדען, פון ניעדעריגען וואוקס, האָט ער בלויז געלאַכט. איבערהויפּט האָט ער שרעקליך פעראַכטעט די אָרימע יונגען, וועלכע זיינען געקומען פון דער פּאָליטעכנישער שוהלע; יענע קליינע אונגעלומפּערטע, אונגעשיקטע מענשען אין ברילען, פּאַסען זיך אַזוי צום מיליטערישען יוניפאָרם, ווי אַ קאַניג־בען צו לעזען די מעססע, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט. ער איז געווען אויסער זיך, פאַרוואָס מען דולדעט אין דער אַרמעע אָט די דאָזיגע אָרימע יונגען מיט זייערע דינע פיס ווי ביי אַ שפּין, וועל־כע טרינקען ניט, עסען ווייניג און האָבען ליעב דאָס שטודירען מעהר ווי אַ שעהן מיידעל.

קאַפּיטאַן עפּיוועגט אַליין האָט געהאַט גרויס ערפאָלג ביי דעם שעהנעם געשלעכט.

יעדעס מאָל וואָס ער האָט געגעסען מיט אַ פרוי סאַפּער, איז ביי איהם געווען אַ זיכערע זאַך, אַז ער וועט פאַרברענגען מיט איהר די נאַכט אויף דיזעלבע קאָפּ־קישענס. און ווען שטאַרקע הינדער־ניסע האָבען איהם אונמעגליך געמאַכט אויסצופיהרען זיין פערלאַנג היינטיגען אָבענד, איז ער אָבער געווען זיכער אין זיין זיעג אויפ'ן צווייטען טאָג. די קאַמעראַדען זיינע האָט ניט געשמעקט, ווען ער האָט זיך געטראָפען מיט זייערע געליעבטע, און די אייגענטהימער פון מאַגאַזינען וועלכע האָבען געהאַט שעהנע פרויען, האָבען פאַר איהם מורא געהאַט און איהם געהאַסט.

ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען אַ געשעפט, האָט די פרוי הינ־טער די שוי־פענסטער זיך ניט וועלענדיג איבערגעוואָרפען מיט איהם מיט אַ בליק, איינער פון יענע בליקען, וואָס זאָגען מעהר ווי צערטליכע ווערטער, וואָס ענטהאַלטען אי אַ פראַגע אי אַן ענטפער, אי אַ וואונש, אי אַ צוזאָג. און דער מאַן, געוואָרענט פון זיין אייגענעם אינסטינקט, האָט זיך אומגעקוקט און געוואָרפען אַ בייזען בליק אויף דער שטאָלצער געשטאַלט פון'ם אָפיציער. און ווען דער קאַפּיטאַן איז שוין געווען פאַרבייגעגאַנגען שמייכלענדיג און צופריעדען מיט זיין ערפאָלג, האָט דער סוחר נערוועז אַ וואָרף געטהאָן דעם געגענשטאַנד וואָס ער האָט געהאַלטען אין האַנד און זיך אָבגערופען:

— אַזאַ אַלטער פראַנט. ווען וועלען מיר שוין אַמאָל אויפ־הערען צו קאָרמענען אָט די דאָזיגע טויגעניכטסען, די פּוסט און פּאַסניקעס, וואָס געהן ארום איבער'ן שטאָדט און קלינגען מיט זייער געוועהר. מיר איז אַ קצב ליעבער ווי אַ סאָלדאַט. אויב זיין שירץ איז פערבלוטיגט, דאַן איז עס פון בלוט פון חיות און ער טויג כאָטש אויף עפּעס, און זיין מעסער האָט ער אויך ניט כדי אומצוברענגען מענשען. איך פערשטעה נור ניט פאַרוואָס מען פאַרוועהרט ניט אָט די דאָזיגע עפענטליכע מערדער ארומצושלע־פען זייער געוועהר איבער די גאַסען. איך וויים, אַז מען דאַרף די

חברה אמאָל האָבען, אָבער מען האָט זיי געדראָפּט האַלטען בע־האַלטען און ניט לאָזען ארומגעהן אין די גאַסען אין רויטע הויזען און בלויע רעק, ווי די קאָמעדיאַנטען. דעם תליון לאָזט מען דאָך ניט ארומגעהן יעדען טאָג אין זיין יוניפאָרם, ניט אמת?

די פרוי פלעגט ניט ענטפערען, פלעגט בלויז א ציה טהאָן מיט די אקסלען און דער מאַן פלעגט ווערען נאָך מעהר אין כעס און אויסגערופען:

— די חברה־לייט זיינען בלויז פאַר די נארישע ווייבער!

אויף יעדען פאַל איז קאַפּיטאַן עפּיוועגט געווען בעקאַנט אין דער גאַנצער פראַנצויזישער ארמעע אַלס א יעגער אויף מיידלאַך. דאַן איז זיין רעגימענט אין יאָהר 1868 אָנגעקומען אין רועָן.

באַלד האָט איהם געקענט די גאַנצע שטאָדט. יעדען אָבענד א זייגער פינף פלעגט ער זיך בעוויייזען אין טהעאַטער קאַפע, אום דאָרט צו טרינקען אן אבסינטי. אָבער איידער ער איז אריין אין קאַפע־הויז, האָט ער א צייט פריהער ארומגעשפּאַצירט, כדי צו ווייזען זיינע פיס, זיין טאַליע און זיינע וואָנצעס.

די געשעפטסלייט פון רועָן, וועלכע האָבען אויך ארומגעשפּאַצירט מיט הענד הינטער'ן רוקען פארלעגט און גערעדט צווישען זיך איבער זייערע געשעפטען, האָבען פון צייט צו צייט געוואָרפען אויף איהם א בליק און געמורמעלט:

— צום טייפעל, וואָס פאַר א שעהנער יונג ער איז!

און די, וואָס האָבען איהם שוין געקענט, האָבען צוגעלייגט:

— אה, קאַפּיטאַן עפּיוועגט. ער זעהט ווירקליך אויס אינ־טערעסאַנט.

ווען פרויען האָבען איהם באַגעגענט, האָבען זיי אויף א גאַנץ בעזונדערן שטייגער אָבגעקעהרט דעם קאָפּ און זייגען רויט געוואָ־רען פאַר שאַנדע, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך אנטקעגען איהם געפיהלט שוואַך אָדער נאַקעט. זיי האָבען עטוואָס איינגעבויגען דעם קאָפּ און א שמייכעל איז איבער זייערע ליפּען אריבער, א שמייכעל וואָס האָט אויסגעדריקט דעם וואונש איהם צו געפעהלען, דעם פערלאַנג צו כאַפּען פון איהם א בליק. ווען ער איז מיט א

קאַמעראַד געגאַנגען, האָט יענער יעדעס מאָל ווען זיי זיינען פאַרביי־
פּרויען פאַרבייגעגאַנגען, געזאָגט מיט קנאה און אייפערזוכט :

— נו, נו, האָסטו אַבער גליק !

צווישען די עפּענטליכע מיידלאַך פון שטאָדט האָט אויסגע־
בראָכען א שטרייט, א קאָנקורענץ, ווער פון זיי עס וועט איהם קרי־
גען. א זייגער פינף, אין דער זעלבער צייט ווי די אָפיציערען, זיי־
נען זיי אַלע געקומען אויף דעם שפּאַציער־פּלאַץ, און זיך געלאָזט
געהן זאַלבענאַנד, צו צוויי מיידלאַך הין און צוריק, שורשענדיג מיט
זייערע לאַנגע שלעפּעס, בעת די קאַפּיטאַנען, די לייטינאַנטען, די
אָפיציערען זיינען אויך געגאַנגען צו צוויי, צו פּאַרלאַך, קלינגענדיג
מיט זייערע שווערדען איבער'ן טראָטואַר, איידער זיי זיינען אין
קאַפע־הויז אריין.

דאן האָט איין מאָל אין אָבענד די שעהנע אירמא, פון וועלכער
מען האָט געזאָגט, אז זי איז די געליעבטע פון'ם רייכען פאַברי־
קאַנט טעמפּליער־פּאַפּאָן, אָבגעשטעלט איהר קאַרעטע אַנטקעגען
טהעאַטער, איז אַרויס און געמאַכט אַן אַנשטעל, אז זי וויל קויפען
פּאַפּיר אָדער וויזיט קאַרטען ביי דעם גראַווירער פּולאַרד. אָבער
זי האָט עס נור געטהאָן, כדי זי זאָל קענען פאַרבייגעהן פאַרביי
דעם אָפיציערישען טיש און דעם קאַפּיטאַן עפּיוועט וואַרפען א
בליק, וועלכער האָט קלאָהר גערעדט :

— אויב דו ווילסט... בין איך בעריים.

און דאָס איז בעוועזען אַזוי אויפאַלענד, אז דער קאָלאָנעל פּרונע,
וועלכער האָט געטרונקען גרינעם שנאַפּס מיט זיין לייטענאַנט, האָט
זיך ניט געקענט איינהאַלטען און אויסגעברומט :

— זעה, וואָס פאַר א גליק ער האָט, דער קערל !

די דאָזיגע בעמערקונג פון'ם קאָלאָנעל האָט זיך צושפּרייט
צווישען אַלע אָפיציערען און דער קאַפּיטאַן עפּיוועט האָט זיך
געפיהלט גליקליך צו הערען אַזעלכע ליבע ווערטער פון דעם מויל
פון זיין קאָלאָנעל. און צוליעב דעם טאָקע איז ער אויפ'ן
צווייטען טאָג אין פּאַלנער פאָרמע אַוועק שפּאַציערען אונטער די
פענסטער פון דער שעהנהייט.

זי האָט איהם דערזעהן, האָט זיך בעוויזען און געשמייכעלט.

נאָך אין דעם זעלבען אָבענד איז ער געוואָרען איהר געליעב־טער.

זיי האָבען זיך איבעראל געציינט צוזאַמען, האָבען זיךביידע קאָמפּראָמעטירט, און ביידע זיינען זיי שטאָלץ געווען איינער אויף דעם אנדער׳ן.

אין דער גאנצער שטאָדט האָט מען פון קיין אַנדער זאַך ניט גערעדט, ווי פון דער ליעבע צווישען דער שעהנער אירמא און דעם אָפיציער. נור איין הערר טעמפּליער פּאַפּאָן האָט זיך ניט וויסענדיג געמאַכט.

קאַפּיטאַן עפּיוועגט האָט געשטראהלט פאר גליק און שטאָלץ און יעדען מאָמענט האָט ער געזאָגט:

— די נאכט זאָגט צו מיר אירמא... ווען איך האָב נעכטען מיט אירמא׳ן געגעסען...

א יאָהר נאָכאנאנד האָט ער טריאומפירט און זיך געציינט אין גאנץ רוען מיט זיין ליעבע, ווי מיט א פאָהן, וועלכע ער וואָלט געהאט צוגענומען ביים שונא. דורך דעם דאָזיגען זיעג האָט ער זיך געפיהלט בעדייטענד גרעסער, פון אַלעמען בענײדעט, די צו־קונפט האָט זיך איהם געמאָהלען שעהן און זיכער, ווי דער קרייץ פון דעם עהרען לעגיאָן, וועלכע ער האָט אזוי געגארט צו האָבען. די גאנצע וועלט האָט אויף איהם געקוקט, און ווען מען האָט איינ־מאָל ערוועקט די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט, דאן קען מען ניט ווידער פארגעסען ווערען.

* * *

אָבער דאָ האָט אויסגעבראָכען די מלחמה און דעם קאַפּיטאַנ׳ס רעגימענט איז אוועקגעשיקט געוואָרען צום גרענעץ. דער אבשיעד איז געווען שווער און ריהרענד, ער האָט געדויערט די גאַנצע נאַכט.

דער שווערד, די רויטע הויזען, די קעפּקע, זיינען ארונטערגעפאַלען פון שטול און געלעגען אויף דר׳ערד; קליידער, אונטער־רעקען, זיידענע זאָקען האָבען זיך אויסגעמישט מיט פער־שיעדענע טהיילען פון דער יוניפאָרם און זיך אומעדיג צושפּרייט איבער׳ן קאָווער; דאָס גאנצע צימער איז געווען צוואָוואָרפען, צודרעהט עפּעס ווי מיט׳ן קאָפּ אראָפּ. א פארצווייפעלטע, מיט

צולאָזענע האָר איז אירמא געהאנגען אויף דעם אָפיציער׳ס האלז, האָט איהם אלע ווײלע ארומגענומען, דאַן אָבגעלאָזען איהם, זיך געוואָרפען אָן דר׳ערד, אויפגעוואָרפען שטוהלען, געריסען די פרענז פון די פאַטעל׳ן, געביסען אין פערצווייפלונג די ווענטלאַך פון שטוּ־לען, בעת דער קאַפּיטאַן, שטארק געריהרט, אָבער ניט געפינענדיג קיין טרייסט, האָט נאָכאנאנד געזאָגט:

— אירמא, מײן אָרימע אירמא, מען קען זיך ניט העלפען; עס מוז אַזוי זײן.

און פון צייט צו צייט האָט ער מיט א שפּיץ פינגער אָבגע־ווישט א טרעהר, וואָס האָט זיך אין זײנע אויגענווינקלען בעוויזען.

ווען עס איז טאָג געוואָרען, האָבען זיי זיך געזעגענט. ביז צו דער ערשטער סטאנציאָן האָט זי נאָכגעפאָלגט איהר געליעבטען אין א קארעטע, און ווען זיי האָבען זיך דאַן צושיידט, האָט זי איהם געקושט במעט פאַר דעם גאנצען רעגימענט אין די אויגען. אלע־מען איז דאָס זעהר געפעהלען, זיי האָבען עס געפונען זעהר ריה־רענד, זעהר שעהן און זאָגאר זעהר ווירדיג. און די קאַמעראַדען האָבען דעם קאַפּיטאַן געדריקט די האנד און געזאָגט:

— דו אַלטער בעל עבריה׳ניק, די קליינע האָט א גוט הארץ, מען מוז צוגעבען.

אלע האָבען אין איהר האלטונג געזעהן א פּאַטריאָטישע טהאַט.

* * *

דער רעגימענט האָט אין דער מלחמה שווערע פערלוסטען גע־האַט. דער קאַפּיטאַן האָט זיך געשלאָגען ווי א העלד און ענדליך האָט ער געקריגען דעם קרייץ פון דעם עהרען לעגיאָן. און ווען די מלחמה האָט זיך געענדיגט איז ער צוריק געקומען צו זײן גאר־ניזאָן אין רואן.

ער האָט זיך גלייך נאָכגעפרעגט אויף אירמא׳ן. אָבער קיינער האָט פון איהר גאָרנישט געוואוסט.

אייניגע האָבען געזאָגט, אַז זי איז אַוועק צו די פּרייסען און געהאַט מיט זיי פאַרקעהר.

אנדערע ווידער, אַז זי איז אַוועק צו איהרע עלטערן. פויערים ניט ווייט פון הוועטאַט.

ער האָט זאָגאר געשיקט זיין דענשטשיק אין ראטה־הויז, אום דאָרט נאָכצוזעהען די ליסטע פון די טויטע. דער נאָמען פון זיין געליעבטער האָט זיך דאָרט ניט געפונען.

ער איז געווען זעהר פארטרויערט און האָט עס אָפען ארויס־געוויזען. ער האָט זאָגאר ארויפגעוואָרפען די שולד פון זיין אונ־גליק אויפ'ן שונא, און האָט די פרייסען, וועלכע האָבען באזעצט רועז, געמאכט פעראַנטוואָרטליך פאַר איהר פערשווינדען. און דאַן האָט ער צוגעלייגט:

— זיי וועלען מיר אָבער דערפאַר בעצאָהלען אין דער נעקס־טער מלחמה!

דאַן, איין מאָל אין אַ געוויסען טאָג, ווען ער איז געקומען עסען פריהשטיק אין קאסינאָ, איז צו איהם צוגעגאַנגען אַ בעדיענטער, אַן אַלטער מאַן אין אַ בלוזע און אַ סאראַטענער היטעלע, און איהם דערלאַנגט אַ בריף. ער האָט איהם געעפענט און געלעזען:

„מיין ליעבער!

איך ליג אין שפּיטאָל, בין קראַנק, זעהר קראַנק. ווילסטו מיך בעזוכען? דאָס וואָלט מיך זעהר גליקליך געמאַכט.

אירמאַ".

דער קאַפּיטאַן איז בלייך געוואָרען און געזאָגט פול מיטלייד:

—אַ רחמנות נעבאך! די אָרימע מיידעל... גלייך נאָך פריהשר־טיק געה איך צו איהר.

און די גאַנצע צייט ביים עסען האָט ער אַלע דערצעהלט די אָפיציערען, אַז אירמאַ ליגט אַ קראַנקע אין שפּיטאָל.

אָבער צום טייפעל, ער וועט זי שוין פון דאָרט ארויסנעהמען. די פערפלוכטע פרייסען, דאָס איז אודאי זייער שולד. זי איז וואהרשיינליך געווען אליין, אָהן געלד, אַן עלענדע, איהר הויז האָ־בען זיי אודאי געפּלינדערט — אַף די לומפּען!

אַלע האָבען איהם בעוועגט אויסגעהערט.

ווי נאָר ער האָט אריינגעלעגט זיין סערוועטקע אין רינג, איז ער אויפגעשטאַנען, גענומען זיין שווערד פון קליידער סטענדער, אָנגעבלאָזען די ברוסט, כדי צו מאַכען די טאַליע שמאָל, פאַרשפּיע־

לעט דעם גאָרטעל און איז אוועק מיט שנעלע טריט צום שטאָדטי־שען שפּיטאָל.

אָבער דער אריינגאַנג אין שפּיטאָל איז איהם פון די בעאַמטע שטרענג פערבאָטען געוואָרען, הגם ער האָט גערענקט, אַז דאָס וועט איהם אָנקומען גאָר לייכט און ער האָט געמוזט אפריהער געהן צו זיין קאָלאָנעל, איהם ערקלעהרען די אורזאכען און קריגען פון איהם א רעקאָמענדאציאָן צו דעם הויפּט דאָקטאָר פון שפּיטאָל.

דער קאָלאָנעל האָט איהם א ווײַלע געלאָזט וואַרטען אין פּאָר־צימער און ערשט דאַן האָט ער דעם שעהנעם קאַפּיטאַן באַלד און ניט גאָר פריינדליך אויסגעהערט און איהם געגעבען די רעקאָ־מענדאציע.

אזוי שנעל ווי ער איז אריין אין שפּיטאָל, אין דעם ראָזיגען ווינקעל פון עלענד, ליידען און טויט, האָט ער זיך גלייך דערפיהלט אונאנגענעהם. א וועכטערין האָט איהם געפיהרט.

ער איז געגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער, כדי ניט צו מאַכען קיין טומעל, איבער די לאַנגע קאָרידאָרען, וואו עס האָט זיך גע־טראָגען א גערוך פון פּאַרפוילטקייט, פון קראַנקהייט און פון מע־דיצין. נור פון צייט צו צייט האָבען שטילע שטימען אונטער־בראָכען די אונהיימליכע שטילקייט פון׳ם שפּיטאָל.

אַלע ווייַלע האָט ער דורך אַן אָפענער טהיר געזעהען א זאַאַל מיט א לאַנגע רייהע בעטען, אויף וועלכע עס האָבען זיך אָבגעצייַ־כענט די קראַנקע קערפּערם.

מאַנכע קראַנקע זיינען געזעסען אויף שטולען צופוסען פון זייערע בעטלאַך, אַלע אין דיזעלבע קליידער פון גרויען לייווענט, מיט ווייסע מיצען אויף די קעפּ.

זיין פיהרערין האָט זיך פּלוצים אָבגעשטעלט פאַר א זאַאַל, פול געפּאַקט מיט קראַנקע. איבער דער טיהר איז געשטאַנען מיט גרויסע בוכשטאַבען: סיפיליטישע. דער קאַפּיטאַן האָט זיך א טרייסעל געטהאָן. ער האָט דערפיהלט, אַז ער איז רויט געוואָרען. א וועכטערין האָט צורעכט געמאַכט עפּעס א רפואה אויף א קליי־נעם הילצערנעם טישעל נעבען אריינגאַנג.

— איך וועל אייך אהין אריינפיהרען! — האָט זי געזאָגט,
— עס איז די בעט נומער ניין און צוואַנציג.

און זי איז געגאַנגען אין פאָרויס. דאַן האָט זי אָנגעוויזען אויף אַ בעטעל.

— דאָס איז עס.

מען האָט געזעהען בלויז אַ הויפען דעקעס, אפילו דער קאָפּ איז געווען בעהאַלטען אונטער דער דעקע.

פון איבעראַל האָבען זיך אויפגעהויבען בלייכע פּנים׳ער, ער־שטוינטע פרויען־אויגען, וואָס האָבען אָנגעקוקט די בליסטשענדיגע יוניפאָרם. צווישען זיי זיינען געווען אַי יונגע, אַי אַלטע פרויען, אָבער אַלע זיינען זיי געווען העסליך אין זייערע גרויע קראַנקען־קליידער.

דער קאַפּיטאַן איז געוואָרען צוטומעלט, האָט געהאַלטען דעם שווערד אין איין האַנד און דאָס היטעל אין דער אַנדערער. דאַן האָט ער אַ רוף געטהאָן:

— אירמאַ!

אין בעט האָט זיך עפּעס בעוועגט און דער פּנים פון זיין געליעבטער איז ארויסגעטראָטען, אָבער אַזוי פאַרענדערט, אַזוי מאָגער, אַזוי מיעד, אַז ער האָט איהם ניט דערקענט.

איהר האָט פאַרכאַפּט דעם אָטהעם און זי האָט געשטאַמעלט שטאַרק בעוועגט:

— אַלבערט, אַלבערט, דו ביזט עס. אַך, ווי גוט פון דיר... ווי גוט...

און טרעהרען האָבען פון איהרע אויגען אַ שטראָם געטהאָן.

די וועכטערין האָט געבראַכט אַ שטול:

— זיצט, מיין העהר.

ער האָט זיך געזעצט און געקוקט אויף דעם בלייכען, אויסגע־מוטשעטען פּנים פון דער דאָזיגער מיידעל, וועלכע ער האָט פאַר־לאָזען אַזוי שעהן, אַזוי יונג, אַזוי בליהענד.

ער האָט געפרעגט:

— וואָס איז מיט דיר געשעהן?

זי האָט געענטפערט וויינענדיג:

— דו האָסט עס דאָך געלעזען. עס שטעהט אָנגעשריבען אויפ'ן טהיר.

און זי האָט בעהאַלטען איהרע אויגען אונטער דער דעקע. פארצווייפעלט און פארשעהמט האָט ער געזאָגט:

— ווי אַזוי האָסטו עס געקראָגען, מיין אָרימע מיידעל?

זי האָט געפּליסטערט:

— פון די פּרייסען, די בעסטיעס. זיי האָבען מיך גענומען מיט געוואַלד און מיך אָנגעשטעקט, מיך פארגיפטעט.

ער האָט ניט געוואוסט, וואָס ער זאָל זאָגען. ער האָט זי אָנגעקוקט און געדרעהט דאָס היטעל אין האנד.

די אַנדערע קראַנקע האָבען איהם אָנגעקוקט און איהם האָט זיך געדאַכט, אַז אַ גערוך פון פארפוילקייט, פון פארדאָרבענע פלייש, פון שאנדע שטראָמט אויף איהם פון דעם דאָזיגען שלאָף־צימער פול מיט מיידלאך, אַלע קראַנק מיט דער דאָזיגער העס־ליכער, מורא'דיגער קראַנקהייט.

זי האָט געשעפּצעט:

— איך דענק, אַז מיין סוף איז שוין ניט ווייט. דער דאָק־טאָר זאָגט, אַז איך האַלט זעהר שמאָל.

און ווען זי האָט דערזעהן אָן אָרדען אויפ'ן אָפיציער'ס ברוסט, האָט זי אויסגערופען:

— אַך, דו האָסט געקראָגען דעם קרייץ. דאָס פרעהט מיך, דאָס פרעהט מיך זעהר שטאַרק. אַך, ווען איך זאָל דיך קענען אַ קוש טהאָן.

אַ קאַלטער שוידער איז איבער דעם קאַפּיטאַן'ס לייב אריבער פאר אנגסט און עקעל, ביי דעם געדאַנק אָן דעם דאָזיגען קוש. עס האָט זיך איהם געוואָלט אנטלויפען, כאַפּען אַ ביסעל פרישע לופט און ניט אָנקוקען מעהר דאָס דאָזיגע מיידעל. אָבער ער איז גע־בליבען אויף זיין אָרט. ער האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי אוועק־צוגעהן, ווי זיך מיט איהר צו זעגענען. און ער האָט נור געשטאַ־מעלט:

— פאר וואָס האָסטו ניט אַכטונג געגעבען אויף זיך?

— איך האָב ניט געוואָלט, איך האָב זיך געוואָלט מיט זיי

אָברעכענען. ווען עס זאָל מיר אפילו קאָסטען דאָס לעבען. און איך האָב אַן זיי ראַבע גענומען; איך האָב זיי פארגיפטעט, אלע, אלע, וויפיעל איך האָב נאָר געקענט. אלע וואָס זיינען געווען אין רוען. איך האָב גאָרנישט געטהאָן אום זיך אויסצוהיילען.

ער האָט געזאָגט עטוואָס פערלעגען מיט א טאָן פון פערבאָר־גענער פרייד:

— נו, דאָ האָסטו געטהאָן א גוטע זאַך!

און זי האָט גערעדט, ווערענדיג לעבעדיגער און איהרע באַקען האָבען זיך פארדרויטיגט:

— יא, יא, איך האָב גענוג פון זיי אין קבר אריינגעיאָגט. איך זאָג דיר, איך האָב זיך מיט זיי גוט אָבגערעכענט!

ער האָט בלויז געענטפערט:

— איז טאַקע גוט.

דאַן האָט ער זיך אויפגעהויבען.

— איך מוז געהן. פיער א זייגער מוז איך זיין ביים קאַ־לאָנעל.

זי איז געוואָרען צושראָקען:

— דו ווילסט שוין אוועק? אָבער דו ביזט דאָך ערשט נור וואָס געקומען.

אָבער ער האָט געוואָלט אוועקגעהן אונטער אלע אומשטענדען.

—דו זעהסט דאָך, איך בין גלייך צו דיר געקומען. אָבער איצט מוז איך דורכאויס געהן צום קאָלאָנעל.

זי האָט געפרעגט:

— איז עס נאָך אלץ קאָלאָנעל פרונע?

— יא, דער איינענער. ער איז צוויי מאָל געוואָרען פער־וואונדעט.

זי האָט געפרעגט:

— זיינען וועלכע פון דיינע קאַמעראַדען געפאַלען?

— יא. סיינט טימאָן, סאַוואַנגאַט, פּאָלי, סאַפּרעוואַל, ראָ־בערט, דע־קאָורסאָן, פּאַסאָפּיל, סאַנטאַל, קאַראַוואַן, פּאָיוורין זיי־נען טויט. סאַהיל׳ן האָט מען אָרונטערגעשאָסען א האַנד, ביי קאָור־

ווייזיאָן אין א פּוס צושמעטערט געוואָרען און פאקוועם האָט פער־לאָרען די רעכטע אויג.

זי האָט צוגעהערט פול אינטערעס. דאן האָט זי פּלוצים אויס־געשטאמעלט:

— גיעב מיר א קוש, איידער דו געהסט אוועק. מאדאם לאנגלאָיס איז נישטאָ.

און טראָץ דעם עקעל וואָס האָט איהם די ליפּען פּערגליווערט, האָט ער צוגעדריקט זיין מויל צו איהר איינגעפאלענעם שטערן, בעת זי האָט איהם ארומגעכאפּט מיט איהרע ארעמס און פערצווייפעלט געקושט דאָס בלויע געוואנד פון זיין יוניפאָרם.

דאן האָט זי געזאָגט עטליכע מאָל נאָכאנאנד:

— דו וועסט נאָך צו מיר קומען, ניט אמת, דו וועסט ווידער קומען? פארשפּרעך מיר, אז דו וועסט ווידער קומען!

— יא, איך פארשפּרעך.

— ווען? קענסטו קומען דאָנערשטאג?

— יא, דאָנערשטאג.

— דאָנערשטאג צוויי אזייגער?

— יא, דאָנערשטאג צוויי אזייגער.

— פארשפּרעכסטו עס מיר?

— איך פארשפּרעך עס דיר.

— אדיע, מיין ליעבסטער!

— אדיע!

און ער איז אוועק א צומישטער. אלעמענס בליק אין זאאל האָבען איהם נאָכגעפאָלגט, און ער האָט זיין הויכע געשטאלט איינגעבויגען, ווי ער וואלט זיך וועלען קליין מאכען. און ווען ער איז אויף דער גאס ארויס, האָט ער טיעף אָבגעאָטהעמט.

* * *

און דעמזעלבען אבענד האָבען איהם זיינע קאמעראדען גע־פרעגט:

— נו, וואס מאכט אירמא?

ער האָט געענטפערט עטוואס פערלעגען:

— זי האָט געהאט א לונגען ענטצינדונג. זי איז זעהר קראַנק.

אָבער א יונגער לייטענאַנט האָט אין זיינע רייד עפּעס דער־שמעקט, ער האָט זיך אליין גענומען נאָכפרעגען און ווען דער קאפּיטאן איז אויפ׳ן צווייטען טאָג געקומען אין קאַסינאָ, האָט מען איהם דאָרט אויפגענומען מיט העלישען געלעכטער און אלער־ליי גלייכווערטלאַך. אָט דאָס איז געווען די לאַנג ערוואַרטעטע פערגעלטונג.

דערצו האָט מען זיך נאָך דערוואוסט, אז אירמא האָט גע־לעבט א גוטען טאָג מיט די פּרייסען, אז זי איז רייטענדיג אויף א פערד ארומגעפאָהרען מיט א קאַלאָנעל פון די בלויע הוזאַרען איבער׳ן לאַנד, און האָט געהאט צו טהאָן נאָך מיט פיעלע אנדע־רע, אזוי אז אין רוען האָט מען זי אנדערש ניט גערופען, ווי די פּרייסישע פּראָסטיטוטקע.

אכט טאָג נאָכאַנאַנד איז דער קאַפּיטאן געווען דער אָפּפער פון זיין רעגימענט. דורך פּאָטשט האָט ער געקראָגען אלער־ליי גוטע עצות, רעצעפּטען פון ספּעציאַליסטען, זאַגאר מעדיצינען, און פון אויבען אויף די פּאַקעטען איז געווען בעשריעבען ווי עס היילט און פון וואס עס היילט.

און דער קאַלאָנעל, וועלכער האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט געזאָגט מיט אַן ערנסטען טאָן:

— דער קאַפּיטאן האָט געהאט א פיינע בעקאַנטע. איך וועל איהם ווינשען גליק.

אין צוועלף טעג ארום האָט אירמא׳ס א בריעף איהם גע־רופען צו זיך. ער איז געוואָרען א צוקאָכטער, האָט איהם צו־ריסען און ניט געענטפערט.

אין אכט טעג ארום האָט זי איהם ווידעראמאָל געשריעבען, עס געהט איהר זעהר שלעכט און זי וואָלט זיך וועלען מיט איהם זעגענען.

ער האָט ניט געענטפערט.

נאָך עטליכע טעג זיינען אוועק און דער גייסטליכער פון שפּיטאָל איז געקומען צו איהם.

א געוויסע אירמאַ פּאַוואַלין בעשווערט איהם אויף איהר טויט־טענבעט, ער זאָל נאָך איין מאָל קומען איהר בעזוכען.

ער האָט ניט געוואַגט צו ענטזאַגען דעם פּריסטער. אָבער ער איז אוועק צו איהר פול מיט בייזע ראַכע גערדאַנקען, פול מיט געקריינקטער אייטעלקייט, פול מיט בעליידיגטען שטאָלץ.

ער האָט זי געפונען ניט פיעל פערענדערט און האָט געמיינט אז זי מאַכט פון איהם חוזק.

— וואָס ווילסטו פון מיר? — האָט ער געפרעגט.

— איך האָב דיר געוואָלט זאָגען לעבוואָהל. מיט מיר איז אויס.

— הער אויס, דו מאַכסט מיך לעכערליך פאר'ן גאַנצען רע־גימענט. דאָס מוז נעהמען א סוף.

זי האָט געפרעגט:

— וואָס האָב איך דיר געטהאָן?

ער איז געוואָרען בייז, ווייל ער האָט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן, דאַן האָט ער געזאָגט:

— זאָלסט נור ניט דענקען, אז איך וועל קומען אהער זיך צו בלאַמירען פאַר דער גאַנצער וועלט.

זי האָט איהם אָנגעקוקט מיט האַלב צושראָקענע אויגען פון וועלכע עס האָט ארויסגעשיינט דער כעס און געזאָגט:

— וואָס אַזוינס האָב איך דיר געטהאָן? בין איך ניט גע־ווען איידעל אנטקעגען דיר? האָב איך פון דיר ווען עס איז עפּעס פערלאַנגט? ווען ניט דו, וואָלט איך נאָך ביז היינטיגען טאָג געווען ביי טעמפּלער־פּאַפּאָן און וואָלט איצט ניט געלעגען דאָ אין אַזאַ צושטאַנד. ניין, אויב אימיצער קען מיר עפּעס אויפ־ווארפען, ביזטו עס אָבער יעדענפאלס ניט.

ער האָט געענטפערט און זיין שטימע האָט געציטערט:

— איך האָב דיר ניט געמאַכט קיין פאַרווירפע. אָבער איך קען מעהר אהער ניט קומען. ווארים דיין אויפיהרונג מיט די פּרייסען איז געווען אַן אָפענער סקאַנדאַל.

זי האָט זיך היציג אַ זעץ אויף געטהאָן אין בעט:

— מיין אויפיהרונג מיט די פּרייסען? אבער איך זאָג דיר

דאָך, אַז זיי האָבען מיך פאַרגעוואַלטיגט און אַנגעשטעקט. און איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט, אַז איך האָב זיך ניט געלאָזט היילען, ווייל איך האָב זיי אַלעמען געוואָלט פערגיפטען. ווען איך זאָל זיך דאַן ווען לאָזען קורירען, וואָלט עס געווען אַ קליינינקייט. אָבער איך האָב זיי געוואָלט טויטען. און איך האָב זיי געטויטעט, פאַרשטעהסטו שוין?

ער איז געבליבען שטעהן:

— אַ שאַנדע איז עס אויף יעדען פאַל!

די אויפרעגונג האָט זי גענומען שטיקען און זי האָט אויס־גערופען:

— וואָס איז אַ שאַנדע? וואָס איך געה אין קבר, אום זיי צו פערניכטען? ניט אַזוי האָסטו צו מיר גערעדט, ווען דו פלעגסט קומען צו מיר אין דער רו דזשאַ־דע־אַרק. אַך, עס איז ווירקליך אַ שאַנדע! דו מיט דיין עהרען לעגיאָן האָסט ניט אַזויפיעל אויפ־געטהאָן. איך האָב די אויסצייכנונג מעהר פערדיענט, ווי דו. פערשטעהסטו, מעהר ווי דו. איך האָב אַ סך מעהר פרייסען געטויטעט, ווי דו.

ער איז געבליבען שטעהן פאַר איהר ווי אַ צוגעשמידטער צום אָרט און האָט געציטערט פאַר כעס:

— ווערסטו זיין רוהיג... וועסטו אויפהערען רעדען... ווייל אַזעלכע זאַכען... דו ווייסט, איך... איך ערלויב ניט, אַז מען זאָל זיי אָנריהרען.

אָבער זי האָט איהם ניט געהערט:

— איהר, איהר האָט די פרייסען גאַנץ ווייניג שלעכטעס געטהאָן. וואָלט עס געקענט פּאַסירען, ווען איהר וואָלט זיי ניט דערלאָזען, אַריינמאַרשירען אין רועו? איהר האָט זיי געדאַרפט אויפהאַלטען, זיי הינדערן, פאַרשטעהסטו? און איך האָב זיי מעהר שלעכטעס געטהאָן ווי דו. יאָ, יאָ, מעהר, אַ סך מעהר שלעכ־טעס.... און איך מוז דערפאַר שטאַרבען, בעת דו ביזט געזונד און שטאַרק און פרעהלאַך... קענסט זיך אויספּיינען און ווידער אַרומ־לויפען זיך יאַגען נאָך ווייבער.

אין יעדער בעט האָט זיך אויפגעהויבען אַ קאָפּ, און אַלע

אויגען האָבען זיך איינגעגעסען אין דעם מאַן אין דעם יוניפאָרם, וועלכער איז געשטאַנען אַ צוקאָכטער און געשטאַמעלט:

— שווייג, שווייג, הערסטו, שווייג!

אָבער זי האָט ניט געשוויגען. זי האָט געשריען:

— אָה, יאַ, דו ביזט אַ פיינער יונג! איך קען דיך, איך קען דיך, מיין אינגעל! איך זאָג דיר, איך האָב זיי מעהר שלעכטס געטהאָן ווי דו. איך האָב מעהר פון זיי געטויטעט, ווי דיין גאַנ־צער רעגימענט צוזאַמענגענומען. און איצט טראַג זיך אָב, געה, געה פון דאַנען דו... מיאוס'ער פייגלינג...

און ער איז טאַקע אַוועק. ער האָט זיך געלאָזט לויפען מיט לאַנגע טריט צווישעןביידע רייהען בעטען אין וועלכע די קראַנקע זיינען געלעגען און ער האָט נאָך אַלץ געהערט הינטער זיך איר־מא'ס פייפענדיגע, כאָרכלענדע שטימע, וועלכע האָט איהם פער־פאָלגט:

— מעהר ווי דו, יאַ, יאַ, איך האָב מעהר געטויטעט ווי דו...

ער איז געלאָפען איבער די טרעפ פיער טרעפּלאַך אויף אַ מאָל, איז געפלויגען אהיים און זיך דאָרט איינגעשלאָסען.

אויפ'ן צווייטען טאָג האָט מען איהם אָנגעזאָגט, אַז זי איז געשטאָרבען.

